ביכער פון דעם מחבר:

„מערקוריאָזן", 1948

די וועלט איז כעלעם, 1960

ווענט האָבן אויערן, 1968




ווענט האָבן אויערן,
כאָטש מ׳זאָגט: „טויב ווי די וואַנט.״
נאָר ווענט דורכבויערן
ווער אַלץ וואָס וויל ווערן באַקאַנט.

אַרויסגעגעבן פון
ליטעראַריש־טעאַטראַלישן קאָמיטעט
ניו־יאָרק
1968

# אינהאַלט

## ערשטער טייל: הומאָר'ד ערשטער גראַד


ווענט האָבן אויערן ........ 11
די אײזלען פון אַפריקעזשיאַ ........ 12
דער ספינקס דבריט ........ 16
דער קבצן און דער קמצן ........ 19
מיין צעשפּאָלטענע פּערזענלעכקייט ........ 21
לעקציעס פון ד״ר פישל הערינגבײן, דער מאַן ........ 23
די פרוי ........ 25
אונדזער עולם התוהו ........ 27
דייט געזונט ........ 30
וועגן שלום עליכם ........ 32
מענטשן און חיות ........ 34
דער וואָרעם לאַכט ........ 38
מיין זומער־וואַקאַציע ........ 39
מעכטיקער ווי אַלץ ........ 42
כיעל דאָס קיינמאָל ניט פאַרגעסן ........ 43
צווישן יאָ און ניין ........ 47
צאַרטע געפילן ........ 49
סטראַטעגיע ........ 52
נישט געשטויגן נישט געפלויגן ........ 53
וואו ביזטו געוועו ? ........ 57


## צווייטער טייל: פּראָ און קאָן


יידישע גראַמאַטיק ........ 65
דועלאַגן, הרגומענטן און אידיאָטיזמען ........ 66
איך האָב אַ פריינט ........ 86
נישקא ........ 87
קרום און גלייך ........ 103
כשר, פאַרעווע, מילכיק און פליישיק ........ 104

א מענטש דאָרף האָבן פּיס............................................ 107
פון האָרעדענקאָ ביז האָליוואוד........................................ 108
אַלף און בית............................................................ 117
דער שוואַרצער אייזנבער............................................... 118
יאוש .................................................................. 125
צוויי בערג ............................................................ 126
דו ביזט דיין ברודערס היטער.......................................... 140
זלמן קיכאָט און סאַנטשאָ מערקור..................................... 145
די שטאָט פון חלומות.................................................. 158
דער וועג צוריק........................................................ 167
לאָמיר תפילה טאָן...................................................... 176
אַריינגעפאַלן ......................................................... 179
וואו אַ וועג דאָרט אַ ווילן............................................ 186
אויף מיין קאַניאָקל..................................................... 194
*Jewish Theater in America*........................................ 197
דאָס דערמאָנט מיך..................................................... 201





צייכענונגען :

**האָזע באַרטאָלי, באָבי דאָנער, א. ביליס, יעקב לעווין, דזשעק**

**טפּענסער און וו. מ.**

**מאָטל ווייס ; צווייטע צייכענונג פון אותיות : יואל ראָטבערג**

פאָטאָגראַפיעס :

**אַלעקסאַנדער אַרטשער**

פאָטאָ-מאָנטאַזשן :

**משה שטראַסבערג**

צום ליכטיקן אָנדענק
פון מיינע שוועסטער
און זייערע משפחות
וואָס זיינען אומגע־
בראַכט געוואָרן דורך
די היטלער־רוצחים,
ימח שמם וזכרם.

אסתר האָכנער
און משפחה

ביילע האַרט
און משפחה

מאַליע גרובער
און משפחה

# אַריינפיר

דאָס פּירוואָרט האָט אַ פּירפּאַכע כוונה. ראשית נעם איך זיך ניט אונטער צו אַנאַליזירן דעם תוכן סיי פון די הומאָריסטישע טיילן און סיי פון די סעריעזע, דאָס איז דערפאַר וואָס דאָס ערשטע האָט אין זיך ערנסט און דאָס צווייטע האָט אַ סאַרדאָנישן שמייכל, און די מחיצה איז גאָר אַ דינע, אָט פונקט ווי אין לעבן. „וועגט האָבן אויערן" האָט אַן ענלעכקייט אין פאָרם צו מיין ערשטן בוך „מערקוריאָזן" און האָט אויך אַ שפּאָר ביסל כעלעמיזמען ווי אין מיין צווייטן בוך „די וועלט איז כעלעם" און פונדעסטוועגן איז עס אינגאַנצן אַנדערש.

צווייטנס: דער מחבר פון דעם בוך האָט שוין איבערגעזומערט אַ סך ווינטערס און פאַרקערט, אָן שום פאַנפאַרן און יובילעאומס. ער איז שוין איצט אין די יאָרן ווען דאָס גיין אַפילו אויפן גלייכן וועג איז אַן אַנגעשטרענגטער באַרג אַרויף, בפועל ממש, און נישט קיין סימבאָלישער שטייגן אַרויפצו, נאָר ער איז נישט עלטער ווי זיין מינדסטער פינגער. זייער רעאַליסטיש זיינען אויך די קאָסטן און פינאַנצירן דאָס אַרויסגעבן פון אַ בוך און די נאָכפאָלגענישן וואָס צאַפּן אויס יעדן אַטאָם פון נחת, און זיינען מקצר יעדן אָטעם פון פרייד פון אַ נייעם בוך, וואָס קיינער האָט מיך ניט געצוואונגען אַרויסצוגעבן אָדער אָנצושרייבן.

דריטנס: דאָס בוך איז נישט קיין סאָציאָלאָגישע שטודיע, נאָר געדאַנקען פון דעם מחבר וואָס האָט זיך צוגעקוקט און צוגעהערט אַ פאַרגאַפטער צו געשעענישן און עפּיזאָדן אויף זיין וואַנדערוועג הינטער ווענט און פאָרהאַנגען פון דער בינע פון זיין לעבן און פון אַ סך אַנדערע, פון ליכטיקע און טונקעלע געשטאַלטן, פון שעפער שטערער, פון די וואָס קענען אַלע גרודעס אַריבער, וואָס דערגרייכן זייערע צילן אָן אויפרעג און פיבער, פון די וואָס קענען זייערע חסרונות באַוועלטיקן און קענען זייערע שוואַכקייטן פאַרגעלטיקן.

פירטנס: מוז איך, און איך וויל, דאַנקען די וואָס האָבן מיך פאַראינטערעסירט און אינספּירירט אויף אַ פּאָעז־טיוון אָדער נגע־טיוון אופן, נאָר מיין טיפסטן דאַנק גיב איך דעם דיכטער און עסעיאיסט יאָסל קאָהן, רעדאַקטאָר פון בוך וואָס האָט מיך גע־

שטאַרקט און געמוטיקט מיט טרעפלעכע אַרגומענטן וואָס זיינען אַנטשטאַנען צוליב אונדזערע עטנישע מקורות און דער אַנדערשקייט פון יידישן לשון, אָבער דאָס האָט בלויז פאַרשאַרפט אונדזער פריינט־שאַפט מיט אונדזער חוש פאַר הומאָר.

איך וויל אויך ניט פאַרגעסן צו דערמאָנען לזכר דעם שריפט־שטעלער א. אַלמי ע״ה, וואָס האָט פילאָזאָפירט :

„קוק צוריק און דו וועסט אַ זייל פון זאַלץ,
קוק פאָרויס און קענסט זיין אַ זייל פון אַלץ.״

קיין זייל בין איך קיינמאָל ניט געוואָרן, אָבער געקרעפטיקט האָבן מיך אַ צאָל שרייבער און איך וועל דאָ אָפדרוקן דאָס בריוול וואָס דער באַרימטער שריפטשטעלער זלמן שניאור האָט מיר צוגע־שיקט :

ליבער פריינט וואָלף מערקור,

פון אייער בוך „מערקוריאַזן״ האָב איך זיך ניט געקענט אָפרייסן, און איך שטודיר אים נאָך אַצינד.

ערשטנס, אַלס ליבהאָבער פון אַ גוטן און ניט שאַבלאָנעם יידיש, באַוואונדער איך אייערע שפּראַך־איינפאַלן, אויסדרוק־קאָמבינאַציעס, דערפינדערישע קאַלאַמבורן א. אַ. וו.

צווייטנס, אַלס מענטש „מיט אַ שוואַכקייט״ פאַר גוטן הומאָר האָב איך הנאה געהאַט פון אייערע קאַריקאַטורן, פּאַראָדיעס, נאָכמאַכונגען. ווי איר ווייסט בין איך אַליין אַ סך מאָל נכשל געוואָרן פון אַט די ליטעראַרישע און מימישע פאָרמען און געוואונען אַ סך גוטע פריינט און נאָך מער שונאים.

דריטנס, זינט איך האָב זיך אָנגעשטויסן אין „טאָג״ אויף אייערע „מערקוריאַזן״, זע איך אין בוך צום ערשטן מאָל, אַז איר געוועלטיקט איבער אַלע פון דעם סאָרט. שרייבן אין „קאַוזערי״ (אינטימער געשפּרעך) אַזוי ווי אין עפּיגראַם, אין אָפענעם געלעכטער אַזוי ווי אין וואונק, אין ליד אַזוי ווי אין פּראָזע.

ערטערווייז דערמאָנט אייער בוך אין נאַדיר'ן ע״ה. אינעם צוגאַנג צו אַזאַ שטאָף, איז ער, ווייזט אויס, געווען אייער רבי, מיט איין אונטערשייד. וואו ביי נאַדיר'ן ביטערקייט, ביי אייך האַניק; וואו ביי אים אַ נאָדל, ביי אייך אַ גלעט. קורץ, אייער גוטמוט קויפט אונטער. עס איז אַ גרויסע מתנה פון הימל צו קענען פאַרקוקן עוולות, טאַלאַנטלאָזיקייט, שמאָנצעס און פאַרוואַנדלען זיי אין לאַכנדיקע מאַסקעס...

...מילא. וואָס איך ווינטש אייך איז, אַז אייער בוך זאָל זיך געפינען אין יעדן הויז וואו מען האָט ליב אַ יידישן קאַלאַמבור, לאַכנדיקן ליבן הומאָר. אייער בוך אין גוטע הענט און ביים ריכטיקן לייענער, קען ווערן ווי אַ לעבעדיקער „זשאַק״, וואָס וואו מען מישט דאָס אויף שפּילט עס און לאַכט פון זיך אַליין.

אייער זלמן שניאור

צום סוף וויל איך מיט דאַנק דערמאָנען די וואָס האָבן אויס־געשטרעקט זייערע הענט צו מיר : הערי ראָטפּערל, דייוויד קולאָק, אברהם מערקור, מאַקס מערקור, איטשע ראָט און פיליפּ ראָט.

וואָלף מערקור



יעדער פאַרווייל מוז קומען צו אַ גרעניץ,
דער סימן פון סוף איז דער ערשטער גרעניץ.

# ווענט האָבן אויערן

לייג צו אַן אויער צו דער וואַנט פון אַ צווייטן,
דאָס וועט דיר גלייך געבן אַ קאָפּ אַ פאַרדרייטן.
פון יענעמס דאגות, צרות, פּראָבלעמען,
זאָלסטו פאַר זיך אַ משל נאָר נעמען
און בעטן, זיין מזל זאָל דיך ניט באַגלייטן.

ביי דער וואַנט פון אַ דיכטער הער ווי עסטעטיש
וועגן קאָלעגן ער רעדט טעאָרעטיש:
„זיי רופן זיך דיכטער, ס'איז פשוט אַ העזה,
אַלץ וואָס זיי שרייבן איז טרוקענע פּראָזע.
ס'איז ניט פּאָעטיש נאָר פשוט פאַטעטיש."

צו דער וואַנט פון אַ מאָלער לייג צו אַן אויער,
ר'איז איצט אין אַ שטימונג, אינגאַנצן אַ בלויער.
„מיינע ניט־אָביעקטיוון און מיינע אַבסטראַקטן
ריידן קלאָרע דיבורים, קאָלירפולע פאַקטן,
קלאָר און פאַרשטענדלעך אַזוי ווי דער זוהר."

הער ביי דער וואַנט ווי אַ שטערן פון דער בינע
זאָגט מיט אָנשטעל און מאַסקירטער מינע:
„מיך האָט דער עולם מיט אַפּלאָדיסמענטן
געמאַכט פאַר אַ קינסטלער אַן אָנערקענטן,
נאָר די קריטיק פאַרשווייגט מיך מיט שנאה."

צו דער וואַנט פון דעם שרייבער לייג צו אַן אויער.
זיין פנים מיט שטריכן, קיין שטריך קיין גענויער.
ער מיידט אויס ערזאַצן, ער לאַכט פון פּאַיאַצן,
ער טרייבט לצנות זיין האַרץ זאָל ניט פּלאַצן.
מיט קאָמישער מאַסקע פאַרהילט ער זיין טרויער.

# די אייזלען פון אַפריקעזשיאַ

(אַן אַלטע ליגנ־דע אַנדערש פאַרשלייערט)



**אין דעם לאַנד** אַפריקעזשיאַ, צווישן מוראַס און פודאַי, האָט מיט יאָרן צוריק געלעבט אין שוואוילטאָג אַ מעכטיקער פּאַשאַ. ער האָט געהערשט מיט אייזערנע ריטער און ציטער, און מיט מורא פלעגט אים יעדער רופן „פּאַפּאַשאַ״.

פאַר דער מינדסטער גנבה פלעגט ער לאָזן אָפּהאַקן הענט און פאַר גרויסע גנבות פלעגט ער טיילן מענדאַלן און ווערן אַ שותף. אָפּטמאָל האָט ער די גנבים באַשטימט צו הויכע פּאָסטנס אין זיין מלוכה.

כאָטש דער פּאַפּאַשאַ איז געווען שטאַרקער ווי שטאַרק, פלעגט ער שטאַרק ציטערן פאַר רעגנס. אַ טרוקעניש אין לאַנד איז געווען פאַר אים אַ ברכה, כאָטש דאָס איז געווען אַ קללה פאַרן לאַנד. „זאָל אַללאַה פאַר זיי זאָרגן״ האָט ער געזאָגט. אַ תפילה פאַר רעגן איז געווען שטרענג פאַרבאָטן. מען פלעגט אַזאַ מין פאַרברעכער באַגראָבן אין זאַמד ביז צום האַלדז, אים אויסשמירן דאָס פּנים מיט סירופּ, כדי ער זאָל פאַרלעקט ווערן צום טויט פון בינען.

מען פלעגט דעם פּאַפּאַשאַ שמירן מיט בוימל־זאַפט און שמעקענדיקע געווירצן, נאָר וואָסער האָט מען ביז צו אַ מייל פון זיין אויער קיינמאָל נישט געטאָרט דערמאָנען. ער האָט פיינט געהאַט וואַסער אָדער רעגן צוליב זיין נאָז, מחמת זיין נאָז האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן דעם ריח פון וואַסער און נאָך מער, ווייל זיין נאָז איז געווען אַזוי פאַרדרייט אַרויפצעצו, אַז ווען עס פלעגט רעגענען פלעגט זיין נאָז ווערן פאַרפלייצט און פלעגט פאַר־וואַנדלט ווערן אין אַן אַזיערע.

אַללאַה׳ס שטערנזעער, קאָפּמענטשן, חרטומים און חכמים וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט, האָבן איינגעגראָבן זייערע נעזער אין דעם פּראָבלעם פון זיין וואָסערלאָזער נאָז, אָבער זיי האָבן זיך צו גאָרנישט נישט דערגראָבן.

דער פּאַשאַ האָט אויך מעכטיק געהערשט איבער זיין האַרעם פון אַכט און אַכציק אָפּיציעלע ווייבער, זיבן און זיבעציק קעפּס־ווייבער און אַן אַ צאָל אָן־קעפּ־סווייבער. יעדן טאָג פלעגט ער הערן „ס׳קאַצל קומט״ ווען ער פלעגט אַרומפליען אויף זיין דזשעט־טעפּיך, און כסדר פאַרלירן זיין קאָפּ צוליב אַ נייער אשה. אָבער אַ פּאַשאַ אָן אַ קאָפּ איז ערגער ווי אָן אַ נאָז, האָט ער זיי געהייסן די קעפּ אָפּהאַקן, און, ער האָט באַלד געגומען זוכן נייע. אָבער ער האָט קיינמאָל ניט אויפגעהערט צו ציטערן פאַר רעגן.

די בעסטע שטערנזעער, כישופמאַכער און חרטומים, וואָס געלט קען קויפן אָדער אונטערקויפן, האָבן אים איינמאָל גע׳עצה׳ט, ער זאָל אַרומגיין מיטן קאָפּ אַראָפּ, וועט זיין נאָז זיין פון אויבן צוצו. איז אים די עצה געפעלן, אָבער ביים ערשטן רעגנדל האָט ער זיך פאַרנעצט זיין פּאַשעדיקע נאָז, האָט ער דעם גאַנצן געזינדל געוואָלט לאָזן די קעפּ אָפּהאַקן, האָבן זיי אים שנעל געראָטן, ער זאָל זיך איינשאַפן אַ נביא פאַרן וועטער, פאַר דאָנערוועטער, וועט ער תמיד באַצייטנס וויסן ווען עס וועט יאָ רעגענען און ווען ניט.

די עצה איז דעם פּאַשאַ אַריין אין דער נאָז. ער האָט באַפוילן און מען האָט געקראָגן איינעם וואָס איז געווען אויסגעקאָכט מיטן וועטער. וועט ער עס שוין מאַכן אַ טאָלק מיט דער פּאַשעדיקע נאָז.

דער פּאַשאַ איז געווען אַ פלוצימדיקער פאַרשוין. ער פלעגט אַלץ טאָן אָדער ניט טאָן פלוצים. פלוצים איז ער מיד געוואָרן פון זיין צוגעלעגערטן הארעם און פלוצים אַ לעכץ געטאָן נאָך דעם איין־און־איינציקן יונגן ווייבעלע פון איינעם פון זיינע אָרעמסטע גענעראַלן, באָמבאַסאָ בן בולומבאָ. האָט דער פּאַשאַ אים אַוועקגעשיקט מיט אַן אַרמיי צו אָנעקסירן די מדינה פּודאַי, וואו ס׳האָט געהערשט דער סולטאַן טשופּטשיק דער זיבנטער.

גענעראַל בן־בולומבאָ האָט מיט שטאָלץ אָנגענומען די הייליקע מיסיע, און מיט טרומייטן און פּאַנפּאַרן איז ער אַוועק זאָגנדיק צום פּאַשאַ: איך וועל פאַנגען דעם סולטאַן טשופּטשיק דער זיבנטער, און ער וועט ווערן דער לעצטער.

אָבער איידער זיין אַרמיי האָט זיך אַ ריר געטאָן, האָט דער פּאַשאַ גע־שיקט צום סולטאַן אַ שטאַפעט מיט דער מסירה, אַז זיינער אַ גענעראַל האָט מורד בפּאַשאַ געווען און גרייט זיך אים צו איבערפאַלן. — כאַפּ אים און קלאַפּ אים און נעם אים איין, אַ רוח אין זיין טאַטנס טאַטן אַריין.

באַלד נאָכדעם האָט דער פּאַשאַ אָפּגעהאַלטן אַ געהיימע קאָנפערענץ מיט זיין וועטער־נביא און פון אים געקראָגן אַן אונטערגעשריבענע מיגדלעכע פאַרזיכערונג, אַז דער אָוונט וועט זיין אַזוי טרוקן ווי אַן אָפּגעגריזשעטער ביין וואָס אַ הונגעריקע היענע האָט איבערגעלאָזן אין אַ מדבר.

דער מעכטיקער פּאַשאַ האָט זיך געלאָזט אויסשמירן אין פּעטסטן בוימל, זיך גע׳טובל׳ט אין אַ מקוה פון שמעקענדיקע ריחות, זיך אָנגעטאָן די רויטע מיט גאָלד באַצירטע פּאַנטאָפל, אַריינגעקראָכן אין זיינע סאַמעטענע ברייטע תחתונים, אָנגעטאָן אַ טאָגע און אויף דעם אַ פּעלערינע, באַצירט מיט גיל־דערנע בלומען, אַרומגעבונדן זיין פּאַשעדיקן בויך מיט אַ ברייטן גאַרטל, זיך אָנגעטאָן אַ טורבאַן מיט אַ שלייער פון גרין־געלן זייד מיט איידלשטיינער, זיך אויסגעגאָרגלט זיין האַלדז מיט רויזנוואַסער און באַפוילן צו שטעלן פיר פּעסער מיט מעד פאַר זיין פערזענלעכער לייבגוואַרדיע, אַלע אַלטע גוואַר־

דעיצעס מיט אוירינגלעך, און ווען אַלע זיינען שוין געווען טויט־שיכור, האָט ער זיך אַרויסגעגנבעט פון זיין פּאַלאַץ.

זיין האַרץ האָט טערעבענצעט פאַר שמחה. ער האָט אונטערגעהאָפּקעט, באַלד, באַלד וועט ער אַ געגאַס טאָן פון דעם נחת וואָס אַללאַה האָט צוגעגרייט פאַר ניין און ניינציק חלקים צו זיינע גלוביקע און בלויז איין חלק צו די פאַרשאָלטענע הינט פון אַללאַה׳ס ערדקוגל.

אונטערטאַנצנדיק און אונטערהאָפּקענדיק האָט ער אין מיטן וועג באַגעגנט אַ פאַרשלייערטע אשה וואָס האָט געשלעפּט מיט אַ שטריק אַן אייזל, אויף וועלכן ס׳איז געזעסן אַן איינגעמאַרינירטער אַפריקעזשניק.

ווי דער אַפריקעזשניק האָט דערזען דעם טאַנצנדיקן פאַרשוין, האָט ער געזאָגט: „הער אויף צו שפּרינגען ווי אַ באָק. איך ווייס ניט ווער דו בינסט, נאָר פון דיינע בגדי־מלכות׳דיקע מלבושים קענסטו אַפילו זיין דער אַללאַהר־מעכטיקער פאַשאַ, ווייל איך דיך איצטער ראָטן, דו זאָלסט זיך שוין הענדום־פענדום צוריקקערן פון וואַנען דו ביזט געקומען צעגאַנגען, ווייל עס וועט זיין אַ שאָד צו פאַרנעצן אַזעלכע צאַצקעדיקע פלודערן. עס וועט ניט בעמען לאַנג און דער הימל וועט זיך אַ שפּאַלט טאָן. עס וועט באַלד פליוכען מיט דער באַגלייטונג פון דונערן און בליצן. עס וועט גיסן אַזאַ נאַסער רעגן, אַז אַלע דיינע דימענטן וועלן צעשמאָלצן ווערן ווי זאַלץ אין וואַסער. דער גאַנצער צאָרן פון אַללאַה חזיריי וועט זיך אויסגיסן אויף דער זינדיקער ערד און אומגעבונג, ווייל עמעץ וויל ערגעץ באַגיין אַ זינד וואָס איז נאָך ני דאַגעוועזן.״

דער פאַשאַ האָט באַטראַכט דעם אייזל אויף דעם אייזל, אים אָפּגעמאָסטן פון זיין פאַרשימלטן טורבאַן ביז צו די פאַרבלאָטיקטע פיס פון דער אַלטער שלעפּערקע און געזאָגט: „פּוסטאַקי, ניטשעוואָ, דו ביזט ניט בלויז אַן אייזל־דיקער דומקאָפּ, נאָר אויך אַ געמיינער שורקע און ליגנער. איך בין טאַקע דער פאַשאַ, דער מעכטיקסטער פון אַלע פּאַפּאַשאַס. איך בין דער גענעראַלי־סימאָ קעמעל בובדול כאַימישאָסער פון אַפריקעזשיאַ און איך וואָלט דיר געדאַרפט באַפעלן דו זאָלסט זיך אָפּבייסן אַ האַלבע צונג, אָבער דערפאַר וואָס איך גרייט זיך איצט צו אַ וויכטיקער פילאַנטראָפּישער מיסיע שענק איך דיר דיין לוזיק לעבן. מיין וועטער־נביא האָט מיר געגעבן אַן אונטערגעשריבענע מינדלעכע גאַראַנטיע און איינגעלייגט זיין קאָפּ, אַז היינט וועט זיין אַזוי טרוקן ווי עס איז אין דיין מאַרך, דו פאַרך!״

פּלוצים, אין סאַמע מיטן פאַרך, האָט זיך געטאָן אַ פאַרכמאַרע. עס איז געוואָרן שטאָק פינצטער, ווינטן האָבן זיך גענומען יאָגן און בלאָזן ווי די רוחות. אַלע שליוכן פון די וואָלקנס האָבן זיך אָן עפן געטאָן און ס׳האָט אָנגעהויבן צו גיסן אַ טראָפּישער רעגן. די טראָפּנס זיינען געווען ברייט און לאַנג ווי שפּאַגעטי. דער מבול, ווי עס איז געשריבן אין הייליקן קאָראַן, האָט

אויסגעזעצן ווי אַ מקווה קעגן דעם ים מיט וואַסער וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזן דירעקט פון הימל. די נאָז פון פּאַשאַ איז אַזוי פאַרפלייצט געוואָרן, אַז קאַטשקעס וואָלטן דאָרט געווען געקאָנט אַרומשווימען.

אַן אויסגעוויקעטער ווי אַ מאַריגירטער הערינג פון טורבאַן ביז צו די פּאַנטאָפל איז דער פּאַפּאַשאַ צוריקגעלאָפן צו זיין פּאַלאַץ זיך אויסצוטריקענען און אַרומרייניקן, אָבער צוערשט האָט ער גערייניקט אַנדערע. דער ערשטער, אַ קרבן פון זיין פּראָפעסיע, איז געווען דער וועטער־נביא, וואָס האָט באַצאָלט מיט זיין קאָפּ. מען האָט אים בלויז געמאַכט מיט איין קאָפּ קירצער און נאָכדעם דערטרונקען. נאָכדעם האָט דער פּאַשאַ באַפוילן מען זאָל אויפזוכן און תיכף ומיד ברענגען דעם פאַרשימלטן אַפריקעזשניק אויף אַן אייזל און ווען מען האָט אים געבראַכט, האָט אים דער פּאַשאַ אָנגעבאָטן צו ווערן דער ניי׳ער וועטער־נביא פון אַפריקעזשיאַ.

דער פאַרשימלטער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם כבוד. „ניט איך,״ האָט ער געזאָגט, „בין ראוי צו פאַרנעמען אַזאַ הויכע שטעלע אין קאַבינעט. מיין אייזל איז דער חכם און דער גרעסטער נביא. ווען זיינע אויערן זיינען אויפגעשפּיצט, איז טרוקן. קוים נעמען זיי פאַלן, וועט זיכער רעגענען. ווען זיי ווערן שטייף, איז אַ סימן עס וועט נעמען אַ פראָסט, און ווען זיי זינקען איינגאַנצן אַראָפּ, וועט פליוכען און מבול׳ען. אַלץ וואָס איך וואָלט געבעטן איז בלויז אַ פּאָר שטורקאַצן פאַר דער צייט וואָס איך האָב פאַרלוירן, צו קויפן עסן פאַר מיין אייזל און מיין ווייב.״

דער פּאַשאַ האָט דעם פאַרשימלטן באַצאָלט אַ ביליאָן מיט אַכציק מיליאָסן שטורקאַצן פאַר זיין אייזל, אים צוגעזאָגט צו שיקן יעדן טאָג אַ ניי׳ע קעפּסווייב, און אים געשאָנקען אַ פּאַלאַץ.

ער האָט באַשטימט דעם אייזל פאַר דעם נייעם וועטער־נביא און געדונגען אַ סך אַנדערע אייזלען אָנצופירן מיט אַלע שטעלעס פון קאַבינעט. די פינאַנסן ווערן באַלאַנסירט פון אַן אייזל, די אַרבעטער־פּראָבלעמען ווערן דורכגעפירט פון אַן אייזל, די דערציאונג פון אַן אייזל. מלחמה ווערט צוגעגרייט און דורכגעפירט פון אַן אייזל. דער פּאַשאַ פּאַשעט זיין בויך, געניסט די גרעסטע גענוסן, אַרומגערינגלט פון אייזלען.

# דער ספינקס דבּר'ט

אַ יונגער אַלטער חכם,
האָט אויף גלייכע קרומע דרכים
שיר די כּחות אויסגעשעפּט.
קורצע לאַנגע יאָר גע'פּטר'ט,
הויך זיין מוח האָט געפלאַטערט,
ענדלעך זיך צום ספינקס דערשלעפּט.

גענומען די געשטאַלט באַקוקן,
סיי דעם פּאָרנט, סיי דעם רוקן,
אונטן, אויבן, רעכטס און לינקס
און געזאָגט: „ביזט טאַלאַנטירט,
דיין כּישוף האָסטו באַלזאַמירט,
עפן אויף די לעפצן, ספינקס."

„מיט דעם שווייס און בלוט פון שקלאַפן
האָבן פּרעה'כעס דיך באַשאַפן,
אויף אַ זאַמדיק פּוסטער שטרעקע,
מיט הילף פון רע־געץ דיין באַליבטן,
און דעם ריח וואָס־עגיפּטן,
מיט די לעפצן גיב אַ מעקקאַ!"

דער ספינקס גענומען האָט מיט שוואונג,
דרייען הין און קריק די צונג, —
צום חכם באַלד גע'דבר'ט.
פּוסטע פראַזן אָנגעפּלאַפּלט
און געדאַנקען אויסגע'מפּיל'ט,
געפּאָנפּעט און געשליאַבערט:

„טו אַלץ וואָס מ'טאָר ניט,
האָט יצר הרע מיר געזאָגט.
פון זינד האָסטו גאָרניט,
האָט זיך יצר טוב געקלאָגט.
תּמיד זאָלסטו זיין פאַרליבט,
האָט געצערטלט מיך אהבה.

דו וועסט תמיד זיין באַטריבט,
האָט מיך אויפגערייצט די תאווה.
ס'איז ניט נויטיק קיין פאַרשטאַנד,
האָט געוואונקען צו מיר מזל.
ס'עט ניט העלפן קיין טאַלאַנט,
האָט צעיאָמערט זיך שלים־מזל.
פון דיין לעבן מאַך אַ חלום,
האָט מיסטעריע זיך צעלאַכט.
אַלץ איז הבל און הבלים,
האָט קלאָרזין זיך פאַרטראַכט.
אין אמונה זיי דערהויבן,
האָט רעליגיע זיך געבעטן.
לאָז זיך ניט דעם שכל רויבן,
האָט געגומען פרייזין שפעטן.
רק באַנוץ דיין עלנבויגן,
געזאָגט האָט חוצפה, פּרואוו עס.
ניט געשטויגן, ניט געפלויגן,
האָט געבייזערט זיך עניוות.
מאָרגן, מאָרגן, נאָר ניט היינט,
האָט פוילקייט קוים באַוועגט זיך.
רינגל זיך אַרום מיט פריינט,
האָט פּחד אויפגערעגט מיך.
האָב יעדן אידעאַל אין דר'ערד,
האָט צעבושעוועט זיך מאַכט.
פאָכע תמיד מיטן שווערד,
גערעוועט האָט פאַרדאַכט.
גלויבן זאָלסטו נאָר אין זיך,
האָט אמת זיך גע'מוח'לט.
גיי ניט קיינמאָל, תמיד קריך,
האָט פאַלשקייט מיך געשטרויכלט."

דער חכם האָט געטאָן אַ שמייכל,
האָסט אין קאָפּ קיין זעמדל שכל,
אַ ליידיק פּאַס איז דיין פּיסקאַטש.
פּאַר דעם לאַפּיטוט־אָן־קאמען,
האָסטו אָפּגעגעג'ן עקזאַמען.
אויסגעלערנט פּוסטן קוואַטש!

דו ביזט אָנגעפּאַקט מיט יאָרן,
נאָר מער שכל אָפּצושפּאָרן,
ניט געהאָלפן האָט דיר פּטאַה.
דו פאַרמאָגסט אַן אַלטע שוואַכקייט
אָנצופּלאַפּלען אַ סך פּלאַכקייט,
אַזוי האַפּטיק ווי פּעטשאַ.
מאַכסט אינטריגעס, זוכסט זיך צרות, —
סעראפּיס, אפּיס אָדער האָרוס
זיינען דיינע געטער טאַקע.
זיי ליגן אין די פּיראַמידן,
מתים, מומיעס מיט מערידן,
זיי קענען העלפן דיר אַ מכה.

דו ביזט זיך דיין בעסטער שונא,
און ווי אַן אַלטע מיאוסע זונה
גיסטו מיט אַ קראָקאָדיל־געוויין.
מען באַנאַסערט איצט דיין לאַנד,
און מען שטופּט דיר געלט אין האַנט,
נאָר דו וועסט פאַרבלייבן „שטיין."

# דער קבצן און דער קמצן

(אַ פּאַבלהאַפּטע מעשׂה)



מאָל... דאָס איז געווען לאַנג, לאַנג צוריק... נאָר קיינער געדענקט ניט צי דאָס איז געווען לאַנג פּאַר, אָדער לאַנג נאָך, לאַנג לאַנג צוריק... דעמאָלט זיינען געווען צוויי ברידער... צווישן יענע צוויי ברידער, לאַנג, לאַנג צוריק, איז פּאַרגעקומען עפּעס פּלאי־פּלאים, און עס איז שוין די העכסטע צייט, אַז דאָס זאָל פאַרשריבן ווערן לדורי־דורות און אפשר נאָך מער.

די מעשׂה האָט געטראָפן אין צפון פון דרום־מאַגניזשיאַ, וואו עס וואַקסט דער שוואַרצער פעפער. דאָרט אַהינצעצו איז אָנגעקומען אַ רייכער קמצן, וועמען מען האָט באַלד אָנגעהויבן צו רופן, יאָקל פאַרך. מען האָט אים גערופן פאַרך, דערפאַר וואָס ער פלעגט תּמיד אויפשטיין אויף דער לינקער זייט פון זיין געלט. דער נאָמען האָט אים ניט געגעבן קיין כּבֿוד, אָבער אַ סך פּרעסטיזש, מחמת וואָס פּאַר אַ נאָמען, — אַזאַ פּנים. מען פלעגט אויסמיידן גיין אים בעטן אַ טובֿה אָדער אַ נדבֿה, און ער פלעגט צוליב דעם וואַקסן ברייטער ווי לענגער. ס'איז געווען שווער צו דערקענען, נאָר אונטער זיין פאַרגליווערטן פּנים האָט געקלאַפּט אַ האַרץ פון ריינעם גראַניט.

אַהינצעצו, צו דעם צפון פון דרום־מאַגניזשיאַ, צום לאַנד פון שוואַרצן פעפער, האָט זיך מיט אַ צייט שפּעטער, אָבער אויך לאַנג, לאַנג צוריק, דער־שלאָגן זיין ברודער, אַ מולטי־קבצן, וועמען מען האָט גאָרניט און אין ערגעץ ניט גערופן.

ויהי היום, איז געקומען אַ טאָג און נאָכדעם, ווי דער שטייגער איז, אַ נאַכט און די נאַכט איז פונקט געווען די ערשטע סדר־נאַכט, שוין נאָכן אָפּקניידלען און אָפּעסן, ווען מען האָט אויפגעעפנט די טיר אַריינצולאָזן אַ פּראָמינענטן גאַסט, אליהו הנביא, איז פּלוצים צו יאָקל פאַרך אַריינגעקומען אַ פרעמדער אָרעמאַן, פון וועמענס פּנים עס איז געווען צו דערקענען אַז ער קומט פון דלפון־לאַנד, און מחמת ער האָט גאָרניט אויסגעזען ווי אליהו הנביא דאַרף אויסזען, האָט אים יאָקל פאַרך מיט זיינע אייגענע ידים משלח געווען פון הויז.

דער אָרעמאַן האָט זיך אָפּגעווישט דעם מויל, כאָטש פאַרוואָס ווייס איך נישט, ער האָט דאָך גאָרניט ניט געגעסן. דער גאַסט האָט גענומען שטעלן פיס און איז תּיכף אַריין אין הויז פון קמצנ'ס ברודער. דאָרט זיינען געווען ווייניק קניידלעך, האָט מען געקייעט די הגדה און דער פרעמדער דלפון איז אָנגעקומען פונקט ווען מ'האָט געעפנט די טיר פאַר אליהו'ן. באַלד ווי ער

איז אַריין האָט מען אים אויפגענומען מיט גרויס כבוד, מען האָט געפּונצן פאַר אים עסן, ווייך, קאָמפּאָט און כרעמזלעך. ווען מען איז צום סוף פאַרטיק געוואָרן מיטן גאַנצן סדר, האָט זיך דער זאַטער אָרעמאַן אַנט־פּלעקט ווי דער אמת׳ער אליהו און געבענטשט דעם קמצנ׳ס ברודער: „פון הײַנט אָן און ווײַטער זאָל זיך בײַ אײַך אַלץ פאַרטאָפּלען, וואָס נאָר איר וועט צוערשט באַרירן זאָל פון דעם ווערן צוויי מאָל אַזוי פיל, אָן אַ סוף."

ווען אליהו איז אַוועק האָט דער קבצן גלאַט אַזוי אָנגערירט זײַן טלית און אין דערזעלבער רגע איז געוואָרן צוויי טליתים. מיט גאַפּעניש האָט ער באַרירט ביידע טליתים, און עס איז פון זיי געוואָרן פיר און אַכט און זעכצן און צוויי און דרייסיק און פיר און זעכציק און אַזוי ווײַטער און ווײַטער, און ער איז געוואָרן דער גרעסטער טליתים־סוחר סיי אין צפון פון דרום־מאָג־ביזשיאַ, סיי אין מזרח און מערב און אומעטום איבער דער גאַנצער וועלט. ער איז אָבער קיינמאָל ניט געוואָרן צו רײַך, מחמת ער האָט געהאַט אַ סך אַרויסהעלפער, וועמען ער האָט געצאָלט הויכע שכירות, און געטיילט טליתים צוזאַמען מיט גרויסע נדבות.

ווען דער רײַכער קמצן יאָקל פאַרך איז דורך בראָד דערגאַנגען דעם סוד פון זײַן ברודערס עשירות, האָט ער בײַ זיך באַשלאָסן, אַז מען דאַרף זײַן מער אָפּגעהיטן, מער פאַרזיכטיק מיט פרעמדע אָרעמעלײַט. ער האָט זיך גענומען גרייטן אויפן קומענדיקן פּסח. ווען מען האָט געעפנט די טיר איז ווידער אַרײַנגעקומען דערזעלבער אָרעמאַן ווי אין לעצטן יאָר. מיט ברייטקייט האָט אים דער קמצן אַליין אויפגענומען און זיך געערגערט און זיך געשטיקט מיט יעדן ביסן און לעפל זופּ וואָס דער אָרעמאַן האָט באַקומען. דער קמצן האָט זיך געלייגט אין דער לענג און ברייט פון זײַן הסב־בעט און זיך געגעסן פון אַלץ וואָס דער אָרעמאַן האָט געגעסן. צום סוף האָט דער אָרעמאַן זיך אויפגעהויבן און צוגעוואונטשן דעם קמצן, אַז צו וואָס ער וועט זיך צוערשט צורירן זאָל אַלץ ווערן פאַר־צוויי־פלט.

די ערשטע זאַך וואָס דער קמצן האָט געוואָלט באַרירן איז געווען זײַן אַפּותיקאַ, אָבער ער האָט זיך געהיטן פאַר זײַן אייגענער משפחה. ניט געוואָלט מען זאָל אויסגעפינען וואו ער האַלט זײַנע פאַרשימלטע געלטער און אוצרות. ער האָט געהאַלטן ביידע הענט אויסגעשטרעקט און זיך צו גאַרניט צוגע־רירט. ווען עס איז שוין געוואָרן שפּעט אין דער נאַכט און אַלע זײַנען שוין אַוועק פאַרמאַטערטע שלאָפן, איז ער אַוועקגעפאַלן אויפן הסב־בעט מיט אויס־געשטרעקטע הענט. ער איז באַלד אַנדרימלט געוואָרן און זיך בשעת דעם צוגערירט צו זײַן קאָפּ.

און דער פאַרך איז געוואַקסן גרעסער און גרעסער.

מאָראַל: איינמאָל אַ פאַרך — אַלעמאָל אַ פאַרך.

# מיין צעשפּאָלטענע פּערזענלעכקייט

כ׳בין סיי פאַרשייט און סיי ערנסט געבויט, —
צו הומאָריסטן, פּאָעטן קיין ענלעכקייט.
כ׳בין לויט דעם לשון פון זיגמונד פרויד,
אַ טאָטאַל צעשפּאָלטענע פערזענלעכקייט.

איך ווער פאַרטויבט פ ון שטילן רויש,
מיך שטעכן די שמייכל ען פון סימפּאַטיע.
עס מאַכט די מאַכט פו ן ביטערן אַנטויש
מיך זינקען טיף אין ים פון אַפּאַטיע.



מיין קאָפּ צעשפּאָל טן, איז האַלב אויף האַלב,
מיך האָט די קריטיק קיינמאָל ניט דערהעכערט.
זי האָט געפּליוכעט גאַלאָנען מיט זאַלב
אויף קעפּ וואָס זי ה אָט מיט שבחים געלעכערט.

אין שפּיגלען וואָס פּ אַרגרעסערן אַ סך,
האָב איך קיינמאָל פון זיך ניט געקוואָלן, —
דער פּשוטער שפּיגל ג יט מיר ניט קיין שבח,
מיין קאָפּ איז צעשפּאָל טן נאָר ניט געשוואָלן.

מעגלעך איך בין נאַרצי זיסטיש געשטימט,
עס אַרבעטן פאַלש ביי מיר די רעפלעקסן,
און כ׳האָב זיך אַליין מאַזאָכיסטיש פאַרגרימט,
פון מיינע סופער און מינדערוויכט קאָמפּלעקסן.



# לעקציעס פון דר. פישל הערינגבּיין

(6 לעקציעס פון ד״ר פישל הערינגבּיין, געהאַלטן אין פאַלקס־נערוועזיטעט)

## דער מאַן

מיין היינטיקע לעקציע וועט ניט זיין קיין אינסולירטער אייסאַדענט, איך מיין אַן איזאָלירטער אינצידענט, נאָר אַ טייל פון מיין פילאָזאָפיע וועגן בענטשלעכן מאַשעפעניש, איך מיין מענטשלעכן באַשעפעניש. איך מיין: „מאַן", ניט מענטש, נאָר מאַן. ווייל מאַן איז ניט קיין מענטש, נאָר אַ באַשעפעניש אַן לשון. ער שווייגט, נאָר ער רעדט כסדר וועגן דעם. ער רעדט תמיד ווען ער האָט ניט וואָס צו זאָגן. מאַן איז אויך באַקאַנט אונטער אַנדערע נעמען אָדער סינאָנימען: למך, פאַנטאָפל, לעמעשקע, כאַלעריע, וויסטע כאַלעריע, גזלן, רוצח, גרויסער פאַרדינער, ווילדע בריאה, פערד, אייזל, צעלייגער, גרויסער צעלייגער, אָקס, חזיר. די וויסנשאַפט וואָלט זיך באַדאַרפט ווייניקער אָפּגעבן מיט דעם אָנהויב פון זיין באַשאַף און זיך מער אינטערעסירן מיט וואָס זיין סוף וועט זיין.

באַלד פון ערשטן מאַן אָן, שוין פון אדם הראשון, האָבן זיך אָנגעהויבן זיינע צרות. וואָלט אדם געווען געשטאָרבן מיט אַלע זיינע ריפּן, וואָלט היינט ניט געווען ווער עס זאָל אים רופן די אַלע נעמען.

יעדער מאַן לויפט נאָך יעדע פרוי. ער איז גליקלעך ווען ער לויפט איר נאָך, און זיינע צרות הויבן זיך אָן ווען ער כאַפּט זי. ער האָט זיך געלעבט גן־עדנ׳דיק אין גן־עדן... איז עס אים געוואָרן נודנע, האָט ער זיך באַשאַפן אַ חוה, און עס איז אים געוואָרן פאַסקודנע. זי, חוה, האָט זיך באַלד אַ נעם געטאָן צו מאַכן פון אים אַ לייט, און די ערשטע אויפטואונג וואָס זי האָט באַוויזן אויפצוטאָן איז, אַז מען האָט זיי ביידע אַרויסגעוואָרפן פון זייער דירה. פון דעמאָלט אָן קען ער מיט איר ניט הויזן, לאָזט ער זי טראָגן די הויזן. ער האָט מסכים געווען צו ווערן די ערגערע העלפט און זי די בעסערע העלפט, נאָר דאָס העלפט ניט.

אַ סך חכמים האָבן שוין געפאָרשט דעם ענין „מאַן", נאָר פון מיין היינ־טיקער לעקציע וועט איר גאָרניט ווערן קליגער. פאַראַן מענער וואָס ליידן פון פסיכאָ־סעמאַטישע קרענק, איינגערעדטע קרענק. מיינער אַ פּאַציענט ליידט שטאַרק פון אַן איינגערעדטער קרענק. ער האָט איר איינגערעדט זי זאָל מיט אים חתונה האָבן. דער מאַן וואָס איז גליקלעך אין ליבע איז ניט דער וואָס קריגט די פרוי — נאָר דער וואָס קריגט דעם וועג. יעדער מאַן האָט ליב צו זוכן מיסטעריעס, נאָר אַזוי שנעל ווי ער געפינט אויס די מיסטעריע פון זיין

פרוי, בלייבט אים שוין גאָרניט מער וואָס צו געפינען — סיידן אַ צווייטע פרוי. דאָס רעדל דרייט זיך און ער דרייט זיך אַריין און אַרויס, פאַרדרייט זיך, און ער האָט ווידער חתונה. ער האָט ווידער חתונה כדי זיך צו פאַרגרינגערן דאָס לעבן און ער שלעפּט אויף זיך ווידער אַרויף דעם שווערסטן יאָך.

יעדער מאַן האַלט שטאַרק פון זיין בעסטן פריינט. ווען ער קוקט אַריין אין שפּיגל זעט ער זיין פריינט. ער דאַרף האָבן אַ פריינט פּונקט ווי ער דאַרף האָבן אַ פרוי, זיין אייגענע, אויב מעגלעך. די סטאַטיסטיק באַווייזט, אַז יעדע פינפטע פּאָרל ענדיקט זיך מיט אַ גט. די אַנדערע פיר קעמפן ביז צום סאַמע סוף.

ביז אַ מאַן ווערט אַ מאַן איז ער צוערשט אַ ייִנגל, אַ קדיש, אַ בר־מצווה־בחור, אַ חתן־בחור, אַ דערוואַקסענער, אַן אַלטער בחור, אַ בחור אין די יאָרן, אַן אַלטער שקראַב, אַ צעבראָכענער שאַרבן, אַן עובר־בטל. אָבער ווען ער האָט חתונה הויבט ער אָן צו לעבן און ווערט אַ מאַן, אַ חתונה־געהאַטער, אַן אויס־געגעבענער, אַ פאַרשלייערטער, אַ פּרנסה־געבער, אַ באַמאַנעמעניש, אַ ייד מיט קינדער, אַ ייד מיט אַ בייכל, אַ זיידע. ווען ער האָט חתונה ווערט ער דער הויפּט פון דער משפּחה, דער קאָפּ. יעדער קריכט אים אויפן קאָפּ: זיין ווייב, זיין שוויגער, זיין שווער, זיינע קינדער. ער ווערט אַ קאָפּ מיט קאַפּווייטיק.

פרויען האָבן אַ טבע צו ענדערן זייערע מיינונגען, דעריבער זיינען זיי תמיד פרישע. מענער ענדערן אויך זייער מיינונג, חוץ דער מיינונג וואָס זיי האָבן וועגן זיך. יעדער מאַן האָט אַ האַרץ. ער מוז האָבן אַ האַרץ כדי צו האָבן וואָס צו פאַרלירן אָדער צעברעכן. ער האָט תמיד ליב פון דער טיפעניש פון זיין האַרץ, אָבער אויבן איז דאָ גענוג פּלאַץ פאַר אַנדערע פרויען. פאַראַן מענער וואָס זיינען ציניקער, זיי האַלטן אַז קיין זאַך וואָס אַ פרוי זאָגט אַרויס העכער ווי אַ שושקע איז ניט כדאי צו הערן. דער מאַן וואָלט געקענט לעבן אַ סך לענגער ווי ער לעבט, ווען עס זאָל זיך אים ניט גלוסטן דאָס, צוליב וועלכן ער וויל לעבן. פאַראַן מענער וואָס האָבן אַ גוט אויג. זיי דאַרפן ניט קיין גלעזער, זיי טרינקען פון דער פלאַש, זיי האָבן ליב טרינקען. דאָס דאַרף שטאַרק אָפּגעשאַצט ווערן פון פרויען, ווייל נאָך עטלעכע זופּ ווערט יעדע פרוי אַ קראַסאַוויצע. מערסטע מענער טרינקען צו פאַרגעסן, אָבער זיי פאַרגעסן ווען אויפצוהערן טרינקען.

די פּסיכאָלאָגיסטין פּערל גרויפּן, האָט פאַרגעשלאָגן אַ געניאַלן פּלאַן ווי אַזוי דער מאַן זאָל טרינקען און זיין פרוי זאָל אויך הנאה האָבן פון דעם. דער פּלאַן איז, אַז יעדער מאַן זאָל האָבן די פרייהייט צו טרינקען אין זיין אייגענער היים, נאָר פאַר יעדן גלעזל זאָל ער באַצאָלן זיין פרוי פופציק סענט. דאָס איז אַ סך ביליקער ווי אין שענק. אַזוי ווי יעדעס פלעשל האָט זעכציק גלעזלעך, וועט זי קריגן דרייסיק דאָלאַר. מיט דעם געלט וועט זי קריגן

נאָך פלעשער און אַזוי אַרום וועט זי פאַרבינדן אין אַ קניפּל, אָדער אַריינלייגן אין אַ באַנק אָן אוצר מיט געלט. ווען ער וועט ענדלעך ליקווידירט ווערן, וועט זי האָבן אַ היפּשע צאָל מיט טויזנטער און זי וועט ווידער קענען חתונה האָבן מיט אַ לייטישן מאַן, ניט אַזאַ שיכור ווי דער ערשטער טריפהנער גאַרגל.

איך וועל איצט מאַכן אַ סוף צו מיין לעקציע מיט אַ קורצער פּאָעמע:

„אַן אַלטע מאַלפּע האָט ערגעץ אין אַזיע,
געזאָגט צו מאַלפּעס: ס'איז ניט קיין פאַנטאַזיע,
איך קען זען אַ סך דורות פאַרויס,
עס וועט פון מאַלפּעס נאָך אַרויס
אַ מאַן אַ פּראָפעסאָר פון אַ גימנאַזיע."

# די פרוי

(2טע לעקציע פון ד"ר פישל הערינגביין)

**אין דער היינטיקער צייט** פון צעשפּאַלטענע אַטאָמען, צעשפּאַלטענע פּערזענלעכקייטן, צעשפּאַלטענע אידעאַלן און צעשפּאַלטענע קעפּ און מחות, קען יעדע זאַך אַנאַליזירט ווערן לויט די כללים פון פיזיאָלאָגיק, ביאָלאָגיק און אָן לאָגיק. אויך לויט אירע עטישע, סינטעטישע, מאַגנעטישע, קאָסמעטישע און פּאַטעטישע אייגנשאַפטן.

די זאַך וואָס מיר וועלן היינט אַנאַליזירן איז די פרוי. מיר וועלן זי מאַכן אַזוי פאַרשטענדלעך ווי מעגלעך, כאָטש דאָס איז אוממעגלעך. כמעט אַלע עלעמענטן מיט וועלכע וויסנשלאַפטער האָבן זיך אַ צייט אָפּגעגעבן, זיינען איצט שוין קלאָר און דייטלעך, אָבער די פרוי, מיט וועלכער מען גיט זיך שוין אָפּ זינט בראשית, איז נאָך אַלץ פאַרהילט, געהיים, פאַרבאָרגן, און לאָזט זיך ניט אויפקלערן. אמת, זי רעדט אַ סך, אָבער קלוגער קען מען פון דעם ניט ווערן.

כעמיש איז זי דינאַמיט, וואָס טי־ען־טי, אַטאָמישע קראַפט, ניטראָ־גליצערין זיינען קיי־און־שפּיי קעגן איר. איר טעמפּעראַמענט איז די שטאַרקסטע עקספּלאָזיווע קראַפט וואָס די וועלט פאַרמאָגט. זי האָט די אייגנשאַפטן זיך צו היצן דורך גאָרניט.. זי קען זיך קאָכן, זידן, ברענען און פלאַקערן. איר מויל איז אַ פלאַמענוואָרפער וואָס קען פאַרניכטן, מאַכן צו אַש. זי קען אויך אין דער נעקסטער רגע זיין רואיק, געלאַסן און אַזוי פלעגמאַטיש אַז עס זאָל פון איר ווייען אַ זאַווערוכע און מען זאָל פון איר קריגן די אַזיאַטישע פלו.

זי האָט באַציאונג צו גאָלד, זילבער, פּלאַטין, איידלשטיינער און מענער. זי ציט זיי צו. זי האָט אַ טבע זיך אויפצושטורעמען ווען מען לאָזט זי אַליין, אָדער מען איגנאָרירט זי. דעמאָלט ווערט זי גרין און געל און ברוין און בלוי, און ווען מען פאַרגלייכט זי מיט אַ שענערער אָדער יינגערער פון איר, ווערט

זי אַ שטורעם, אַ טאָרנאַדאָ, אַ ציקלאָן, אַ טאַיפון. זי שטרענגט זיך אָן אַריבער־צושטייגן די נאַטור און נוצט כעמישע עלעמענטן זיך צו מאַסקירן איר פּנים און ענדערן אירע האָר אויף אַלע מיתה־משונה׳דיקע קאָלירן.

זי קען פאַרשלינגען אַ סך עסן און געבן איר מאַן אַ סך מער ווי ער קען אַראָפּשלינגען. זי קען ליקווידירט ווערן פון איין זופּ משקה.

מיט איין גלעט פון איר הענטל איבער די האָר אָדער פליך פון אַ מאַן, קען זי אים אַזוי פאַרדרייען דעם קאָפּ, ער זאָל אים פאַרלירן צוזאַמען מיט זיין האַרץ. מיט אירע אייגנשאַפטן קען זי באַווייזן ער זאָל אַרומגיין אָן אַ קאָפּ, אָן לייב און לעבן, אָדער עס זאָל אים ווערן ליכטיק אין די אויגן. ווען אירע אויגן נעמען בליצן קען אים ווערן פינסטער אין האַרצן.

אירע עלעקטראָנישע מעלות ווירקן שטאַרקער און שנעלער ווי דער טעלעגראַף, ווי ראַדיאָ און טעלעוויזיע. זי קען צעטראָגן רכילות אַ סך שנעלער. אירע אינסטינקטן אַרבעטן בעסער ווי ראַדאַר, ווי גאַיגער־אינסטרומענטן אָדער ליגן־מאַשינען. זי קען הערן וואָס מען האָט קיינמאָל ניט געזאָגט. זי קען דערשפירן צי מען האָט אין זיך פונקען פון ליבע און ווייסט ווען מען זאָגט דעם אמת, אָבער דאָס לעצטע טרעפט זייער זעלטן. זי איז אויך אַ וועטער־נביא, צי וועט ער מיט איר חתונה האָבן, צי וועט ער ניט.

מעדיציניש איז זי זייער גוט פאַר אַ געפאַלענער שטימונג און מאַטעריעל איז זי דער בעסטער תירוץ פאַר רעדוצירטע שטייערן. בלויז זי אַליין קען ניט רעדוצירן; זי קען אַלץ, נאָר פאַרלירן קען זי ניט.

פון דער פריסטער יוגנט ווערט זי צוגעצויגן פון ייִנגלעך און ווען זי וואַקסט אונטער, ציט זי צו זיך מענער. זי ווערט קיינמאָל ניט עלטער. פאַראַן מאַמעס וואָס זיינען אַזוי יונג ווי זייערע טעכטער. די בעסטע קאָמפּיוטערס, רעכנמאַשינען און די גרעסטע מאַטעמאַטיקער ווערן קאַליע ווען זיי מאַכן חשבונות וועגן דער פרויס יאָרן. דאָס בלייבט תמיד אַ סוד. אין אומדערפאַרענע הענט איז זי אַ גרויס געפאַר. זיי טאָרן זיך צו איר ניט צורירן.

זי געפינט זיך תמיד וואו מענער זוכן. זי וואַקסט אויס וואו מען האָט זי ניט פאַרזייט און וואו מען דאַרף זי ניט. מיט איר טעכניק ציט זי פריער אָדער שפּעטער צו אַ מאַן און דעמאָלט באַשאַפט זי אַרום זיך אַן איבדזיל אַרומגערינגלט מיט אַ ים פון הוצאות, אַרגומענטן, גריזאָטע און הויזפריינט. זי קען תמיד פאַרנוצן אַ סך מער ווי דער ער ברענגט אַריין.

זי איז אַ קאָמפּאָזיציע פון נערוון, תמיד אָנגעצויגן צום פּלאַצן. זי איז מוזיקאַליש און שפּילט אויף איר מאַנס נערוון. אירע שטאַרקסטע וואָפן מיט וועלכע זי פאַרטיידיקט זיך, אָדער אַטאַקירט, זיינען טרערן און חלשות. די קראַפט פון אירע טרערן איז מעכטיקער ווי די ניאַגראַ וואַסער־פאַלן. זי האָט אין זיך די כעמישע קוואַליטעט צו פאַרוואַנדלען געלט אויף קליידער, מאַנטלען,

היט, ענגע הויזן, שיך, שמאָכטעס, בייטלען, פּאַרפומען, שירעמס, גאַרטלען, האַנטשו. דאָס דאַרף זי האָבן כדי זיי פאַרלירן וואו זי שטייט און גייט.

זי אַרבעט אויף ספּרוזשינעס און די שטענדיקע עקספּלאָזיעס און די צוזאַמענשטויסן פון אירע געענדערטע מיינונגען, פאַרוואַנדלען אירע האָר אין אַן עלעקטרישער און מאַגנעטישער דינאַמאָ־מאַשין.

זי האָט שטאַרק ליב פייגל און חיות, קעץ און הינט און מאַלפּעס. זי האָט אויך ליב אָפּגעשונדענע פוקסן, פּערסישע לעמעלעך, מינקס, סויבלס, טשיב־טשילאַס, שטרויספויגלען און פּאַוועס. אַ צער־בעלי־חיים׳ניצע.

איר טעם איז ביטער, זיס, איר קוש איז ווי מאַנדל־זאַפט. זי איז זויער און קרעפּקע, ווייניק און געשמאַק. זי איז ניט איינצובייסן און ניט אַראָפּצו־שלינגען. זי קען מאַכן דעם טויט און זיין אַ חיות; מען קען זיין מיט איר און אָן איר, נאָר ערגער איז אָן איר, אָדער בעסער. איך האָב נאָך ניט געהעריק אַנאַליזירט דעם אָביעקט. כמעט יעדע איינע איז אַן אלמנה. זי האָט איר מאַן אין דר׳ערד.

צווישן אַלע געשלעכטער איז זי דער בעסטער געשלעכט און גאַרנישט שלעכט, און תמיד גערעכט.

## אונדזער עולם התוהו

(3טע לעקציע פון ד״ר פישל הערינגביין)

**דאָס וואָרט מיטאָלאָגיע** האָט אַ העברעאישן שורש. מיטאָלאָגיע קומט פון וואָרט „מיטה״. די גאַנצע גריכישע מיטאָלאָגיע איז באַשאַפן געוואָרן אין מיטה. אַלע „מוזן״ האָבן געוואוסט אַז זיי מוזן און „זעאוס״, דער הויפּטגעטש, האָט מיט ליבע מזכה געווען אַלע געטינס. — הכלל, מיטה־לאָגיע.

דאָס וואָרט פּתיחה־לאָגיע איז אויך אויסגעבאָרגט געוואָרן, אויך פּתיחה־פּאַטיע. קליינע קינדער האָבן היינטיקע צייטן אַ סך מער וויסן ווי זייערע טאַטע־מאַמע האָבן ווען עס איז געוואוסט, אָדער ווען עס איז וויסן. יעדער מענטש כמעט, אָדער כמעט מענטש, ליבידאָ׳ווערט און ליידט פון דער פּתיחה־סעמאַטישער חולאת. דעריבער דאַרף מען זיך היטן, אַז פּתיחה־דעליע זאָל אייך ניט געבן קיין פּריטשמעליע.

פּתיחה־סעמאַטישע קרענק זיינען איינגערעדטע קרענק. פון דער חולאת ליידן אַקטיאָרן, פּאָעטן, דראַמאַטורגן, מוזיקער, מאָלער, חזנים, פּאָליטישנס און שלייקע־פּאַבריקאַנטן.

כדי זיך צו ראַטעווען האָב איך געשאַפן אַ סיסטעם ווי אַזוי איר וועט זיך אַליין קענען ראַטעווען. מיין סיסטעם רופט זיך פ׳שמחה־לאָגיע, און איז באַזירט אויף אַן אַלטער יידישער רעטעניש: „וואַסער אַרום און אַרום און אינמיטן איז

פריילעך.״ דער ענטפער איז: „שמחה שטייט אין אַ מקווה.״ איצט קומט דער אַנאַליז:

קודם כל הייסט איר ניט שמחה, נאָר טאָמער יאָ, איז וואו איז די שמחה? אין אונדזער טעלעוויסטער, ראַדיאָטישער, נודאָטישער וועלט, ווערט מען פאַרפאַלגט פון קאָפּעליעס מיט פּסיכעדעלישע, פרוסטרירטע באָבערדלטע יונגע און ניט אַזוי יונגע עפּיסן.

אין אַ פּתיחה־סעמאַטישער שעה האָב איך צוזאַמענגעשטעלט מיין סיסטעם וואָס האָט צוואַנציק קשיות, וואָס יעדער איינער קען זיך אַליין פאַרקאָכן. נאָך יעדער קשיא שטעלט אַוועק אַ „יאָ״ אָדער אַ „ניין״. שטעלט אַוועק די ענטפערס און איר וועט זען ווער איר זענט. זייט קאָנסעקווענט און שוועבט ניט צווישן יאָ און ניין.

1) אויב איר גייט אַרום אָן אַ קאָפּ, ווי לאַנג קענט איר אַזוי אַרומגיין און עס זאָל אייך אַפילו ניט קומען אויף דער מחשבה אַז ער פעלט אייך? (יאָ) (ניין)

2) האָט איר אַן ערנסטן פּנים, צי זעט איר בלויז אויס לעכער־לעך ווען איר זענט ערנסט? זיינען אייערע שוד־בענדלעך געפרעסטע? (יאָ) (ניין)

3) האָט איר כסדר אַ שמייכל אויף אייער פּנים, צי בלויז ווען עס קוועטשט אייך אונטערן לעפּעלע? (יאָ) (ניין)

4) ווען אייער פּנים דריקט ניט אויס קיין שום עמאָציע זעט איר אויס מענטשלעכער? (יאָ) (ניין)

5) ווען איר שפּרינגט אַמאָל אַרויס פון די האַלאַבליעס, ווען איר קריכט אַרויס פון די כלים, ווי לאַנג נעמט עס אייך צוריק־צושפּרינגען אָדער צוריקצוקריכן? (יאָ) (ניין)

6) ווען איר רויכערט מאַראַוואַנאַ, מאַכט דאָס אייך אַרומ־בלאָנדזשען אין עולם התוהו? זענט איר אַמאָל געווען אין תוהו ובוהו? וויפיל קאָסט אַהינצופאָרן? האָט איר דאָרט געוואָלט פאַרבלייבן? (יאָ) (ניין)

7) פילט איר זיך ניט אין דער היים אין דער היים? (יאָ) (ניין)

8) קענט איר זיך בלאָזן ווי אַן אינדיק, זיך גוידערן ווי אַ בהמה, זיך קעכלען ווי אַ קאַץ? (יאָ) (ניין)

9) ווייסט איר ווער עס האָט אייך געשלייערט? (יאָ) (ניין)

10) ווען איר וואַרפט אַ בליק אין שפּיגל, דערשרעקט איר זיך פאַר אייער אייגענעם פּנים? (יאָ) (ניין)

11) האָט איר הנאה וואָס די מאַמע האָט אײַך געהאָט? (יאָ) (ניין)

12) האָט איר אַמאָל געמאַכט אַ קאַרדינאַלן טעות, ווי חתונה האָבן? (יאָ) (ניין)

13) האָט איר אַמאָל דורכגעמאַכט אַ סטיכישן פּראָצעס, ווי אַ גט? (יאָ) (ניין)

14) ווען איר רעדט צו עמעצן, זאָגט איר עפּעס? ווייסט איר אַ סך וועגן גאַרניט, אָדער ווייסט איר גאָרניט וועגן אַ סך? (יאָ) (ניין)

15) האָט איר אַ פילאָזאָפיע, אָדער האָט איר אַ ווײַפילאָזאָפיע? (יאָ) (ניין)

16) ווען איר לאַכט, לאַכט איר מיט יאַשטשערקעס? ווען איר וויינט, וויינט איר מיט ציבעלע, צי מיט קראָקאָדיל־טרערן? (יאָ) (ניין)

17) האָט איר אַמאָל געטראַכט טיפע הויכע געדאַנקען אָן אַ קאָפּ־ווייטיק? (יאָ) (ניין)

18) זענט איר אַ פאָזע־טיוּוער אָדער אַ נגע־טיוּוער פּישוין? (יאָ) (ניין)

19) אויב איר ליבידאָ׳וועט און איר ווילט ענדערן אײַער עגאָ, בלײַבט איר מיט אײַער „אַלטער־עגאָ״? (יאָ) (ניין)

20) אויב איר ווייסט ווי אַזוי מען קען ראַטעווען די וועלט, פאַר־וואָס קענט איר זיך אַליין ניט געבן קיין עצה? האָט איר נאָך אײַערע ציין אין מויל, אײַערע אייגענע האָר? האָט איר נאָך גיגאַנטישע אילוזיעס? האָט איר וויסטע חלומות? (יאָ) (ניין)

און ווי אַ צוגאָב נאָך איין קשיא: פאַרוואָס רופט מען קרעפּלעך קרעפּלעך?

איצט מאַכט דעם חשבון. אויב איר האָט 20 יאָ׳ס, זענט איר גלאַט אַ נודניק; און טאָמער האָט איר 20 ניינ׳ס, דאַרף מען אײַך אַרומפירן אין אַ שטייג, אַז יעדער זאָל זען דעם וואונדער. טאָמער האָט איר 15 יאָ׳ס, זענט איר אַ ריזיק שרעטעלע. טאָמער 15 ניינ׳ס, זענט איר אַ גיגאַנטישער ליליפּוט און איר מעגט זיך באַרימען — איר טוט דאָך דאָס במילא. טאָמער האָט איר בלויז 10 יאָ׳ס, איז דאָס בעסער ווי אַ מכה אין האַלדז. טאָמער 10 ניינ׳ס, מעגט איר נוצן חלשות־טראָפּנס. טאָמער האָט איר בלויז 7 יאָ׳ס, זייט ניט געפאַלן ביי זיך, אַ בהמה איז אויך אַ באַשעפעניש. טאָמער 7 ניינ׳ס, טוט זיך אָן אַ מאַסקע. אַ סך מענטשן טוען דאָס און זיי זעען אויס מענטשלעכער. טאָמער האָט איר גאַרניט, ניט קיין יאָ׳ס און ניט קיין ניינ׳ס, איז מעגלעך איינס פון צוויי זאַכן, אָדער איר האָט מורא געהאַט צו פאַרשרייבן, אָדער איר ווילט ניט וויסן ווער איר זענט, אָדער איר זענט זיכער אַז איר זענט אַ נאָרמאַלער מענטש און מען דאַרף זיך היטן פון אײַך. טאָמער האָט איר בכלל זיך ניט צוגעהערט צו מײַן לעקציע, איז אַ סימן אַז איר האָט אָן אָפענעם מוח און איר מעגט האָבן אַ לאָך אין קאָפּ, איר וועט זיך זיכער עלטערן, נאָר ניט ווערן אַלט.

# זייט געזונט

(4טע לעקציע פון ד״ר פישל הערינגביין)

**יעדער מענטש** דאַרף זיך היטן ס׳געזונט מיטן חיות מיטן גאַנצן לייב און לעבן. ער דאַרף זיך מאַכן כללים צום לעבן און אַ לעב צו טאָן. דאָס לעבן איז אַן אייביקער קאַמף כדי פּרנסה און געלט זאָלן אַריינפאַלן און די האָר און די ציין זאָלן ניט אַרויספאַלן.

דאָס ערשטע דאַרף מען זיך היטן פון געכאַפּטע זאַכן. מען מעג כאַפּן אַן עראָפּלאַן, כאַפּן אַ באַן, כאַפּן אַ שיף, כאַפּן אַ גמילות־חסד, אָבער מען דאַרף ניט כאַפּן קיין פאַרקילונג, קיין פלו אָדער אַ קאַטאַר. נאָר טאָמער יאָ, זאָלט איר דאָס קיינמאָל ניט דערציילן אייערע פריינט, ווייל זיי וועלן אייך וועלן אויס־היילן מיט רפואות וואָס זיי ווילן אויף אייך עקספּערימענטירן. אויב איר האָט אַ גוטן דאָקטאָר, האַלט זיך מיט אים ביז ער וועט שטאַרבן.

קודם כל דאַרפט איר אויפהערן אָטעמען מיטן מויל און מיט דער נאָז. די צוויי זיינען די טויערן דורך וועלכע עס קומען אַריין אַלע חולאת׳ן. דורך זיי כאַפּן זיך אַריין מגפות. דורכן מויל כאַפּן זיך צוריק אַרויס די גרעסטע נאַרישקייטן, אַז איר זאָלט בלייבן אָן אַ נאָז. אַ שיין פּנים וועט איר האָבן אָן אַ נאָז. קוים האָט איר שוועריקייטן מיטן אָטעמען, רופט אַ דאָקטאָר, וועט ער באַלד אָפּשטעלן דאָס אָטעמען.

מיידט אויס מענטשן, טרעפט זיך מיט וועמען איר ווילט, נאָר ניט מיט קיין מענטשן. צווישן מענטשן קענט איר זיך נאָך צוזאַמענטרעפן מיט איינעם אָדער צוויי וואָס איר זענט שולדיק געלט. איר קענט זיך נאָך חלילה צוזאַמענ־טרעפן מיט פּאָעטן וואָס וועלן וועלן לייענען פאַר אייך זייערע לעצטע לידער. איר דאַרפט אויך תמיד אויסמיידן אייערע שונאים... דער בעסטער אופן אויסצומיידן שונאים איז זיי אַריבערלעבן... דער בעסטער אופן אויסצומיידן מענטשן איז צו פאַרשפּרייטן אַ קלאַנג, אַז איר זוכט צו באָרגן געלט.

שלאָפט. כאַפּט אַ דרימל. פאַרגעסט אויפצושטיין. טאָמער וויל אייך אייער פרוי אויפוועקן, זאָגט איר זי זאָל אַוועקגיין, איר היט זיך פון אַ מגפה. וואו איר זאָלט ניט שטיין אָדער גיין, שלאָפט. פאַלט אַריין אין היינערפלעט. כראָ־פּעט אויף די העכסטע אָקטאַוון. אויב איר זענט מוזיקאַליש, קענט איר אויס־כראָפּען די אויבערשטע „צע״. אָבער אין אַ טעאַטער אָדער אויף אַ קאָנצערט, זאָלט איר כראָפּען פּיאַניסימאָ. מחמת אַנדערע ווילן אויך כאַפּן אַ דרימל. טאָמער קענט איר ניט שלאָפן ביינאַכט, טעלעפאָנירט אייער דאָקטאָר, וועט ער אייך העלפן, ער וועט פאַר אייך זינגען אַ שלאָף־ליד... באַנייט זיך אייער קאָפּ. ווען איר פילט, אַז איר גייט אַרום אָן אַ קאָפּ, קריגט אַ נייעם קאָפּ, לייגט אים אַוועק אויף אַקסלען, מעג זיין אַ בלאָנדע אָדער אַ שאַטינקע, אויב די

קאַלירן זיינען צוגעפּאַסט צו אייער שטימונג. הערט זיך אויף צו זאָרגן, ווייל עס וועלן אייך אויספאַלן די האָר פון קאָפּ, נאָר טאָמער זענט איר אַ פּראָפּעד־סיאָנעלער זאָרגער, זאָרגט ניט, ווייל עס איז פאַראַן צו דעם אַ מיטל: בוצט „איינציאייטיס". דאָס איז אַ מין נייער מיטל וואָס וועט אייך ניט געבן קיין נייע האָר, נאָר וועט אַזוי איינציען אייער קאָפּ, אַז דאָס ביסל וואָס עס איז אייך פאַרבליבן וועט אויסזען ווי אַ סך.

צו זיין געזונט נעמט די דיעטע פון ד"ר באָנטשע פלווידערזאַק. ער לאָזט אייך עסן אַלץ, כל זמן איר צאָלט אים פאַר יעדן וויזיט. דער סקאַנדינאַווישער גאַסטראָנאָם אָלאַף האַשאָלעם זאָגט: „צו לעבן לאַנג, דאַרף מען עסן וואָס מען האָט ניט ליב, טרינקען וואָס מען האָט פיינט און בלויז טאָן דאָס וואָס עס שלאָגט צום האַרצן. איר זאָלט אויך ניט רויכערן און ניט זינדיקן." וועט איר דאָך פרעגן: „צו וואָס לעבן?" ענטפער איך: „איך ווייס אויך ניט!"

נעמט מיין דיעטע. איר וועט פון איר אַ סך געווינען. נעמט זי בלויז צוויי וואָכן. אַלץ וואָס איר קענט פאַרלירן איז צוויי וואָכן. קודם כל, עסט זיך ניט אָפּ דאָס האַרץ; עסט זיך ניט אָפּ די לעבער און די גאַל און עסט זיך ניט אויף לעבעדיקערהייט. טאָמער דערלאַנגט מען אייך אַ קליינע פּאָרציע פליייש, רעגט זיך ניט אויף פון אַ קלייניקייט. נעמט מיינע פילן קעגן קאָפּ־ווייטיק. איר דאַרפט זיי נעמען נאָר אַ האַלבע שעה איידער דער קאָפּ הויבט אייך אָן ווי טאָן. בייסט ניט די נעגל. דער בעסטער אופן ווי אַזוי אַ פרוי קען אויסהיטן איר מאַן פון בייסן די נעגל איז צו באַהאַלטן זיינע ציין... זאָל מען אייך ניט רופן אַ קנאַפּער עסער, אַז וויפיל איר עסט איז עס קנאַפּ. עסט ניט קיינעם מיט די אויגן. אויך זאָלט איר זיך היטן צו עסן מיט די הענט. נוצט אַ לעפל און אַ גאָפּל און עסט מיטן מויל.

טאָמער וועט אייך מיין דיעטע העלפן ווי אַ טויטן באַנקעס, נעמט מיין מעדיצין, צו וועלכער מען האָט נאָך ניט דערפונדן קיין חולאת. נאָר טאָמער העלפט דאָס אויך ניט, רופט אַ דאָקטאָר, רופט דריי דאָקטוירים און שפּילט אַ פּינאָקל. נעמט אַן עצה. כאָטש אַן עצה איז אַ זאַך וואָס איז בעסער צו געבן ווי צו נעמען. דער חכם דאַרף דאָס ניט און דער שוטה וויל דאָס ניט. נאָר נעמט זי מיט אַביסל זאַלץ, סיידן איר זענט אויף אַ זאַלץ־דיעטע. מיין מעדיצין איז כמעט דאָסזעלבע מיטל ווי פון אַנדערע דאָקטוירים. עס איז בלויז אַ פאַרבלענדעניש אייך אָפּצונאַרן ביז איר וועט אַליין געזונט ווערן. איר וועט דעמאָלט קריגן אַן אַפּעטיט מוח. אַ סך מענטשן גלויבן אַז זיי האָבן אַן אַפּעטיט מוח, אָבער דאָס איז אַ ליידיקייט. זייט מעסיק אין אַלץ, ביים טרינקען, ביים עסן און ביים שלאָפן. נעמט דעם מיטלוועג, זייט מיטלמעסיק. שווייגט. עס איז בעסער צו שווייגן און מען זאָל מיינען אַז איר זייט אַ חכם, איידער איר

זאָלט עפּענען דאָס מויל און מ׳עט אייך באַלד דערקענען און דאָס וועט זיכער פאַרשאַטן צו אייער געזונט.

ווען איר וועט אויספאָלגן אַלץ וואָס איך הייס אייך אַרום זיבעציק אָדער אַכציק יאָר, וועט איר האָבן אריכת ימים ושנים, טאָמער האָט איר אַפילו ניט געהערט וואָס איך האָב אייך גע׳עצה׳ט. זיינט איר דאָך אַ חכם. איז וואָס טוט איר דאָ? וואָס הערט איר זיך צו צו מיר? זיינט איר אַ מאַן אָדער אַ לעמעשקע. זיינט איר דער רעזולטאַט פון אַ ביליאָן יאָרן עוואָלוציע? אַז אַך און אַז ווי.

## וועגן שלום־עליכם

(5טע לעקציע פון ד״ר פישל הערינגביין)

**אין דער** היינטיקער צייט, ווען יעדער גאָרנישט איז אַן עפּעס און יעדער עפּעס איז אַן עמעץ, טרעפט, אַז ווען עמעץ און עפּעס טרעפן זיך, באַגריסן זיי זיך לויט די אָנגענומענע מנהגים פון די לענדער אין וועלכע זיי לעבן.

אין אַמעריקע ווען מ׳באַגעגנט זיך שטרעקט מען אויס די רעכטע הענט מיט די גראָבע פינגער אַרויפצו, און ווען די הענט שטויסן זיך צוזאַמען, פאַרבויגט מען די גראָבע פינגער כדי ניט צו פאַרקריכן ביז צו דער פּאַכווע.

אין אייראָפּע ווען צוויי יידן טרעפן זיך, זיינען די שלום־עליכמ׳ס אינפאָרמאַטיווע. „וואָס מאַכסטו?״ „וואָס זאָל איך מאַכן?״ „ווי גייט עס?״ „ווי זאָל עס גיין?״ „וואָס הערט זיך?״ „וואָס זאָל זיך הערן?״ „וואָס הערט זיך מיט פּרנסה?״ „עס הערט זיך ניט!״ „וואָס איז מכוח געזונט?״ „מניע, בע, מע!״ „נו, אַז מען שמועסט זיך דורך אַביסל, ווערט גרינגער אויפן האַרצן!״

לאָמיר צוערשט וואַרפן אַ בליק אין דער ליטעראַטור און געפינען משלים.

דער עסייאיסט צבי אַקל שרייבט: „ער האָט איר דערלאַנגט אַ נאַסן שלום־עליכם, ווי ער וואָלט נאָר־וואָס אַרויסגענומען די האַנט פון אַ מקווה.״

דער דיכטער אַלטער לאַטע זאָגט: „איר האַנט האָט אָנגענומען זיינע און זי האָט אים שוין קיינמאָל מער ניט אָפּגעלאָזט.״

דער נאָוועליסט מישאַ גאָאָס האָט געשריבן: „דער רבי האָט אים דערלאַנגט די שפּיץ פינגער, אַזוי ווי ער וואָלט מורא געהאַט איינצושטעלן די גאַנצע האַנט.״

דער דערציילער פּסח קנײדל האָט פעסטגעשטעלט: „ער האָט זי עלעקטריזירט מיט זיין האַנטדרוק. איר בלוט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין סאָדאַ־וואַסער״.

הכלל, מיר האָבן קאַלטע, נאַסע, צאַרטע, רבנישע, עלעקטרישע, כעמישע,

שלום־עליכמ׳ס און עס זיינען אויך פאַראַן עראָטישע, דאָן קיכאָטישע, כאַאָטישע, אידיאָטישע און האָטענטאָטישע.

אין איראָפּע ווען צוויי פאַרשוינען באַגעגענען זיך, גיט מען אַ קאָפּל מיטן שאָקל, איך מיין אַ לאָקל מיטן קאָשל, אַנטשולדיקט, כ׳מיין אַ שאָקל מיט קאָפּל און מ׳זאָגט: „שלום עליכם, עליכם שלום, עליכם ועל בניכם, ס׳קאָצל קומט, אַ גאַסט אין שטעטל, שוין ניט געזען אַ שאָק מיט יאָרן, זייער אַנגענעם, זייער איינגעמאַרינירט, אַ גוט יאָר, מירן זיך זען אויף יענער וועלט, ביין איכ׳ל דיך זען אָן די פּיס און דו וועסט מיך זען אָן אויגן, האָטס מיר און זייטס מיר!״

איצט לאָמיר פאָרן ווייטער. אין די דרום־אַמעריקאַנישע לענדער, פון מעקסיקאָ ביז פּאַטאַגאָניע, ווען צוויי יידן טרעפן זיך, צענעמען זיי ביידע זייערע אָרעמס, זיי פאַרבויגן זיך אַביסל לינקס און שטויסן זיך צוזאַמען. נאָכן צוזאַמענשטויס פאַרבויגן זיי די אָרעמס ביי די עלנבויגנס און קלאַפּן זיך מיט די הענט אין די פּלייצעס. די קעפּ ווערן דעמאָלט געהאַלטן נאָזנדיק, כדי די בעז זאָלן זיך ניט צעקושן. דאָס איז אַ גאַנצער ספּעקטאַקל. מען וואָלט באַדאַרפט אַריינברענגען אַ שטיקל טאָלק אין דעם. ווי אַזוי, ווער און ווען מען דאַרף זיך באַגריסן.

ווען איר באַגעגנט זיך מיט אַ פרוי, מעגט איר זיך מיט איר צעקושן. קושט זי נישט אויפן שטערן, ווייל דאָס ווענט שטערן. צעקושט זיך, און כאַפּט מיט איר אַ טרונק. אַמאָל איז געווען אַ באַליידיקונג אָנצובאָטן אַ מיידל אַ טרונק, היינט שלינגט זי אַראָפּ די באַליידיקונג.

ווען איר באַגעגנט אַ מאַן, איז אויב איר האָט מער סמעקאַלקע אין קאָפּ, מער געלט אין דער באַנק און איר האַלט זיך פאַר אַן אינטעלעקטשיקל, זאָלט איר קיינמאָל ניט באַגריסן קיינעם וואָס האָט ווייניקער שכל, ווייניקער געלט און ווייניקער איינבילדונג. טאָמער באַגריסט אייך יענער, מעסט אים אָפּ מיט צוויי פאַרפּרוירענע אויגן, אַז ער זאָל זיך, איך ווייס אַליין ניט וואָס.

די באַגריסונגען: האַו דו יו דו, קאָמאָ עסטאַ, קאָמען סאַוואַ, מה שלומך, קאַק ווי פּאָזשיוואַיעטע, אָדער אויף יידיש, וואָס מאַכסטו?״ זיינען ניט קיין שאלות. מען דאַרף ענטפערן קורץ און שאַרף וואָס מ׳דאַרף און ניט בעמען דערציילן אַז די קו האָט זיך געקעצלט, אָדער די קאַץ האָט זיך געקעלבט. איר מעגט זיך ווויצלען און ענטפערן: „אַ דאַנק, איך מאַך מיט די זייטן, איך מאַך אַ לחיים, איך מאַך זיך שונאים, איך מאַך חובות.״ ווען יענער וועט דאָס הערן וועט ער שוין ניט וועלן מאַכן ביי אייך אַ גמילת־חסד.

טאָמער זעט איר עמעצן וואָס איר ווילט ניט זען, איז דאָס בעסטע אַריבערצולויפן אויף דער צווייטער זייט גאַס, אָוועקצודרייען דעם קאָפּ, אָדער ווערן איינגעזונקען. טאָמער כאַפּט אייך יענער אָן, קוקט אויף אים ווי אויף אַ ווילד־פרעמדן און זאָגט: „איך געדענק געוויינלעך אַ פּנים, אָבער מיט אייער

פּנים וויל איך מאַכן אַן אויסנאַם.״ טאַמער זענט איר מיט אַ מיידל און יענער ראַספּוטין, אָדער סווענגאַלי וועט זיכער וועלן וויסן ווער זי איז, שלעפּט דאָס מיידל אַריין אין נאָענטסטן געשעפט פון דימענטן, פּעלצן אָדער קליידער. יעדע מיידל וועט זיך זיכער לאָזן פאַרפירן אין אַזאַ מין געשעפט. טאַמער אָבער איז יענער מיט אַ מיידל, פאַרשטעלט זיי דעם וועג, כאַפּט אים אַן ביי דער לאַץ, באַגריסט אים אויף אַ מעקסיקאַנישן שטייגער און מאַכט אים אויסזען ווי צוויי מאָל גאָרנישט. זאָגט אים: „דו זעסט אויס ווי אַ מת נאָך שלושים,״ אָדער, „דיין זיידע האָט שוין אין דיינע יאָרן צעריסן דריי פּאָר תכריכים,״ אָדער מאָנט ביי אים אַן אַלטן חוב, וואָס ער האָט איך שוין אָפּגעגעבן, אָדער באָרגט ביי אים אַ הונדערטער.

מען דאַרף זיך אָבער תמיד האַלטן עטיקעטנע. נאָר טאַמער קומט צו פּעטש, זאָלט איר קיינמאָל ניט אויפהויבן אַ האַנט קעגן אַ פרוי. איר מעגט אויפהויבן די פיס און לויפן.

טאַמער באַגעגנט איר אַ פרוי, מעגט איר זי אויסטאָן מיט די אויגן. איר זאָלט פון איר ניט אַראָפּנעמען אַן אויג. לאָזט איר וויסן אַז איר זיינט אַ מאַן. קוועטשט איר הענטל אַזוי, אַז עס זאָל ביי איר אָפּנעמען דאָס לשון.

טאַמער זיינט איר אין אַ פרעמדער שטאָט, אין אַ געגנט וואו איר קענט ניט קיינעם און חלשט צו טרעפן אַ יידן, שטעלט ניט אָפּ קיין פרעמדן און פרעגט אים: „איר זיינט אַ ייד?״ ניין, דאָס וועט ניט טויגן. ווען איר זעט איינעם און איר דענקט אַז ער איז אַ ייד, קוקט אים גלייך אין די אויגן אַריין און רעדט כלומרשט צו זיך אַליין ווי אַ משוגענער און זאָגט: „איר האָט ליב טשאָלנט? איר האָט ליב באָרשט? איר האָט ליב געפילטע פיש?״ איך אַליין האָב דורכגעפירט דעם עקספּערימענט און האָב געגעסן פיש מיט טשאָלנט, מיט באָרשט און קוגל. אַ צווייטן מאָל האָב איך אָנגעטראָפן אַ רייכע פרוי. די דאַמע האָט מיך איינגעלאַדן צו זיך אַהיים, און וואָס זאָל איך אייך זאָגן, ווען די זופּ וואָלט געווען אַזוי וואַרעם ווי דער וויין, און דער וויין אַזוי אַלט ווי די קאַטשקע און די קאַטשקע אַזוי באַ׳טעמ׳ט ווי איר שכנה און די שכנה אַזוי צוגעלאָזן ווי די דאַמע, וואָלט איך דאָ איצט ניט געווען.

הכלל, אָרעוואואַר, האָט מיר אַ גוטן תמיד, האסטאַ לאַ וויסטאַ, גוד באַי.

## מענטשן און חיות

(6טע לעקציע פון ד״ר פישל הערינגביין)

**מיין היינטיקע לעקציע** איז וועגן מענטשן און חיות. דאָס לעבן איז געגליכן צו אַ פּרעצל. עס דרייט זיך און פלעכט זיך און ציט זיך און לאָזט זיך אויס דאָרט וואו עס הויבט זיך אָן. אָבער מיטן לעבן איז עס אַנדערש,

ווען עס ענדיקט זיך איז אויס. איך האָב שיר ניט געזאָלט האַלטן מיין לעקציע צוליבן געזונט. פון מיינע לעקציעס איז קיינעם ניט צוגעקומען קיין געזונט. פאַראַנען דרייערליי מענטשן דורך וועמענס ליפּן עס קומט קיינמאָל ניט אַרויס קיין ליגן. די וואָס ליגן אויפן בית־עולם, די וואָס זאָגן דעם אמת, און די וואָס פּאָנפּען. ווענן דריי זאַכן דאַרף איך היינט זאָגן דעם אמת. דער אמת איז באמת אַ סך מער געפערלעכער ווי אַן אַטאָמישע באָמבע. פּרואווט און זאָגט אַ מענטשן דעם אמת, וועט ער אייך אויך זאָגן דעם אמת און עס וועט באַלד אויסברעכן אַ בליצקריג. קיינמאָל ניט זאָגן קיין ליגן איז בעסער ווי תמיד זאָגן דעם אמת. דער סאָוועטישער פאָרשער אַלעקסעי גענריק מאַכאַסאָף האָט פאַרגליכן מענטשן צו חיות. וואָס ער האָט געהאַט קעגן חיות ווייס איך ניט, סיידן ער מיינט מענער וועלכע זיינען שטוב־חיות. לויט זיין טעאָריע, ווען מיר צעלייגן אַ מאַן קענען מיר באַלד אויסגעפינען וואָס פאַר אַ מין חיה ער איז.

ביי זיין פרוי איז ער אַן אומגעלומפּערטער אָקס, ביי זיין שוויגער איז ער אַ בער, ביי זיין געליבטע איז ער אַ באָק און ביי זיינע קינדער אַ מעלקנדיקע בהמה. די ערשטע העלפט פון מענטשנס לעבן ווערט רואינירט פון די עלטערן און די צווייטע העלפט פון די קינדער. ווען מענטשן לערנען זיך סוף כל סוף אויס ווי אַזוי צו לעבן איז שוין מער ניטאָ קיין צייט ווען צו לעבן. פרויען פירן תמיד אַ דאָפּלטן לעבן: זייער אייגן לעבן, און זייערע מענערס, אָבער דער מאַן איז ביי זיך אַ גאַנצער קנאַקער. ער מיינט ער איז אַ לייב, אַן אָדלער, אַן עלעפאַנט. דער מענטש שטייט העכער ווי אַלע חיות. ערשטנס האָט ער זיך אַליין אָוועקגעשטעלט, און צווייטנס, דערפאַר וואָס קיין חיה קען ניט ווערן קיין מענטש, אָבער אַ מענטש קען ווערן וועלכע חיה ער וויל. אַ מאַן קען ווערן אַ טכויר, אַן אָקס, אַ מויז, אַ חזיר, אַ ים־קאָטער. די פרוי קען ווערן אַ טיגער, אַ ציג, אַ קאַץ, אַ שלאַנג, סיי באַזונדער און סיי אַלע צוזאַמען. אַ פאָרשער האָט געמאַכט די באַהויפּטונג, אַז אַ מאַן איז אַ מין וואָרעם וואָס קריכט און ראַנגלט זיך ביז עס קומט אַ קאַטשקע און שלינגט אים איין. אַ מאַן ראַנגלט זיך פאַר פרייהייט, אָבער ביי דער ערשטער געלעגנהייט בייט ער אויס זיין פרייהייט פאַר אַ פרוי. ווען פאָרשער האָבן באַוויזן אַז מענטשן זיינען נאָענטע קרובים מיט מאַלפּעס, האָבן מאַלפּעס אָנגעהויבן צו פראַווען אַזעלכע מאַלפּישע שטיק, אַז מען האָט געמוזט אָפּלאָזן דעם שידוך. מענער גייען היינט אַרום אָן קעפּ — דעריבער איז ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר שכל. אַז מען דאַרף גאָרניט קיין שכל. אַ מאַן דאַרף נאָר האָבן נערוון. ערשטנס, כדי זיין פרוי זאָל האָבן אויף וואָס צו שפּילן, און צווייטנס, כדי ער זאָל קענען האָבן אַ נערוון־צוזאַמענברוך. געווייגלעך קריגט דאָס אַ פאַנטאָפּל. אַ פאַנטאָפּל איז אַ מאַן וואָס ווערט באַ־

האַנדלט פון זיין פרוי ווי אַ פרוי. די קאָמישסטע זאַך אין אַ פרויס לעבן איז איר מאַן.

חיות פירן קיינמאָל ניט קיין מלחמות, אָבער צווישן מאַן און פרוי קומט פאָר אַן אייביקע מלחמה, וואָס הויבט זיך אָן מיט דער חתונה. אַזוי שנעל ווי ער טוט איר אָן אַ רינגעל, טוט זי אים אָן אַ קייט אויפן האַלדז, און פירט אים אַרום ווי אַ בער. ווען אַ מאַן וויל עפּעס, גייט ער און טוט אַלץ וואָס מען דאַרף און ער קריגט וואָס ער דאַרף. ווען אַ פרוי וויל עפּעס, גייט זי און קריגט אַ מאַן וואָס מוז פאַר איר קריגן אַלץ וואָס זי דאַרף. דאָס ווערט אָנגערופן ליבע. אַ פרוי ווייסט דעם ווערט פון ליבע, נאָר דער מאַן באַצאָלט דעם פּרייז. פאַר דער חתונה דענקט דער מאַן אַז גאָרניט איז צו גוט פאַר זיין מיידל און נאָך דער חתונה ווייסט ער אַז גאָרניט איז צו גוט פאַר איר. פאַר דער חתונה רעדט ער און זי הערט, אויפן האָניק־חודש רעדט זי און ער הערט, און נאָכדעם ריידן ביידע און די שכנים הערן. פאַר דער חתונה וואַרט זי שעה'ן ער זאָל אַוועקגיין, נאָך דער חתונה וואַרט זי שעה'ן ער זאָל אַהיימקומען. דאָס איז אַלץ בעסער ווי בלייבן אַן אַלטע מויד. אַן אַלטע מויד איז אַזאַ וואָס ווייסט דעם ענטפער אויף אַלץ — נאָר קיינער פרעגט זי ניט. אַ מאָדנע זאַך האָט איינמאָל געטראָפן מיט מיר אויף מיין וועג צו דער חופה. איך האָב חתונה געהאַט און פון דעמאָלט אָן פיל איך אַז איך בין אַ ביגאַמיסט. איך האָב איין ווייב צופיל. חתונה האָבן איז אַן אינסטיטוציע. איך לעב אין אַן אינסטיטוציע. אַנומלטן האָב איך זיך צעקריגט מיט מיין פרוי, האָב איך דריי טעג און דריי נעכט ניט אַרויסגערעדט קיין וואָרט צו איר, איך האָב איר ניט געוואָלט איבערשלאָגן אין דער מיטן. חתונה האָבן איז אַ געשעפט אין וועלכן דער מאַן איז אַ שטילער שותף. מיין פרוי איז אַ מענטש פון געציילטע ווערטער. זי ציילט אויס עטלעכע הונדערט ווערטער מיט איינמאָל. אָבער זי איז זייער עקאָנאָמיש. צו איר זעקס־און־פערציקסטן געבוירנטאָג האָט זי אָנגעצונדן בלויז דרייסיק ליכטלעך. היג־טער יעדן גרויסן מאַן שטייט אַ קליינע פרוי מיט אַ גרויס מויל. אַ מאַן קען זיין גליקלעך ווען ער זאָל תמיד געדענקען זיין פרויס געבוירנטאָג, אָבער ער דאַרף פאַרגעסן אירע יאָרן. ווען אַ מאַן פאַרלירט זיין חיה'שן אַפּעטיט צום עסן איז מעגלעך, אַז ער איז פאַרליבט. ווען ער פאַרלירט אינגאַנצן דעם חשק צו עסן איז אַ סימן, אַז ער האָט חתונה געהאַט. ער עסט זיך אָפּ דאָס האַרץ מיט דער לעבער, אָבער ער דערטרינקט דאָס מיט משקה. פאַראַן בלויז צוויי פעריאָדן אין דעם לעבן פון אַ מאַן ווען ער ווייסט גאָרניט וועגן פרויען. דער ערשטער פעריאָד איז פאַר דער חתונה און דער צווייטער פעריאָד איז נאָך דער חתונה. דער רוסישער שרייבער סיעמלאָוו לאַנגהאָרנאָוויטש קלעמענס־טשוק, וואָס האָט זיך געביטן דעם נאָמען אויף מאַרק טוועין, האָט געשריבן: דער מענטש איז די איינציקע חיה וואָס שעמט זיך. ער רויטלט זיך ווען ער

שעמט זיך און ער מעג זיך שעמען. ער איז אויך די אײנציקע חיה וואָס לאַכט, אָז אַך און אַז ווי צו זיין געלעכטער. עס איז אַ געלעכטער וואָס די וויסנשאַפט האָט לעצטנס אויסגעאַרבעט אַ מעטאָד מען זאָל קענען מענטשן אָדער חיות איינפּירירן און זיי אויפוועקן מיט יאָרן שפּעטער. מיין פרוי איז פאַרפרוירן געוואָרן באַלד נאָך דער חתונה און זי איז אַזוי ביזן היינטיקן טאָג. איך פאַר־ענדיק מיט אַ קורצער פּאָעמע פון אַ חתונה־געהאַטן:

קוק איך אויף דיין קאָפּ, מיין קעצל,
ווער איך ממש אויפגעצאַפּלט.
זאָג: פאַרוואָס עס האָט דיין מאַמע
דיך געבוירן און ניט גע׳מפּיל׳ט?
געדאַנקען אין מיין קאָפּ זיך מישן,
אַ קללה קומט אויף מיינע ליפּן.
זאָג: פאַרוואָס איז אדם הראשון
ניט געשטאָרבן מיט אַלע ריפּן?



ווען ר׳האָט איר געבראַכט אַ בוקעט רויזן,
האָבן אירע אויגן געגלאַנצט ווי זיינע הויזן
איר פּנים פלעגט זיך רויטלען ביים נעמען,
טאַקע דעריבער פלעגט זי זיך שעמען.



איך ווייס ניט וואו עס איז די געפאַר,
איך פיל דאָס ניט בחוש.
איז בעסער צו ווערן געקושט פון אַ נאַר,
ווי צו ווערן גענאַרט פון אַ קוש?

# דער וואָרעם לאַכט

דער וואָרעם פון זייד
האָט איצטער צייט
צו זיין אַ גאַנצער חקרן.
ווייל בלוזקע, קלייד,
ווערט איצט גענייט
פון נאַילאָן און פון דאַקראָן.
ער שפינט פאַמעלעך,
און איז פריילעך,
שוויצט ניט ווי אַ ביבער.
ער האָט אַ שם,
און לעבט באַקוועם,
אַרבעט זיך ניט איבער

די ריזן־מאַשין,
אָן האַרץ, אָן זין,
שפינט אויס פעדים כעמיש.
פון וועקטראַ שטאָף,
אַ וואָל אָן שאָף,
דאָס מלבוש איז אַנעמיש.
און פאָליעסטער,
גוט זיך פרעסט ער,
זיין אויסזען איז קאָקעטיש.
ער טריקנט שנעל,
ווערט שנעל אַ תל,
ס'איז אַלץ אין אים סינטעטיש.

דער וואָרעם קריכט,
ער ווייסט זיין פליכט,
זיין עתיד איז גאָר זוניק.
זיין דין געוועב,
איז דער שטרעב
פון יעדן קלייד מפונק.
זאָל די מאַשין,
אַהער, אַהין,
זיך יאָגן ווי די רוחות.
דער וואָרעם לאַכט,
אין זיך פאַרטראַכט :
„ס'איז לויטער זייד מיין יחוס."

# מיין זומער וואַקאַציע

טאַרק אויסגעמאַטערט פון צוויי יאָר ניט אַרבעטן, האָב איך באַשלאָסן נעמען אַ וואַקאַציע אין דער סטראַ־טעגישער סביבה פון מיינע פינאַנצן.

אַזוי ווי איך האָב לעצטן זומער ניט געפּראַוועט קיין וואַקאַציע, האָב איך איצט ניט געוואוסט וואו אַהין איך זאָל ניט פאָרן. איך האָב געוואָרפן אַ קורצן בליק אויף מיין באַנק־ביכל, וואָס ליידט אַ מינדערוויכט־קאָמפּלעקס און אַנעמיע, און האָב זיך איינגעלאַדן צו פאַרשיידענע פריינט, וועלכע וואוינען ווייט אַוועק פון ניו־יאָרקער דזשאַנגל, אין אייגענע האַציענדאָס, ווילעס, פּאַלאַצן מיט וועראַנדעס, מיט ביימער, מיט שווים־מקוואות, ביי טייכן, ביי אָזערעס, אויף די בערג אָדער ביים ים. גן־עדנ׳ס מיט גראָז, מיט מערעשקעס, מיט זומער־פייגעלעך, ד.די.טי., קאָמאַרעס, אָבער אָן געזאָלין־ווייַרויך, אָן קאַנאַסטאַ, אָן באָרשט־קינסטלערס און אָן „קאָלעקשאָנס". איז ווי־זשע קומט מיין וואַ־קאַצ־יע איבערן וואַסער?

איך האָב מיינע פריינט, אויף אַן איידעלן אופן געגעבן אַ קאַפּוליער אָנצוהערעניש, איך האָב צו זיי געשריבן אויף אַ סובטעלן אופן:

„...ווי לאַנג וועל איך דאָס דאַרפן וואַרטן איר זאָלט מיך איינלאַדן אויף אַ דריי־פיר־פינף־זעקס וואָכן צו פאַרברענגען מיט אייך? איך בין זיכער, אַז איר זיינט פון די אמת׳ע חזירים, וואָס פאַרגינט ניט קיין מענטשן קיין שטיקל ברויט, קיין ביסל לופט, קיין שטיקל זון און קיין טראָפּן סקאָטש אָדער בוירבאָן. איר ווילט אַלץ פאַר זיך, די גאַנצע וועלט איז אייך ווייניק. פאַר אַ שטיקל עולם הזה קענט איר זיך פאַרדינען עולם הבא, מיט אַ שריפטלעכער גאַראַנטיע. מיינט ניט ווען איך וואָלט געווען אַזוי לויזיק מיט געלט ווי איר, אַז איך וואָלט געוואָלט אָנקוקן אייערע עגאָאיסטישע, נודנע פּנים׳ער, זיך צוהערן צו אייערע באַנאַלע, אימבעצילישע געשפּרעכן, אָבער צוליב מיינע אונטער־דריקטע און אונטערדערנערטע אומשטענדן, בין איך גרייט צו ליידן און אייך אָראָפּשלינגען.

„מיט גרויס אומגעדולד וואַרט איך אויף אייער באַלדיקער איינלאַדונג און אויף רייזע־הוצאות. איך קען אייך בלויז פאַרזיכערן, אַז אויב די ערשטע זעקס וואָכן וועלן אויף מיר מאַכן אַ געהעריקן איינדרוק, און איך וועל קומען, דורך אייך, צו זיך, וועל איך פאַרבלייבן לענגער.

„מיט גרויס דרך ארץ צו זיך, בלייב איך אייער פריינט..."

אויף אַלע מיינע זעקס און דרייסיק בריוו האָב איך דערהאַלטן בלויז

פיר ענטפערס. דריי זיינען געווען נעגאַטיווע און דער פערטער אַ פּאָזיטיווער, מען האָט מיך פּאָזיטיוו געבעטן ניט צו קומען.

ער האָט מיך געבעטן אָנצואווענדן מיין פאַנטאַזיע און זיך צוקוקן צו אַ קאָליר־פאָטאָגראַפיע פון זיין הויז, וואָס ער האָט צוגעשיקט, און איך זאָל זיך אָנזעטיקן מיט דער שיינקייט פון זיין מאָדערנער באַלעבאַטישקייט, און אויב איך וויל, מעג איך חלומען פון דעם אַ גאַנצן זומער.

אַ פינפטער האָט מיר געבעטן פאָרן צו אַלדע שוואַרצע יאָר און אויב איך דאַרף הוצאות, וועט ער מיר צושיקן, בתנאי, איך זאָל געפינען ערגעץ אַן ערשט־קלאַסיקן משוגעים־הויז.

איך האָב אַלעמען געהאָט צוגעשיקט מיין טעלעפאָן־נומער מיט דעם געדאַנק, אַז עס זיינען פאַראַן מענטשן וואָס זיינען פויל צו שרייבן, דעריבער זאָלן זיי מיר באַלד טעלעפאָנירן. האָט טאַקע מיין טעלעפאָן צוויי מאָל גע־קלונגען. איינער איז געווען אַ פאַלשער נומער און דער צווייטער איז געווען אַ וואָרענונג, אַז מיין טעלעפאָן וועט נעמען אַ וואַקאַציע, אויב כ׳על ניט באַצאָלן דעם חוב.

איך האָב צום סוף אָנגעהויבן באַנעמען אין וואָס פאַר אַן אַכזריות׳דיקער וועלט איך לעב און מוטשע זיך, און גענומען טראַכטן, אפשר זיך ווענדן צו מיין משפחה, אָבער, די משפחה איז אין כעס אויף מיר, דערפאַר וואָס איך בין נישט רייך, וואָס איך בין אַ שלימענדריק (אַ שלימענדריק איז אַ סיאַמער צווילינג פון אַ שלימזל און אַ שמענדריק) און אַ גאַליצוואַק (אַ גאַליצוואַק איז אַ פאַרזעעניש וואָס רעדט אַ גאַליציאַנער יידיש מיט אַ ליטווישן אַקצענט) און צוליב די אַלע טעמים האָט מיך די משפחה אינגאַנצן איזאָלירט.

הכלל, נעמענדיק אין באַטראַכט דעם איינדרוק און דעם ענטוזיאַסטישן אָפּרוף, וואָס איך האָב געקראָגן, האָב איך באַשלאָסן בלייבן אין ניו־יאָרק.

אַזוי ווי איך דאַרף ניט קיין פּאַספּאָרט, האָב איך זיך אַ נעם געטאָן אויסצופאָרשן דעם דזשאַנגל וואו ניט־היגע לויפן עולה רגל זיין. סוף־כל־סוף איז געקומען די צייט איך זאָל אויסגעפינען פאַרוואָס אומשולדיקע מענטשן פון אַלע עקן אַמעריקע רייסן זיך אַהער בכדי אַרויפצוקלעטערן אויפן שפּיץ פון עמפּייר סטעיט, צו הערן די קאַקאָפאָניע פון דער שטאָט, ווערן איינגע־קוועטשט אין דער סאַבוויי ווי סאַרדינקעס, ווערן מערעשקעס אויפן ברעג פון קאָני איילענד, עסן וואורשטלעך מיט זאַמד, ווערן צעשמאַלצן אויפן אַס־פאַלט פון די גאַסן און עוועניוס; אַ שטאָט וואו מען ראַנגלט זיך מיט דער וועלט און אונטערוועלט, וואו מ׳רעדט לשון הרע אויף הונדערט און אַכציק לשונות, פון וואַנען מען פאַרשפּרייט — אויף אַ סנדק־ירטן אופן — קאָלומס מיט שלאָף־צימער אידיאָטסטוועס; אַ שטאָט מיט אַ גריניטדזש ווילעדזש, קאַלירפּול,

שוואַרץ, ווייס, ברוין און בלאָ און געלזוכטיק, וואו מען זעט אַן ער און אַ זי און קיינער ווייסט ניט, ווער איז ווער?

טראַכטנדיק אָט די טראַכטעניש האָב איך זיך באַטראַכט, אַז איך וועל דאַרפֿן לעבן ווייניקסטנס מתושלח׳ס יאָרן דאָס אַלץ צו באַטראַכטן, און אַזוי ווי האַלב פֿון די יאָרן האָב איך שוין דורכגעלעבט, איז שוין טאַקע בעסער איך זאָל טאַקע ערגעץ פֿאָרן וואו עס איז ניטאָ קיין ציוויליזאַציע, קיין טעלע־פֿאָן, קיין פּיעסן. ערגעץ אַן אינדזל אויפֿן ים, וואו ס׳איז ניטאָ קיין שטייער, אַרבעטסלויזיקייט, קיין בעטלערס, קיין צייטונגען, קיין טעלעוויזיע און קיין איינוואוינער. דאָרט וועל איך גאָרניט דאַרפֿן.

איך האָב שנעל גאָרניט פֿאַרפּאַקט און בין געוואָרן גרייט צום פֿאָרן, נאָר אין דער סאַמע לעצטער רגע האָב איך זיך געכאַפּט, אַז דאָרט וועט פֿאַר מיר זיין צו רואיק, צו שטיל, און איך וועל ניט קאָנען איינשלאָפֿן.

אין דערזעלבער רגע בין איך איינגעשלאָפֿן און גע׳חלום׳ט פֿון עפּעס אַ פּלאַץ, וואו פּאָליציאַנטן זיינען געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און מיט ליידיקע הענט און איינער האָט געזאָגט צו די אַנדערע: „עס איז נודנע, ניטאָ קיין מערדער, קיין פֿאַרברעכער, קיין גענגסטערס, קיין מאַפּיאַ, קיין כשר־נאָסטראַ, קיין ראַקעטירס, קיין שווינדלער, קיין שיכורים, קיין ווייסע און שוואַרצע פּראָבלעמען. איך האָב מורא מען וועט אונדז באַלד אָפּזאָגן פֿון אונדזער אַרבעט.“

„זיי ניט אַזאַ אָפּטימיסט אין דיין פּעסימיזם,“ האָט זיך אָנגערופֿן אַ צווייטער, „עפּעס מוז געשען. איך האָב גרויס בטחון אין מענטשנס נאַטור.“

דער ערשטער האָט זיך געפֿילט באַליידיקט און דערלאַנגט דעם צווייטן מיט אַ פֿויסט אין דער מאָרדע, עס איז געוואָרן אַ... און איך האָב זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון דרימל.

איז וואָסזשע וועט פֿאָרט זיין מיט מיין וואַקאַציע? אפשר ווייסט איר פֿון עפּעס אַ לייטישן סאַנאַטאָריום? רופֿט מיך אָפּ און לאָזט מיר וויסן. איר פֿאַרשטייט, איך מוז האָבן אַ וואַקאַציע.



איך וועל ניט מיט קיין לצים זיצן,
און כ׳האָף איך וועל ניט קיינמאָל —
נאָר טאָמער יאָ, זאָל גאָט באַשיצן,
וועט דאָס זיין בלויז איינמאָל!

# נעבטיקער ווי אַלץ

(לויט אַן אגדה אין בבא בתרא)

גאָט האָט אויף דער וועלט באַשאַפן צען מעכטיקע זאַכן:
אַ פעלדז איז מעכטיק — אייזן קען אים צעקראַכן.
אייזן איז מעכטיק — פייער קען אים צעדרעשן,
פייער איז מעכטיק — וואַסער קען אים פאַרלעשן.
וואַסער איז מעכטיק — ווערט פון וואָלקנס צעטראָגן,
וואָלקן איז מעכטיק — אַ ווינט קען אים פאַריאָגן.
ווינט איז מעכטיק — מענטש קען אים דורכדרינגען,
מענטש איז מעכטיק — פחד קען אים באַצווינגען.
פחד איז מעכטיק — וויין קען אים דערטרינקען,
וויין איז מעכטיק — שלאָף קען אים פאַרזינקען.
שלאָף איז מעכטיק — נאָר טויט דער גרעסטער גבור,
העלף אונז גאָט בשלום יעדע נאַכט אַריבער.



# כ'על דאָס קיינמאָל ניט פאַרגעסן



מורא'דיקע סירענע פון אַ פייערלעש־מאַשין האָט מיך אויפגעריסן פון שלאָף. דאָס הוזשען האָט אָפּגעהילכט אין די בערג און אַן עכאָ האָט פאַרפּלעפאַכט דעם גערויש. איך בין אַראָפּ פון בעט, אָנגעצונדן די ליכט, צוגעגאַנגען צום פענצ־טער, נאָר די פינצטערניש פון דער נאַכט האָב איך ניט געקענט דורכדרינגען. די ליכט פון אַ נאָענטן הויז איז פאַרשוואונדן, איך בין אַוועק פון פענצטער, אויסגעלאָשן די ליכט, אָבער אַנטשלאָפן ווערן האָב איך נישט געקענט, דערפאַר וואָס אין צווייטן בעט פון דעם גרויסן צימער האָט משה שטראַסבערג געשאָפן פוגן אין זיין כראָפּסאַדיע... ער האָט אָפּנים ניט געהערט דאָס הוזשען פון די פייערלעש־סירענעס. איך בין ווידער איינגעשלאָפן.

פון די אַרומיקע ביימער האָט פייגל־געזאַנג מיך אויפגעוועקט. די זון האָט אַריינגעשיינט דורך די שויבן. איך האָב אויסגעצויגן מיינע הענט און געזאָגט: „גוט מאָרגן, טאָג!"

מיט די לעצטע אַקאָרדן פון זיין כראָפּסאַדיע האָט שטראַסבערג זיך אויפגעכאַפּט און רייבנדיק די אויגן אַרויסגעגעניצט: „שטעל אָפּ די פייגל, זיי זינגען פאַלש!"

„זינט דו האָסט די דריי פייגל אין דיין הויז," האָב איך געזאָגט, „ביזטו געוואָרן אַ גאַנצער מבין אויף פויגלישן געזאַנג. ס'איז דאָך אַ מחיה צו הערן ווי זיי זינגען שירה."

„וואָס מיר שירה? האָט ער געענטפערט. „זיי אַרבעטן ניט קיין יוניאָן־שטונדן, זיי שטייען אויף אין מיטן דער נאַכט און צעזינגען זיך. מיינע דריי פייגעלעך, חיים, טובים און שלום זינגען פאַר מיר קאָנצערטן ערשט נאָכדעם ווי איך שטיי אויף."

דער זשום פון אינטערקאָם האָט איבערגעריסן אונדזער טיפזיניקן פויג־לישן געשפּרעך. ראַשעל ראָטפּערל האָט געלאָזט וויסן, אַז פרישטיק שטייט שוין אויפן טיש. „מיר קומען באַלד אַריין," האָב איך געענטפערט. „נו, גיב זיך אַ ריר," האָב איך געזאָגט צו שטראַסבערגן, „דו האָסט אָפּנים ניט געהערט אַז ס'האָט ערגעץ געברענט אין מיטן דער נאַכט?"

„געברענט, אַזוי? נו, דאָס האָט זיכער געשטערט דעם שלאָף פון די טויבן אין דער געגנט. געדענקסט דאָך די סצענע פון 'דיבוק' ווען די באָבע דער־ציילט לאה'ן 'איינמאָל האָט זיך אָנגעכאַפּט דער דאָך אין דער שול, זיינען

אנגעפלויגן טייבעלעך, אַן אַ צאָל טייבעלעך, און האָבן גענומען פּאַכען מיט די פליגעלעך און פאַרלאָשן דאָס פייער׳.״

„בראַוואָ,״ האָב איך אַפּלאָדירט, „פאַראַן אויף דעם אַן אגדה!״

„וואָס מיר הגדה,״ האָט שטראַסבערג געענטפערט, „קום צו די קנידלעך!״

שטראַסבערג און איך זיינען געווען די געסט פון די ראָטפּערלס און מיר זיינען איינגעשטאַנען אין גאַסטהויז. הערי ראָטפּערל האָט אונדז געבראַכט אין זיין אויטאָ דאַנערשטיק און מיר האָבן זיך באַלד איינגעבירגערט מיט דער גאַנצער משפחה, מיט וועלכער מיר האָבן זיך תמיד געפילט היימיש.

זונטיק נאָך פרישטיק איז צוגעפאָרן, פאַר בלויז דעם טאָג, ראַבאַי שמעון קאַנאָוויץ מיט זיין פרוי און טעכטערל. מיר האָבן זיך אַלע צעזעצט אויף די מעטאַלענע שטולן, וואָס זיינען געווען צעשטעלט אויפן גראָז אין פראָנט פון דער ראָטפּערל זומערהיים, ווייט אָפּגעטיילט פון שאָסיי. מיר האָבן זיך געקילט מיט געטראַנקען.

דריי אַקער לאַנד, אויסגעהאַקט פון אַ וואַלד, איז געווען דער שטח וואו ס׳איז אויפגעבויט געוואָרן די ראָטפּערל־קאָלאָניע — אַ היים פאַר די ראָט־פּערלס, און אַ צוויי־הונדערט פוס קעגנאיבער איז געווען די היים פון זייער זון עליאָט, וועמען ראָטפּערל האָט מיט צוויי יאָר צוריק אַריינגענומען ווי אַ שותף אין זיינע ביזנעס. פון הינטער ראָטפּערל׳ס היים, אַ הונדערט פוס אַוועק, איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ גאַסטהויז, פאַר קרובים, אָדער פאַר פריינט. געסט, קרובים און פריינט האָבן מיט פאַרגעניגן אָנגענומען די איינ־לאַדונג צו קומען פאַרברענגען מיט די ראָטפּערלס.

די דריי הייזער זיינען געווען אַרומגערינגלט פון וואַלד, אָבער צווישן די הייזער זיינען לויט אַן אַרכיטעקטורישן פּלאַן איבערגעלאָזן געוואָרן אַ צאָל מאַסיווע ביימער און אויף זייערע צווייגן זיינען באַפעסטיקט געוואָרן אָפענע פויגל־נעסטן, וועלכע הערי׳ס מאַמע, גאָלדע, האָט יעדן טאָג פאַרזאָרגט מיט שפּייז — צעקרישלטע ברעקלעך ברויט.

די זון האָט גע׳שרפה׳ט אָן רחמנות. איך האָב אָפּגערוקט מיין שטול און אויך דעם שטול פון דער זקנה גאָלדע, הינטער דעם שאָטן פון אַ בוים. הערי און זיין פרוי ראָשעל, אויך ראַבאַי קאַנאָוויץ און זיין פרוי, זיינען פאַר־בליבן זיך וואַרעמען אין דער זון.

דעם ראַבאַי׳ס טעכטערל האָט גענומען שפּילן בעדמינטאָן מיט אַלענען, דעם מיזיניקל פון די ראָטפּערלס, אָבער זייער שפּילן איז ניט געווען אַזוי פלינק ווי ווען דער ראַבאַי האָט געשפּילט מיט עליאָטן. כאָטש עליאָט איז געווען אַ סך יינגער, איז דער ראַבאַי געווען אַ סך פלינקער און געשיקטער צו קלאַפּן דעם באַל מיט די פעדערן. מיט דער גרופּע איז אויך פאַרבליבן שטראַסבערג.

ראַבאַי קאַנאָוויץ און ראָטפּערל זיינען פֿאַרבליבן פֿריינט נאָך פֿון דער צייט ווען ראָטפּערל איז געווען פּרעזידענט פֿון טעמפּל׳ס צענטער. ראָטפּערל האָט תמיד געהאַלטן מיטן ראַבאַי. ער איז באַשטאַנען, אַז אַ ראַבאַי איז אַ גייסטיקער און רעליגיעזער מורה־דרך און דאַרף זיך ניט אונטערוואַרפן דער עקזעקוטיווע פֿון צענטער, אין וועלכער עס געפֿינען זיך יחידים, פּייאיקע אינדוסטריאַליסטן און געשעפֿטסלייט וואָס זיינען אומטאַלעראַנט אין ענינים פֿון יידישקייט, כשרות און חינוך.

דער בעדמינטאָן באַל איז געפֿלויגן אַהין און צוריק און גאָלדע האָט געזאָגט: „איך האָב אַ סך מאָל מורא, אַז אַ פֿייגעלע זאָל אַמאָל ניט אַריינ־פֿליען אין מיטן דעם פּלי פֿון באַל און זאָל חלילה פֿון קלאַפּ אומקומען.“ „האָט ניט קיין מורא,“ האָב איך זי באַרואיקט, „גאָטס באַשעפֿענישן, חוץ מענטשן, האָבן מער שכל.“

סקאָטי, איר אוראייניקל, איז צוגעקומען און אין איר שויס אַוועקגעלייגט אַ קיכל. „האָלד איט,“ האָט ער געזאָגט און איז שנעל אַוועק צו זיין טראַיסיקל אַרומצופֿאָרן אויף דעם צעמענטירטן וועג צווישן די הייזער.

„מיך רופֿט ער ׳באָבע׳,“ האָט גאָלדע געזאָגט, „און מיין שנור ראַשעל רופֿט ער ׳גרעני׳. ער איז בלויז דריי יאָר אַלט, אָבער ער איז קלוג, שיין און גוט ווי די וועלט. ער האָט מיר געבראַכט דאָס קיכל, ניט כדי איך זאָל דאָס האַלטן, נאָר דערפֿאַר וואָס ער ווייסט, אַז איך קלויב צונויף יעדע שטיקל ברויט און ברעקל נאָך די מאָלצייטן און צעטייל דאָס צווישן די נעסטן פֿאַר די פֿייגעלעך. מיין הערי, זאָל לעבן און געזונט זיין, איז אַ דימענט, אַ גאָלדענער מענטש מיט אַ גרויס האַרץ. פֿאַר די קינדער טוט ער אַלץ און פֿאַר מיר האָט ער אומישנע געלאָזט מאַכן די נעסטן פֿאַר די פֿייגעלעך, כדי קיינער זאָל פֿון דאַנען ניט אַוועק קיין הונגעריקער. מיין שנור, ראַשעל, איז אַ באַלעבאָסטע, איינע אין דער וועלט. כשר, מיט צוויי פֿרידזשידעירס, אַ מילכיקן און אַ פֿליישיקן. איר האָט דאָך געזען ביים טיש די טייערע מאכלים, מיט די פֿליישן, חלב ודבש. איר האָט אפשר געהערט דאָס הוזשען פֿון די פֿייער־אינדזשינס מיט אַ פּאָר נעכט צוריק? פֿון צייט צו צייט טרעפֿט זיך אַז עס ברעכט ערגעץ אויס אַ פֿייער. אַמאָל וואַרפֿט עמעץ פֿון אַ פֿאַרבייפֿאָרנדיקן אויטאָמאָביל אַ ברענענדיקן סיגאַרעט. די גראָז ביי די זייטן פֿון וועג איז טרוקן, אַ ווינטל צעבלאָזט דאָס פֿייערל פֿון סיגאַרעט און צינדט אָן די קוסטן. די פֿלאַמען כאַפּן זיך צו די ביימער און די פֿייער־אַפּאַראַטן נעמען יאָגן און הוזשען און עס קלינגט אָפּ אין די בערג אַרום. אָבער דאַנקען דעם אויבערשטן, אַזוי לאַנג ווי מיר וואוינען דאָ האָט נאָך קיינמאָל ניט געטראָפֿן, וואָס עס קען חלילה טרעפֿן, זאָל גאָט שומר ומציל זיין, אָבער מיר זיינען דאָ שוין עטלעכע מאָל אָפּגעקומען מיט שרעק, הלוואי אויף ווייטער ניט ערגער, אמן!“

„אמן!‟ האָב איך איר נאָכגעזאָגט.

„איר הערט,‟ האָט זי ווייטער גערעדט, „יעדער מענטש האָט ערגעץ אין זיין מוח אָנגעזאַמלט זכרונות, און ווען ער דערמאָנט זיך אין זיי, פילט ער זיך ממש פונקט ווי דעמאָלט ווען ער האָט די געשעענישן דורכגעלעבט. יעדער מענטש האָט דעם כוח צוריקצושוועבן צו יענע מאָמענטן, גוטע מאָמענטן, דערפאַר וואָס שלעכטע וויל מען פאַרגעסן, און עס איז אַזוי גוט, אַ מחיה. מיין זון, קיינעהאָרע, האָט אַ סך ביכער, ניט קיין שרענק, נאָר גאַנצע ווענט מיט ביכער... נאָר צופיל לייענען איז שוין ניט פאַר מיינע אויגן... איך האָב אַ גוטן זכרון, און איך וועל דאָס קיינמאָל ניט פאַרגעסן. איך בין דעמאָלט אַלט געווען קוים פיר אָדער פינף יאָר... ניט ווייט פון אונדזער שטעטל, איז איינמאָל אויסגעבראָכן אַ שריפה. אַ שיינע פאָר הונדערט הייזלעך זיינען אָפּגעברענט געוואָרן. הייזער, שטאַלן, קראָמען, שולן און בתי־מדרשים, אַפילו דער מרחץ, להבדיל, זיינען אַוועק מיטן רויך. מענטשן האָבן זיך קוים אָפּגעראַטעוועט מיטן לעבן. מען האָט אין צייט געקלאַפּט טרעוואָגע, איז מען געלאָפן פון די פלאַמען, פון דעם רויך. מען האָט געפּרואווט ראַטעווען, לעשן, אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. די נשרפים זיינען געבליבן בדיל הדל. אָן בעטגעוואַנדט, אָן מלבושים, ניט געהאַט אַפילו וואו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן. אָן אַ בגד און אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, האָט מען געבידעוועט. עטלעכע האָבן זיך גענומען ווידער אויפשטעלן זייער אָרעמקייט, אָבער די מערסטע זיינען זיך צעלאָפן וואו די אויגן האָבן געטראָגן. ווער צופוסנס און ווער מיט פערד און וואָגן. אַ סך פון די נשרפים האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין מיין שטעטל. מיינע אַ קרובה מיט צוויי קליינע קינדער, איז שוין פאַרבליבן אין אונדזער שטוב. ביי אונדז האָט זי עס געוואַרט, אַז איר מאַן אין אַמעריקע וועט פאַר איר און די צוויי קינדער צושיקן שיפסקאַרטן. אין אונדזער שטוב איז טאַקע געווען זייער ענג. אָבער די דריי נפשות האָבן געהאַט אַ דאַך איבערן קאָפּ, אַ שטיקל ברויט און אַ לעפל וואַרעמס.

„די גאַנצע צייט וואָס זי איז ביי אונדז פאַרבליבן האָט זי ניט אויפגעהערט ריידן פון איר אומגליק, וועגן דעם גרויסן פייער, און מער ווי אַלץ, וועגן גרויסן נס וואָס דאָרט איז געשען. איר הערט, עטלעכע הונדערט הייזער זיינען אַוועק מיטן רויך, עס זיינען פאַרבליבן בלויז קוימענס און פּעקעליקס, שוואַרצע, וואָס זיינען געבליבן אַזוי ווי מצבות. די פלאַמען האָבן אַלץ איינגעשלונגען, אַפילו די צעבערס מיט וועלכע מען האָט געלאָשן... נאָר אין סאַמע מיטן פון גרויסן פייער איז איין הייזל פאַרבליבן אומבאַשעדיקט. איין הילצערן הייזל מיט שינדלען אויפן דאַך איז געבליבן שטיין אומבאַרירט. אַלץ אַרום און אַרום איז פאַרטיליקט געוואָרן, חוץ דעם איין־און־איינציקן הייזל. אַ נס! ווען די נשרפים האָבן נאָכן חורבן באַוואונדערט דעם נס, האָבן זיי דערזען אויף

עטלעכע פלעצער, ביי די זייטן פון דאַך, נעסטן פּאָר פייגעלעך. דערציילט האָט מען, אַז ברוך זלמן, דער קרעמער, פלעגט יעדן טאָג אַרויפוואַרפן אויפן דאַך ברעקלעך פון ברויט און חלה.״

איך האָב געטראַכט וועגן גלגול פון דער לעגענדע פון פויגלדיקע פייער־לעשער. איך האָב ביי דער זקנה געגומען האַלב פון דעם קיכל, וואָס איר אור־אייניקל האָט איר פריער געבראַכט. עס צעברעקלט. גאָלדע האָט זיך אויך אויפגעשטעלט און מיר זיינען ביידע צוגעגאַנגען צו די נעסטן שפייזן די פייגעלעך.

## צווישן יאָ און ניין

אַ מיידל דאַרף פאַרמאָגן
דעם שכל און פאַרשטיין
ווען און וואו צו זאָגן
יאָ, און ווען צו זאָגן ניין.

כאָטש זי האָט קיין הונגער ניט
זאָגן יאָ אויף עסן,
ניין, — אויב ר׳איז קיין יונגער ניט
יאָ, — צו פילמען און צו פיעסן.

ניין, — צו זיין זיין געטין
ווען זיינע אויגן גלאַנצן,
יאָ, — ווען ער וועט בעטן
זי זאָל גיין מיט אים טאַנצן.

יאָ, — צו ריידן פון ראָמאַנען,
ניין, — צום ראָמאַנסירן.
אַ געפּאַר אין דעם פאַראַנען,
און מ׳קען זיך נאָך פאַרלירן.

יאָ, אויף יעדן וויץ און שמייכל,
נאָר זיך מאַכן כלא ידע ;
יאָ, אויף קאָקטעילס, נאָר מיט שכל,
ווייל עס איז אַזאַ מין מאָדע.

ניין, אַרויסגיין היינט אָן סיבה
ווען ער רופט היינט טעלעפאָניש.
יאָ, צו גלויבן שטאַרק אין ליבע,
נאָר צו שפּילן זי פּלאַטאָניש.

מיט אַ יאָ און מיט אַ ניין
דאַרף זי שאַפן אַטמאָספערע ;
אַ מיידל דאַרף פאַרשטיין,
אַז אַ מאַן איז איר קאַריערע.

יאָ, צו זיין אַמאָל עקזאָטיש
און צו טאָן אַמאָל אַ חלש.
ניין, ווען ער וויל זיין עראָטיש ;
יאָ, זיך צערטלען מוזיקאַליש.

יאָ, צו הערן זיסע שבחים
און צו געבן קאָמפּלימענטן.
ניין, ווען ער וויל זיין אַ חכם ;
יאָ, צו גאָלדענע פּרעזענטן.

צו אַ מיידל ווערט דאָס לעבן לויבן,
לאַכן, שעלטן אָדער וויינען,
ווענדט זיך פון איר קלויבן
צווישן יאָ'ען אָדער ניינ'ען.



# צאַרטע געפילן



ציפורה ציפרוני, וואָס האָט אין פּוילן געהייסן ציפּקע פוֹיגל־מאַן, איז געקומען פון ישראל מיט צוויי שליחותן. כמעט יעדע שווישפּילערין פון ישׂראל, וואָס איז יורד קיין אַמע־ריקע, געפינט עפּעס אַ שליחות. ציפורה האָט געהאַט צוויי: די ערשטע איז געווען שפּילן טעאַטער און די צווייטע, וואָס איז באמת געווען די ערשטע, איז געפינען אַ מאַן און חתונה האָבן.

קיין טעאַטער האָט זיך ניט געגוויטיקט אין איר טאַלאַנט, איז זי דעריבער, מיט דער הילף פון קרובים און לאַנדסלייט, אויפגעטראָטן אויף אונטערגע־מונגען ביי לאַנדסמאַנשאַפטן און נאַציאָנאַל־יידישע אָרגאַניזאַציעס און געמאַכט האָט זי אַזויפיל דערפאָלג, אַז זי האָט באַלד געטאָן אַן אייזערנעם שידוך. זי האָט חתונה געהאַט מיט אַן אייזן־סוחר און איז געוואָרן די פרוי פון סעלווין ווינטראַפּ, וועמען לאַנדסלייט פלעגן רופן מיט זיין היימישן נאָמען — זלמן ווייַנטרויב.

ציפורה האָט דעם נאָמען ווינטראַפּ אָנגענומען בלויז ווען זי האָט פונקציאָ־נירט אין איר מאַנס באַלעבאַטישקייט. אירע אונטערהאַלט־אויפטריטן זיינען אויך ווייטער אָנגעגאַנגען אויף איר אייגענעם נאָמען. דעם מאַן האָט זי באַוויזן אייזערנע אַרגומענטן: „אַ קינסטלערס נאָמען בייט מען ניט; אַ נאָמען פון אַן אַרטיסטין איז צוגעשלאָגן מיט טשוועקעס, אַ נאָמען מיינט עפּעס, ווי זאָגט שעקספּיר?"...

סעלווין האָט ניט געוואָלט ערגערן זיין שיינע און פּראָמינענטע פרוי און געענטפערט: „וואָס פאַר אַ חילוק איז עס וואָס עמעץ זאָגט. זאָל זיך קיינער ניט אַריינמישן! איך האָב דיך ליב מיט דיין נאָמען!"

אַזוי איז טאַקע פאַרבליבן. אַפילו ווען זי האָט אָנגענומען אַן אָנבאָט פון דעם קליינקונסט־קינסטלער שמחה זינגערמאַן צו פאָרן מיט אים אויף אַ קאָנצערט־רייזע קיין מעקסיקאָ־סיטי. דאָס איז איר מאַן גאָרנישט געווען ניחא. אים איז ניט געפעלן געוואָרן דער שמחה זינגערמאַן ווי אַ מאַן, ווי אַ זינגער האָט ער אים געגעבן אַ קנאַפּע שמחה. סעלווינען איז ניט געפעלן געוואָרן ווי שמחה האָט זיך באַרימט מיטן איינדרוק וואָס ער האָט געמאַכט אומעטום אויף פרויען, וואָס זיינען תמיד געפאַלן... אין התפעלות פאַר אים. און דאָס ניט בלויז פאַר זיין זינגען, נאָר אויך פאַר זיין פּערזענלעכקייט.

סעלווין האָט זיך שטילערהייט געערגערט און געפרעגט: „איר זיינט, ווי מיר שיינט, אַ פרויען־יעגער?"

„איך אַ יעגער?" האָט זינגערמאַן איבערגעפרעגט און ווי אַרויסגעזוּנגען, „איך בין דער געיאָגטער! ביי מיר זיינען אַלע פרויען דיזעלבע. זיי האָבן בלויז אַנדערע פּנימער, כדי מען זאָל וויסן וועלכע אויסצומיידן."

ציפּורה האָט ביי זיך געטראַכט, אַז אַזאַ ציניקער דאַרף מען לערנען דעם חילוק, און זי האָט אים איינגעלאַדן צו קומען אין איר היים אויף וועטשערע. זינגערמאַן האָט אָנגענומען די איינלאַדונג און זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע פּרעס־מאַנירן, ווען ער האָט זיך באַקלאָגט, אַז עס פעלט קנאָבל. „קנאָבל, האָט מיר אַ דאָקטאָר אָנגעזאָגט, וועט מיך פאַרהיטן פון פאַרקילונג און קאַטאַרן.״ ער האָט געבעטן אַ פּאָר ציינדלעך קנאָבל, וועלכע ער האָט איינגע־ריבן אויפן ברויט און אַריינגעבראָקט אין פליייש.

סעלווין האָט געהאַט דעם פולסטן צוטרוי צו זיין פרוי און ווען שמחה איז אַוועק, האָט ער זיך אויסגעדריקט: „איך האָב אויסגעפונען, אַז דער זינגערמאַן ליידט אויך שטאַרק פון אַמנעזיע... ער פאַרגעסט ווען אויפצוהערן צו עסן.״ עפּעס איז סעלווין געוואָרן מער זיכער, אַז ציפּורה וועט קענעןביישטיין דעם נסיון פון דעם שענערן און יינגערן מאַנספּאַרשוין, מחמת ציפּורה האָט אויך געשפּאַסט וועגן זינגערמאַנס לײדנשאַפט צו קנאָבל, וועמענס ריח זי קען ניט פאַרטראָגן. „ס׳איז נאָך גוט,״ האָט זי זיך געקעכלט, „וואָס איך וועל ניט דאַרפן זינגען קיין דועטן מיט אים. דער קנאָבל־גערוך וועט אונדז אויך אויף דער בינע האַלטן פון דערווייטנס!״

סעלווין האָט געטראַכט פון זיין קנאָבלדיקער שמחה, דער ריח איז פאַר אים געוואָרן מער אָנציענדיקער ווי דער טייערסטער פאַרפום.

אָבער, ליבע איז שטאַרקער ווי קנאָבל. פונקט ווי מ׳קען אַ בער אויס־לערנען אַ טאַנגאָ, אַזוי קען מען אַ כראָנישן קנאָבל־שלינגער רעפאָרמירן.

זינגערמאַן האָט געמוזט אַ סך מקריב זיין. אָן קנאָבל האָט ער כמעט ווי געהונגערט. ס׳האָט אים ניט געשמעקט דאָס עסן. ער האָט זיך געראַנגלט: „קנאָבל איז נויטיק צום געזונט; קנאָבל האָט ניט קיין קאַלאָריס.״ אָבער עס איז אים צוגעקומען אַ שטיק געזונט, ער האָט זיך געזעטיקט מיט ליבע.

דער ערשטער אויפטריט פון פּאָרל ציפּורה און זינגערמאַן אין מעקסיקאָ־סיטי איז געווען נישט שלעכט און ניש קשה, מיט אַ סך ליבשאַפט און פייער האָבן זיי זיך געגרייט צום צווייטן אויפטריט. אויף דער בינע און אַפילו הינטער דער בינע זיינען זיי געווען ווי אַפּגעפרעמדט. זייערע גאַרדעראָב־צימערן זיינען געווען באַזונדערע. דער פּראָגראַם איז אַריבער בשלום און זיי האָבן געהאַט נחת פון זייער דערפאָלג. נאָכן אָוונט זיינען זיי געווען די געסט פון פּראָגראַם־קאָמיטעט אויף אַ באַנקעטל אין אַ רעסטאָראַנט, וואו זיי זיינען אָפּגעזונדערט געוואָרן מיט דריי בענקלעך. ציפּורה איז געזעסן פון דער רעכטער זייט פון פּאָרזיצער און פון זיין לינקער זייט איז געזעסן זיין פרוי אויף צוויי בענקלעך און נעבן איר זינגערמאַן. ציפּורה האָט זיך געפילט פויגלדיק פון די לויב־געזאַנגען און האָט פאַרפעלט צו באַמערקן וויפיל און וואָס איר מיטשפּילער האָט געגעסן.

אין האָטעל, צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים, האָבן זיי געהאַט צוויי באַזונדערע צימערן, אָפּגעטיילט מיט בלויז אַ טיר, וואָס איז כמעט געווען אָפן, אָן אַ שומר אויף דער גרענעץ. צוגעמאַכט האָבן זיי די טיר בלויז ווען זיי זיינען אַוועק פון האָטעל.

שפּעט אין דער נאַכט האָט מען זיי באַגלייט צום האָטעל. פול מיט שמחה האָט זי געוואַרט, די טיר האָט זיך געעפנט, זי איז אַריינגעפאַלן אין שמחה׳ס אָרעמס און... זי האָט דערשפּירט, אַז ער האָט זי מער ניט ליב, אַז ער שפּילט בלויז אַ ליבע מיט קנאַבל. זי האָט פּשוט ניט געקאָנט איינשטיין נעבן אים און מיט גרויס פּאַטאָס און מיט מעלאָדראַמאַטישן עפעקט און זשעסטן האָט זי געיאָמערט: „איך קען ניט אָטעמען אָן דיר און קען ניט כאַפּן דעם אָטעם נעבן דיר! קנאַבל איז מיין מלאך־המוות. איך בין אַן איידעלע נשמה מיט צאַרטע געפילן און איך קען ניט פאַרטראָגן דעם קנאַבל־ריח!" זי איז געוואָרן היסטעריש, איז אַנטלאָפן צו זיך אין צימער און האָט פאַרקלאַפּט און פאַרריגלט הינטער זיך די טיר.

זי איז אַוועקגעפאַלן אויף איר בעט, געוואָלט וויינען — אַ סצענע, וואָס זי האָט אויסגעלערנט פון אַ סך האָליוואודער פילמען. זי איז געווען פרוסט־רירט, אַנטוישט, פאַרביטערט... פּלוצים האָט זי דערהערט אַ שוואַכן קלאַפּן אין טיר... זי האָט זיך אויפגעהויבן און איז צוגעגאַנגען צו דער מיטלסטער טיר, אָבער איידער זי האָט די טיר געעפנט האָט זי ווידער געהערט אַ קלאַפּן ביי דער אַריינגאַנג־טיר. אַ רגע בלויז האָט זי זיך געוואונדערט און געפרעגט: „ווער איז דאָרט?"

„איך, סעלווין. דאָס בין איך, סעלווין!"

זי האָט דערקענט איר מאַנס שטימע און געעפנט די טיר. כאָטש זי האָט קיינמאָל ניט שטודירט דעם סטאַניסלאַווסקי־מעטאָד, האָט זי אָנגעווענדט איר פעמיניסטישן אינסטינקט און מיט תאווה געפאַלן אין זיינע אָרעמס. ער האָט איר אַסטמאַטיש אָטעמען אָנגענומען פאַר געטרייער ליבע.

„אָ!" האָט זי שווער געאָטעמט, „וואָס פאַר אַן איבעראַשונג!" האָט זי הויך געזאָגט, „ווי קומסטו פּלוצים אַהער קיין מעקסיקאָ? איך בין אַזוי גליק־לעך! אָ! סעלווין, סעלווין!"

„איך האָב פאַרשטאַנען," האָט ער אַ האַלב־רויטלדיקער געזאָגט, „אַז דו ביזט איינזאַם און איך האָב זיך פאַרבענקט נאָך דיר און באַשלאָסן דיך צו איבעראַשן און אַריינפליען אַהער."

זי איז געווען זיכער, אַז די איבעראַשונג האָט מער צו טאָן מיט חשד און אייפערזוכט, ווי מיט ליבע און בענקשאַפט. זי האָט אים ליידנשאַפטלעך געקושט און געטראַכט פון דעם גרויסן נס וואָס האָט געטראָפן, פון דעם הימלישן ריח, דעם נס פון קנאַבל.

# סטראַטעגיע

איך מוז פאַרטראַכטן זיך און קלערן,
ווי זיין גלייכגילט צו פאַרטרייבן.
זאָל איך פרייער מיט אים ווערן?
וועט ער לחלוטין ניט פאַרבלייבן.
זאָל איך ווערן מער באַשיידן?
וועט ער גיכער ווי דער וויכער
זיך ערגעץ אַנדערש זוכן פריידן
און געפינען וועט ער זיכער.

איך מוז איצט עפּעס וואָס פּלאַנירן
אויף אַ גוטן, קלוגן אופן
זיך געהעריק טראַנספאָרמירן,
ער זאָל צו אַנדערע ניט לויפן.
כ'וועל אפשר ווערן מיט אים מעסיק,
וועט זיין לייכטער אים צו קריגן,
מיט האָניק לייכטער ווי מיט עסיק
איז באַוויזן כאַפּט מען פליגן.

ער זאָל ניט זיין אַזוי פלעגמאַטיש,
די וויזיטן מאַכן קורצע,
מוז איך צערייצן אים דראַמאַטיש,
נאָר איך טאָר ניט זיין קיין פּורצע.
אויב ס'איז די גאַנצע וועלט אַ בינע?
דאַרפן סצענעס זיין פּריוואָלע.
עס דאַרף מיר זיין אַ נפקא מינה,
איך דאַרף שפּילן די הויפּטראָלע.

ווייב, געליבטע, פריינט דער בעסטער,
און אפילו אויך זיין מאַמע.
אַ קליינע און אַ גרויסע שוועסטער
נאַאיוו און אויכעט אַ דינאַמאָ.
אין זייד און סאַמעט, וואָל און ביינוול,
ערדיש, הימליש, כף הקלע,
פרוי און מלאך, מענטש און טייוול,
איך דאַרף ווערן פאַר אים אַלע.

# נישט געשטויגן נישט געפלויגן




ווישן דער גרויסער צאָל פּראָבלעמען וואָס האָבן מיך אַ לאַנגע צייט געמאַטערט, איז געווען איינער פון אַ הויכער פויגלדיקער קאַטעגאָריע. אין מיין מוח האָט אַרומגעפּלאַ־טערט דער געדאַנק: „קען מען טאַקע דערקענען אַ פויגל פון זיינע פעדערן?"

איינמאָל, אין פּאַריז, אין דער טרינקאַרניע „לע כאַיעם", האָט מיך דער אייגנטימער, מאָסיע פּיער ראָגען, בשעת ער האָט מיר דערלאַנגט אַ גלאָז מיט פויגל־מילך, אַ פרעג געטאָן: „סילוואָ פּלעי, זאָגט מיר, זיינען טאַקע אַלע אָדלערס אין יידישן טעאַטער פון איין משפּחה?"

„ווי," האָב איך אים געענטפערט אויף פראַנצויזיש, „ווי," און נאָכדעם אויף יידיש: „ווי איך פאַרשטיי שטאַמען זיי אַלע פון גרויס־ליבשאַפט."

ער האָט מיר צוגעוואָרפן אַ בליק פון אַ רויב־פויגל און געזאָגט צו מיר אויף פראַנצויזיש: „וואו זעט און מאַגניפיק פּאַסקודניק," און אויף יידיש: „איר זענט אַ קרייענדיקער גאַלאַגאַנסקער האָן און שאַנטיקלער." אַן אמתער פּאַריזער פּאַריזיט.

איך בין געוואָרן רויט און אָנגעבלאָזן ווי אַן אינדיק און ביי זיך באַשלאָסן, אַז איך דאַרף זיך פעדערן און אַרומפליען אויסצופאָרשן דעם פויגלדיקן אמת וועגן די אָדלערס. „קעסקע סע, מאָסיע, פּאַרדאָן מואַ!" איז ניט געפויגלט!

פון דער פויגלדיקער וויסנשאַפט, אָרניטאָלאָגיע, בין איך געווען אַזוי ווייט ווי אַ באָטשיאַן איז פון אַ יעוונוך. ייִנגלווייז, ווען איך פלעג זיך אַרויס־לאָזן אויף געיעג צו כאַפּן פייגל, בין איך פאַרכאַפּט געוואָרן כאַפּנדיק. איך בין געווען אָנגעגורט מיט זאַלץ צו שיטן אויף זייערע עקן. קיין פייגל האָב איך ניט געכאַפּט, אָבער איך האָב אַריינגעכאַפּט גענוג פון מיין טאַטן אויף דעם הינטערשטן פּאַסאַד פון מיינע הויזן.

ווייטער ליגן מיר נאָך אין טעם די פייגל וואָס איך האָב געהערט אויף קאָנצערטן און די פייגל וואָס האָבן געדרשנט אויף באַנקעטן, בשעת איך האָב געפּאַלמעסט האַלבע הינער, פּערטל קאַטשקעס, פולקעס פון גענדז און אינדיי־קעס. אָדלערס האָב איך אָפּטמאָל געזען אויף באַנקנאָטן — איינקעפּיקע, צוויי־קעפּיקע און ביי דרייקעפּ. איך האָב אויך געהערט וועגן פייגל וואָס קענען אַזוי פליען ווי בלייענע פייגל און אַז אָדלערס קענען פליען און שוועבן, נאָר

זיי קענען ניט זינגען; אויך, אַז ס׳זיינען פאַראַן פייגל וואָס קענען זינגען, נאָר מ׳קען זיי אין מויל אַריין ניט נעמען.

יעדער ווייסט אויך, אַז טויבן ברענגען שלום און אַז באָטשיאַנעס ברענגען שטייער־פאַרקלענערונג, בוצלעכע פייגל. פאַראַן אויך סאָוועס, פאַוועס, סאָראָ־קעס, קראָען, פּיקהאָלצס, קנאַקניסלס, שוואַרצע און ווייסע שוואַנען, קאַנאַרי־קעס, פלאַמינגאָס, קאָרשונס, יאַסטראָמבס, וואַראַבעיטשעקעס און סאָלאָוועי־טשיקעס, פּענגווינס, קאַקאַטוס, קאָרמאָראַנטס, נאַכטיגאַלן, שטרויספויגלען און פּאָפּוגעס, פאַראַקיטן און מאַינאָס. די לעצטע דריי קענען פונקט אַזוי, און אפשר נאָך בעסער ריידן ווי געוויסע אַדלערס.

אַלע אַנדערע פייגל וואָס איך האָב דאָ ניט אויסגערעכנט בעט איך, זיי זאָלן זיך מיט מיר ניט אָפּרעכענען ערגעץ אין פּאַרק אָדער אַ גאָרטן. ביי אַ צווייטער געלעגנהייט וועל איך זיי אויסרעכענען לויטן אלף־בית.

איצט, נאָך אָט־דעם הקדמה׳קאָפּ, לאָמיר אָנהויבן צו שוועבן מיט די אדלערס פון יידישן טעאַטער. נאָר, איידער מיר גייען ווייטער, לאָמיר פעסט־שטעלן, אַז צווישן די אַלע אדלערס איז פאַראַן אַזאַ אונטערשיד ווי צווישן אַ בלייענעם פויגל און אַ גלעזערנעם באָק. מיין פלאַטערנדיקע מיסיע איז איינצושטעלן אַ סדר ווער עס איז געפלויגן און ווער ס׳איז ניט געשטויגן און ווי אַזוי.

עס זיינען פאַראַן אַ היפּשע צאָל אדלערס וואָס וואָלטן געמעגט הייסן פּאָפּוגאָוויטש, קראָ׳נער, יאַסקולניק, טויב׳ער, גאַנדז, קאַטש׳ער, אָדער ווי זיי האָבן טאַקע געהייסן, איידער זיי האָבן אָנגעהויבן צו מיינען, אַז זיי קענען אַרומפליען אויף פרעמדע פליגל. זיי זיינען טאַקע אַרויסגעפלויגן פון ווייטע נעסטן און מגדל געווען פייגל מיט געשוואָלענע קעפּ און גענערט געוואָרן פון צער־בעלי־חיימ׳דיקע צושויער.

הכלל, די אמתע אדלערס שטאַמען פון איין שבט, ווען נעפּאָטיזם האָט געפלאָטערט אין יידישן טעאַטער, ווען יעדער קינד און אייניקל האָט געירשנט די קאָנצעסיע פאַר דער בינע, — אָבער ניט תמיד דעם טאַלאַנט.

וועוועקע שעקספּיר האָט געפרעגט: „וואָס מיינט אַ נאָמען?״ איך ווייס ניט דעם ענטפער, אָבער, לאָמיר אַ פּלי טאָן ווייטער, וועמיר אפשר עפּעס אויס־פּיקען.

יעקב פּ. אַדלער איז סיי דער זיידע, סיי אַן אייניקל פון אַדלער־שבט און לוטער אַדלער איז סיי דער זון און סיי דער טאַטע פון יעקב פּ. אַדלער. דאָס איז אַזוי קלאָר ווי דער מצב פון יידישן טעאַטער. ביוניאַ אַדלער איז געווען די פרוי פון יוסף שעהנגאָלד, וואָס איז געווען געזעצלעך פאַרהייראַט צו פרענציס אַדלער, אָבער ער איז ניט געווען קיין ביגאַמיסט. אַ ביגאַמיסט איז איינער וואָס האָט איין פרוי איבעריק, און אפשרביידע.

פון אַ נעסט אין דער מאָלדאַוואַנקע אין אָדעס איז אַרויסגעפלויגן דער נשר הגדול. אָבער אומגליקן טרעפן אומעטום. אונטער זיינע פליגל האָט ער געטראָגן קליינע אַדלערלעך און אַרומגעבושעוועט אין איראָפּע, און ווען ער איז אַריבערגעפלויגן דעם ים האָט ער זיך צע׳יבשה׳וועט און צעשפּרייט זיינע פליגל.

ווי עס איז דער מנהג אַפילו צווישן אַדלערשע טאַטע־מאַמע, האָט מען בסדר געפירט מלחמה, אָבער די קינדער זיינען געקומען בשלום. ער האָט ליב געהאָט די אינסטיטוציע פון הייראַט און ער איז דריי מאָל אַרויסגעפלויגן און פיר מאָל אַריינגעפלויגן אין איר.

פון אים און סאָפי אָבערלענדער איז אַרויסגעקומען אייב אַדלער, וואָס האָט בלויז געקענט פאַרוואַלטן, שאַלטן און וואַלטן און זיך האַלטן אַ לאַנגע צייט.

פון יעקב פּ. אַדלער און דזשעני קאַיזער האָט אַרויסגעטאַנצט דער כאָרעאָ־גראַף טשאַרלס אַדלער, נאָר ער האָט קיינמאָל ניט געטאַנצט צו הויך.

פון יעקב פּ. אַדלער און דינה פיינמאַן האָט אויפגעבליצט ציליע אַדלער. לויט איר פּיקטיוועשר ביאָגראַפינקע האָט זי געפלאַטערט גאָר הויך.

צום סוף זיינען פון אים און שרה אַדלער אַרויסגעפלויגן דזשעי. אַדלער, וואָס האָט נאָך לאַנגע יאָרן אַרומפליען אין גריניזדזש ווילעדזש, זיך געשאַפן אַ נעסט אין האָליוואוד; סטעלאַ אַדלער, וואָס איז אַוועקגעפלויגן פון יידישן טעאַטער און געמאַכט אַ דראַמאַטאָרישע נעסט אין ניו־יאָרק, וואו זי לערנט דעם אַדלער־סטאַניסלאַווסקי מעטאָד און סיסטעם צו טעספּיאַנס; דזשוליאַ אַדלער, וואָס אינספּירירט בלויז דעם מאָלער פּאַשקאַ; אויך לוטער אַדלער פון בראָדוועי, האָליוואוד און טעלעוויסטע פּראָגראַמען. צום סוף ניוניאַ אָדער פרענציס אַדלער, וואָס האָט אויך געשפּילט און זיך געדרוקט, אָבער זי איז ביזן סוף פון איר לעבן פאַרבליבן ניט געבונדן.

עס זיינען געווען נאָך אַדלערס, וואָס האָבן געשפּילט אויף דער בינע, אויף די נערוון, אויגן און אויערן. עס איז קלאָר, אַז ניט אַלע וועלן אַריינפליען אין דער אומשטערבלעכקייט. עס איז אַמאָל געווען אַן אַדלער־מגפה, אָבער קיין רפואה צו דעם האָט מען קיינמאָל ניט אַנטדעקט.

צוויי דזשוליוסעס אַדלערס האָבן געפלאַטערט, איינער אַ סטאַר און דער צווייטער אַן אַקטיאָר. אָבערביידע זיינען געווען פון אַנדערע משפחות.

איז וואָס־זשע מיינט אַ נאָמען? מיט סינטעטישע פליגל האָבן אויך אַרומגעפלאַטערט עמיליע אַדלער און אַב. אַדלער. אַ פאַרשטעלטער אַדלער מיטן נאָמען סעם האָט גאַסטראָלירט אין פּוילן, האָט דאָס געגעבן אימפּעט צו אַ רוסישן באַלאַגאַנטשיק, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן רופן וואַסיעם אַדלער. איר פאַרשטייט די לאָגיק? אויב סיעם (7) מעג, איז וואַסיעם (8) אויך גוט.

סעם, האָט דער עולם זיך באַקלאָגט, האָט אַ קלאָרע דיקציע, מען קען

הערן יעדעס וואָרט וואָס ער רעדט, און וואָסיעם האָט פאַרמאָגט בלויז אַ סך קוראַזש און גאָרנישט מער.

אַ סך פון די אַדלערס זייַנען געוועזן „צודראַנגלעך" און האָבן זיך אַזוי צוגעפּאַסט צום יידישן טעאַטער ווי אַ ראַמבאַ־אָרקעסטער צו אַ לוויה.

עס וואָלטן אויך געדאַרפט דערמאָנט ווערן די אמתע אייניקלעך פוירל און וויאָלעט, אָבער דאָס, האָב איך מורא, וועט בלויז צעשטערן די סטאַ־טעטשנע סטאַטיסטיק און קלאָרקייט וואָס איך האָב אַריינגעבראַכט צווישן די פאַלשע און אמתע אַדלערס און די אַדלערס מיט די אָפּגעפּליקטע פעדערן.

איך וועל פאַרענדיקן מיט דער פלאַטערנדיקער קריטיק פון דעם קריטי־קער יונה טויבשלאַג, וואָס האָט געשריבן וועגן אַן אַדלער:

„ער טאַנצט ווי אַ פּאַווע, איז גראַציעז ווי אַ קאַטשקע, זינגט ווי אַ שפּאַרבער, איז אָריגינעל ווי אַ פּאָפּוגאַי, איז באַשיידן ווי אַ יאַסטרעמב, לאַכט ווי אַ פּיקהאָלץ און איך וויין ווי אַ קאַץ אויף מיינע פאַרלוירענע דריי שעה אין טעאַטער."

און מיט ציטער ציטיר איך דעם עפּיגראַם פון דער לירישער פּאָעטעסע פייגל גאַנדז:

„אַ שוואַן האָט אַ לאַנגן האַלדז און גאָרגלט אַ ליד פון אומעט,
נאָר ר'איז ניט קיין בעל־תפילה און דאַווענט ניט ביים עמוד.
עס פלאַטערט הויך אַ פּעליקאַן, גאַנץ חשיבותדיק און נאָבל,
נאָר קען ניט זיין קיין חזן, כאָטש ר'האָט אַ לאַנגן שנאָבל."



# וואו ביזטו געווען?

(אַן אידילישע סצענע פון אַן אידעאַלן פּאָרל)

פּאַרשוינען:

**די פרוי**

**דער מאַן**

(ווען דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף, זעט מען אַ מאָדערן מעבלירט צימער. לינקס איז די טיר צו דער גאַס, רעכטס, טיר צום שלאָפצימער. די עלעקטרישע לאַמפּן זיינען אָנגעצונדן. אויף אַ ביכער־שראַנק שטייט אַ גרויסער זייגער וואָס ווייזט האַלב נאָך צוויי. פרוי, אָנגעטאָן אין פּידזשאַמעס און שלאָפראָק, דרייט זיך אַרום אַ נערוועזע. זי קוקט אויפן זייגער, פאַרגלייכט די צייט מיט איר האַנטזייגערל, לויפט אין שלאָפצימער און קומט צוריק מיט אַ וועקזייגער, שטעלט אים אויפן טיש, זעצט זיך, נעמט אַ בוך פון טיש, מישט, וויל לייענען, פאַרמאַכט בוך, וואַרפט אים אויפן טיש, שטעלט זיך אויף און הויבט אָן זיך אַרומדרייען אַן אומרואיקע. זי הערט עפּעס אַ גערויש פון דרויסן. זי שטעלט זיך אַוועק הינטער דער טיר. טיר ווערט אויפגעשלאָסן, עפנט זיך, עס קומט אַריין מאַן, טראָגט אין אַ האַנט זיינע שיך.)

**מאַן:** (ער שלייכט זיך אַריין, באַמערקט זי ניט)

**פרוי:** אַ גוטן איך ווייס אַליין ניט וואָס! וואָס ביזטו עפּעס געקומען אַזוי פרי?

**מאַן:** (אין אַ פאַרלעגנהייט, לאָזט פאַלן די שיך) איך, איך בין אַ שלאָפּ־וואַנדלער, אַ נאַכטוואַנדערער... וואָס, דו שלאָפסט נאָך ניט?

**פרוי:** דו מיינסט דו ביזט אַ נאַכטפויגל! ניין, איך בין שוין אויפגעשטאַנען, איך בין אַזוי אויסגעפּוצט דערפאַר וואָס איך גיי צו אַ מאַסקעראַד. וואו ביזטו געווען?

**מאַן:** איך בין געווען... די לופט איז קיל, די בלומען זינגען, די פייגל בליען...

**פרוי:** וואָס בולבעסטו? פּלאָנטערסט מיט דער צונג. אין דרויסן איז שוין שפּעט, דער זייגער איז שוין בלוי, איך מיין דער הימל איז שוין בלוי, די צייט איז שפּעט, דער זייגער איז שוין צוויי מיט פינף און דרייסיק.

**מאַן:** טאַקע? דער זייגער איז בלויז צוויי מיט דרייסיק.

**פרוי:** פינף און דרייסיק!

**מאַן:** דרייסיק. קיין איין מינוט ניט מער. קום שלאָפן.

**פרוי:** פינף און דרייסיק, פינף און דרייסיק. וואו ביזטו געווען?

**מאַן:** דרייסיק. וואו בין איך געווען? וואו האָב איך געזאָלט זיין?

**פרוי:** וואו דו האָסט געזאָלט זיין ווייס איך, אָבער וואו ביזטו געווען, וואו ביזטו?

מאַן: איך בין געשטאַנען אונטן אין גאַס און גערעדט מיט אַ פריינט.

פרוי: (קרימט זיך) אַזוי? אונטן אין גאַס און גערעדט מיט אַ פריינט? און געשטאַנען? ניט געלעגן, ניט געזעסן, נאָר געשטאַנען און מיט אַ פריינט? ווער איז זי?

מאַן: ניט קיין זי, נאָר אַן ער, איך שווער דיר ביי מיינע באָרד און פיאות!

פרוי: דו ווילסט מיר איינריידן אַז...

מאַן: איך וויל דיר ניט איינריידן קיין קינד... איך מיין, זיי ניט קיין קינד. אַז איך זאָג דיר איך בין געשטאַנען אונטן מיט אַ פריינט און גערעדט, בין איך געשטאַנען אונטן מיט אַ פריינט און גערעדט!

פרוי: גערעדט וועגן וואָס?...

מאַן: וואָס הייסט וועגן וואָס? מיר האָבן גערעדט וועגן אַלץ און וועגן גאָרנישט.

פרוי: וועגן אַלץ מיט גאָרנישט. אַזוי? אַ גאָרנישט מיט אַ גאָרנישט? וועגן גאָרנישט רעדסטו דאָך כסדר מיט מיר. וועגן וואָס האָט איר גערעדט?

מאַן: וועגן וואָס מיר האָבן גערעדט, וועט דיך ניט אינטערעסירן. פון דיר רעדט אַרויס אַן אומזיכערקייט־קאָמפּלעקס.

פרוי: אַהאַ! עס האָט מיך זייער געפּרויד'ט! וואו ביזטו געווען?

מאַן: מיר האָבן גערעדט וועגן ישראל־פּאָליטיק און וועגן אַמעריקע. איך האַלט, אַז אין דער איצטיקער פּאָליטישער לאַגע פון ישראל וואָלט געווען דאָס בעסטע, אַז ישראל זאָל דערקלערן מלחמה קעגן אַמעריקע.

פרוי: איצט ווייס איך וואו דו ביזט געווען. אין אַ משוגעים־הויז! וואָס הייסט ישראל זאָל פירן מלחמה מיט אַמעריקע? דו ביזט אַ נאַרישער שאָווי־ניסט, אַ פאַררעטער!

מאַן: ניין... ישראל קען פון דעם בלויז געווינען. אָט גיב אַ קוק אויף דייטשלאַנד, אויף יאַפּאַן. זיי האָבן פאַרלוירן די מלחמה און איצט איז זיי גוט און וואויל. דאָסזעלבע וועט אויך זיין מיט ישראל.

פרוי: אַזוי? און טאָמער וועט ישראל געווינען? דו געדענקסט דאָך אין 1948, און אין 1956, און איצט אין 1967? די אייביקע מעשה מיט דוד'ן און גלית'ן!

מאַן: דו רעדסט פון שלאָף. קום שלאָפן.

פרוי: וואו ביזטו געווען?

מאַן: אין וועלכן יאָר? אָה, איצט? זע איך דאָך אַז דו גלויבסט מיר ניט, וועל איך דיר זאָגן דעם אמת. איך בין געווען אין אַ מקווה'אַריום!

פרוי: אין אַ וואָס?

מאַן: אַ מקווה'אַריום. אַ כשר'ע מקווה. אָ־קעי, דו גלויבסט מיר ניט? איך בין געווען אויף אַ יוניאָן־מיטינג פון זאָמביס. עס איז פאַרהאַנדלט

געוואָרן דער פּראָבלעם פון העכערן די ווידזשעס פון זאַמביס פאַר איבערשרעקן קליינע קינדער אין וואָכנדיקע טעג און העכערע ווידזשעס פאַר שבת און זונטיק.

פרוי: האָסט דאָרט געמעגט פאַרבלייבן. וואו ביזטו געווען?

מאַן: איך בין געווען אין די אָרעמס פון אַ געליבטער!

פרוי: ענדלעך! ענדלעך הערן מיר דעם אמת. מיט וועלכער געליבטער? אפשר מיט דער מיטליעריקער, מיטלמעסיקער מיסעס שלאָסבערג, אָט די מיט די קרומע אויגן, ביי וועמען די הינטערשטע ציין שטייען פון פאָרנט?

מאַן: איך קוק ניט אויף די אויגן, איך קוק ניט אויף די ציין. איך קוק אויף די פיס.

פרוי: איך קוק תמיד אויף איר מאָראַל. הייסט עס, ניט זי? אפשר ביזטו גאָר געווען מיט דער צאַצקע מיסעס פּאַצקע וואָס וואוינט קעגנאיבער, די וואָס האָט פיינט צו הערן אַ צווידייטיקן וויץ? מען זאָגט אָבער, אַז... זי האָט שוין געהאַט אויף זיך מער הענט ווי אַ קליאַמקע.

מאַן: מאַלע וואָס מען זאָגט. ניין, ניט מיט איר, און איך ווייס ניט וואָס זי האָט פיינט און וועמען זי האָט ליב.

פרוי: אויב אַזוי ווייס איך שוין. דו ביזט געווען מיט אונדזער שכנה, וואָס האָט אַ קאָפּ מיט האָר ווי אַ מייערנצימעס. די וואָס מאַכט דעם אָנשטעל אַז קוים זי לעבט, אָבער איך ווייס אַפילו מיט וועמען. מען קען איבערציילן די מענער אין איר לעבן אויף די פינגער פון איין האַנט... פון אַ רעגימענט.

מאַן: ניין, איך בין ניט געווען מיט איר, ניט מיט יענער און ניט מיט דער דריטער, אָבער עס איז גוט צו וויסן וועגן זיי. ניין, איך בין געווען מיט אַ פרומער פרוי, וואָס איז אַמאָל געווען אַ מאַנסביל, און האָט דורכגעמאַכט אַ שווערע אָפּעראַציע. אָבער כאָטש זי איז אַ פרוי, פילט זי זיך זייער אָפּט ווי אַ מאַנסביל.

פרוי: זי איז אַ פרוי און זי פילט זיך ווי אַ מאַנסביל?

מאַן: זייער אָפּט פאַרגלוסט זיך איר לייגן תפילין!

פרוי: דו וועסט מיר ניט פאַרריידן די ציין. וואו ביזטו געווען? דו ביזט אַוועק אַכט אַזייגער, באַלד נאָכן סאַפּער. האָסט געזאָלט אַהיימקומען עלף און איצט איז שוין צוויי מיט פינף און פערציק.

מאַן: צוויי מיט פערציק. קום שלאָפן.

פרוי: דו וועסט היינט ביי מיר ניט שלאָפן. זאָל זיך דיר דוכטן אַז איך בין יענע פרוי. וואו ביזטו געווען?

מאַן: איך בין געווען אַרעסטירט.

פרוי: אַרעסטירט, פאַרוואָס? אין פאַליס-סטיישאַן? ענדלעך האָט מען דיך געפּאַקט. וואָס האָט מען געוואָלט פון דיר?

מאַן: וואָס זיי האָבן געוואָלט פון מיר? זיי האָבן געוואָלט וויסן דעם אמת. יאָ, דעם אמת, וואו איך בין געווען דעם 17טן יוני 1947, צוויי דרייסיק פאַרטאָג?

פרוי: וואָס האָסטו זיי געזאָגט?

מאַן: איך האָב זיי געזאָגט, וואָס איך האָב זיי געזאָגט. האָבן זיי מיך גענומען אויף אַ טוירד דעגרי.

פרוי: און דו האָסט געשוויגן?

מאַן: ניין, איך האָב גערעדט פאַר פייער און פאַר וואַסער. איך בין שוין צוגעוואוינט צו אַ טוירד דעגרי. איך האָב דאָך אַ פרוי. איך האָב זיי געזאָגט וואו איך בין געווען.

פרוי: וואו ביזטו געווען? אָט דאָס טאַקע וויל איך וויסן, אַז ניט וועסטו מיך מאַכן פאַר אַ סינטעטישער אלמנה.

מאַן: אַ סינטעטישע אלמנה? וואָס איז דאָס?

פרוי: אַ סינטעטישע אלמנה איז איינע וואָס האָט איר מאַן אין דר'ערד. וואו ביזטו...

מאַן: איך האָב דיר שוין געזאָגט און געזאָגט, אַז איך בין געשטאַנען אונטן מיט אַ פריינט און גערעדט וועגן זאַכן וואָס אינטערעסירן דיך ניט. מיר האָבן גערעדט וועגן עוואָלוציע און פאַרוואָס אדם האָט זיך געלאָזט אויסשניידן אַ ריפּ.

פרוי: אַזוי? מיך אינטערעסירט דאָס ניט. איך בין בלויז אַ חוה. איך דאַרף זיך בלויז אינטערעסירן מיט טעפּלעך, קנעפּלעך און צעפּלעך. דו ביזט אַ מענלעכער פאַשיסט, אַ מאַנסבילישער שאָוויניסט.

מאַן: איך זאָג ניט אַז דו ווייסט גאָרניט. דו ווייסט אַביסל. מיר האָבן ביידע אַרגומענטירט...

פרוי: ווער זיינען דאָס געווען, מיר ביידע?

מאַן: מיר ביידע זיינען איך און מאיר, מאיר וויניקער.

פרוי: אָט דער פּודניק?

מאַן: פאַרוואָס עפּעס פּודניק? וואָס איז דאָס פאַר אַן אויסדרוק?

פרוי: אַ פּודניק איז אַ נודניק מיט אַ פּי־עיטש־די. און דיין מאיר וויניקער איז דאָס. הכלל, וועגן וואָס האָט איר דאָס אַזוי דעבאַטירט?

מאַן: ניט דעבאַטירט, נאָר גלאַט אַזוי גערעדט וועגן פאַלשע משיחים. איך האָב געזאָגט, אַז ווען ניט שבתי־צבי'ס פּרעסע־אַגענט נתן העזתי, וואָלט שבתי־צבי ניט געוואָרן קיין משיח, אַז שבתי־צבי איז געבוירן געוואָרן אין איזמיר.

פרוי: ווי איז מיר. איז וואָס האָט ער געזאָגט?

מאַן: ער האָט געזאָגט, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין סמירנע.

פרוי: סמירנע איז אויף טערקיש איזמיר.

מאַן: טאַקע? איז ער דאָך געווען גערעכט. (טעלעפאָן קלינגט, זי ענטפערט)

פרוי: העלאָ, ווער איז? ווי איזמיר. מאיר, איר ווילט רעדן מיט מיין מאַן? ער שווימט איצט אין אַ וואַנע. וואָס איז געשען? ווענן שבתי־צבי? לאָזט אים גריסן. אַ גוטע נאַכט, יאָ, איר זיינט גערעכט.

מאַן: (מיט אַ שמייכל איבערן גאַנצן פּנים, האָט איר כסדר נאָכגעקוקט)

פרוי: וואָס האָסטו זיך אַוועקגעשטעלט מיט פאַרלייגטע הענט. קום פאַרלייגן דעם קאָפּ. קום שלאָפן!

מאַן: (גייט צו נאָענט צו איר, נעמט זי אַרום און אַזוי גייעןביידע אָפּ, אויסלעשנדיק די ליכט)

פאָרהאַנג פאַלט



ווי אַ יונגערמאַן מיט רושם און רעש
געזאָגט כ׳האָב: „די וועלט זי עקלט
פון פוסטן פאַלשן קאַמאָפלאַזש
כ׳וואָלט גערן זיך אָפּגעפּעקלט״.
ווי אַ זקן איך זאָג איצט שטיל:
„די וועלט איז ערגער געוואָרן,
נאָר באַוואונדערן דעם שפּיל
איך וויל נאָך לאַנגע יאָרן״.

# יידישע גראַמאַטיק

מען האַלט מיך פאַר אַ טיפּישן גאַנצן חכם עתיק,
נאָר איך ווער אַ טיפּש אין די כללים פון גראַמאַטיק.
מיט מיין מוזע האָב איך זיך געראַנגלט און געפּאַכעט
ביי כללים צווישן לשון רבים און ביי לשון יחיד.
אַז לשון יחיד איז שווערד, איז לשון רבים שווערדן,
אויב איינער איז אַ פערד, זיינען אַלע ניט קיין פערדן.
אַ יחיד האָט אַ פּלאַץ און אַ רבים האָבן פּלעצער,
איין פרוי איז אַ קאַץ, נאָר אַלע ניט קיין קעצער.
זיי זיינען גאָר קעץ, נאָר פון לאַץ ווערט ניט לעץ,
ווייל פון לץ ווערט לצים, נאָר פון געץ ניט קיין גייצים.
פון שניי ווערט שנייען, נאָר פון איי ווערט ניט אייען.
איינער מאַכט אַ טראָט און אַ סך מאַכן טריט,
אויב איינער גייט באַנקראָט, גייען אַלע ניט באַנקריט.
עס קלינגט איין גלאָק און עס קלינגען גלעקער,
פאַרוואָסזשע ווערט פון כניאָק ניט קיין כניעקער?
אָדער, ווייל פון ראָק איז די מערצאָל רעק,
דאַרף פון כניאָק גאָר ווערן כניעק.
איינער טרינקט אַ כוס און אַ סך טרינקען כוסות,
איינער טוט אַ גאָס, און אַ סך ווערן גוסס.
איינער איז אַ גוי, און אַ סך זיינען גויאים,
איך האָב איין פרוי, נאָר כ'וויל אַ סך פרויאים.
איינער שמעקט אַ רויז, אָדער שמעקט אַ סך רויזן,
איך באַוואוין אַ הויז, נאָר וואוין ניט אין קיין הויזן.
הכלל, אי דבר און שליאַבער און צייט איך פּטר,
נישטאָ קיין צייט, איך גיי צו מיין פּסיכיאַטער.

# דועלאָגן, הרגומענטן און אידיאָטיזמען

דער מענטש האָט תמיד געקאָנט און וועט ווייטער קענען
באַשאַפן נייע ווערטער, — צוגעפּאַסט צו דער צייט,
און מיט פּירושים פון וואָרט אונדז באַקענען,
וואָס דאָס לעבן געגעבן האָט אַ נייעם באַדייט.

יידישע שפּריכווערטער זאָגן: „ווערטער זיינען די שאָטנס פון מעשים." / „אַ פּאַטש פאַרגייט, אַ וואָרט באַשטייט." / „ווערטער פאַרשאַפן דיר אַ סך מער שונאים ווי מעשים." / „צוליב איין וואָרט ווערט אַ מענטש אַמאָל אָנגערופן אַ חכם און אָפטמאָל אַ שוטה."

ווערטער היילן, קרענקען, דערצערנען, טרייסטן, פאַרפירן, באַשיינען, פאַרמיאוסן, פאַרגלעטן, צערטלען און צערייצן אאַ"וו. ווערטער קענען זיין האַפּטיק, קראַפּטיק און זאַפּטיק; זיי קענען דערהויבן אָדער דערנידעריקן; זיין אַ שבח, שוואַך און פלאַך; זיי קענען מאַכן פאַלן אָדער שטייגן; שוועבן אָדער שטרעבן. „עס איז בעסער צו וואַרפן אַ שטיין איידער אַ וואָרט;" „אַ הייס וואָרט קען אין איינעם פאַרקילן זיין מאַמעס מילך, אָבער הייסע ווערטער קענען ניט אָנוואַרעמען קיין עסן אָדער אַ פריינטשאַפט."

מוצא שפתיך תשמר, מיינט: „היט דיין וואָרט," אָדער שוויג.

„אַ חכם איז דער וואָס קען זיין מויל פאַרוואַלטן,
ער ווייסט ווען עס צו עפענען או ווען עס צו האַלטן."

כאָטש מאָלט זיך, ניט אַלץ איז ווי מען מאָלט זיך. אַ וואָרט קען אַמאָל מאַכן מער רויש ווי רושם; מער רעש ווי איבעראַשן. משלי (יח, כא) זאָגט: „מות וחיים ביד לשון." די גאַנצע וועלט שטייט אויפן וואָרט.

די צוויי באַרימטע שטאַטסמענער פון 19טן יאָרהונדערט, דיזראַעלי און גלאַדסטאָון, פלעגן כסדר פירן „דועלאָגן" און געהאַט אַ סך צוזאַמענ־שטותן. איינמאָל, נאָך אַ פאַרביטערטן „הרג־ומענט" אין „האָוז אָוו קאָמאָנס", האָט גלאַדסטאָון אַן אויפגערעגטער געזאָגט צו דיזראַעלין: „סער, אייער סוף וועט זיין אָדער אויף דער תליה אָדער פון אַ ווענערישער קראַנקהייט!"

„דאָס," האָט דיזראַעלי צוריקגעשאָסן, „ווענדט זיך צי איך וועל אָננעמען אייערע פרינציפּן אָדער אייער געליבטע!"

ווען מען האָט דיזראַעלין געפרעגט דעם אונטערשייד צווישן אַן אומגליק און אַ קאַטאַסטראָפע, האָט ער געענטפערט: „ווען גלאַדסטאָון וואָלט אַרייגגע־

פאַלן אין טייך טהעימז, וואָלט געווען אַן אומגליק, נאָר ווען מען וואָלט אים אַרויסגעצויגן וואָלט געווען אַ קאַטאַסטראָפע.״

„ווערטער ווי פאַרסמטע שפּיזן,״ האָט י. ל. פרץ געשריבן.

נאָר, ווי די געשטאַלטן פון אונדזער ליטעראַטור שלום־עליכם און די טיפּן פון „דער טונקעלער״ זאָגן: „ניט דאָס בין איך אויסן.״

די אָפּהאַנדלונג איז ניט אַזוי פאַראינטערעסירט אין „וואָרט״ ווי אין „וואָרטשפּיל״, וואָרטשפּיל פון פאַרשיידענע כל־ירפולע קאַטעגאָריעס און מינים.

דער כינעזישער דיפּלאָמאַט, ד״ר וואו טינג פאַנג, איז איינמאָל אויף אַ באַנקעט אין וואַשינגטאָן, וואו מען האָט אים ניט פאַרגעשטעלט, געזעסן נעבן אַן אַמעריקאַנער דאַמע, וואָס האָט אים געפרעגט: „וואָס פאַר אַ ׳זיש׳ זיינט איר, יאַפּאַנעזיש, כינעזיש אָדער יאַוואַנעזיש?״ „איך בין כינעזיש,״ האָט ד״ר וואו געענטפערט און צוגעלייגט: „און וואָס פאַר אַ ׳קי׳ זיינט איר, מאָנקי, דאָנקי אָדער יענקי?״

בפירושע אויסזעצונגען קעגן וואָרטשפּיל אין יידישן לעבן זיינען ניט פאַראַן. פאַרקערט, די וואָס האָבן זיך באַנוצט מיט וואָרטשפּיל אין דער יידישער שפּראַך זיינען אָפטמאָל טיטולירט געוואָרן: וואָרט־ווירטואָזן, אָדער ווי יעקב גלאַטשטיין האָט געזאָגט: „וואָרטאָוזן״, אָבער וועגן דעם עצם מין הומאָר איז כמעט נאָך נישט געשריבן געוואָרן.

דער שורש פון דעם מין הומאָר שטאַמט פון קדמונים. דער יידישער פאָלקלאָר איז דורכגעוועבט מיט וואָרטשפּילן וואָס זיינען געשטיצט אויף פּסוקים פון תנ״ך און מאמרים פון תלמוד. די יידישע ליטעראַטור איז אָנגעפּיקעוועט מיט וואָרטשפּילן פון סאַמע אָנהויב ביז צום היינטיקן טאָג, נאָך פון פאַר מענדעלע מוכר ספרים ביז נאָך משה נאַדיר; פון א. אַלמי ביז ד״ר יעקב שאַצקי און ווייטער. אין וואָרט און אין שריפט איז געווען אַ סך דערפינדערישקייט און אַ סך פאַרשיידנאַרטיקייט. עס זיינען געשאַפן געוואָרן אַ סך ווערטער מיט נייע באַגריפן, דעפיניציעס און טייטשן. נאָר אַ סך מער ווי די פען־קינסטלער האָט דאָס פאָלק אַליין געשאַפן. אין דער ישיבה און אין מאַרק, אין טעאַטער און אין גאַס, אין וויכוחים און אין מחלוקתן, אין רוגזה און אין שפּאַס, אין כעס און אין לצנות, אין פּשטות און אין פּלפּול, אין פרייד און אין אומגליק.

א. אַלמי האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ ריינעם אַריער. אַ וועגעט־אַריער און אַ פראָלעט־אַריער.

פון היטלערס י״ש באַרב־אַרישע צייטן זיינען פאַראַן אַ צאָל וואָרט־שפּילן, ווערטלעך און אַנעקדאָטן, וועגן און קעגן די גערמאַניאַקעס.

ווען יידן אין די געטאָס זיינען געצוואונגען געוואָרן צו שקלאַפן־אַרבעט

מיט דער לאָזונג: „אַרבעט מאַכט דאָס לעבן זיס.״ האָבן זיי געענטפערט: „מיר זיינען ניט קיין נאַשערס.״ דעם טרויעריק־באַרימטן „יודנראַט״ האָבן פוילישע יידן גערופן „יודנפאַרראַט״. אין יענע פאַרצווייפלטע טעג האָבן יידן זיך געוואונטשן דריי וועלטן: „די וועלט, יענע וועלט און רוזוועלט.״

וועגן די שענדלעכע קאַפּאָס אין די טראַגישע צייטן פון מת־פּראָדוקציע פלעגן יידן סאַרדאָניש זאָגן: „בקאַפּאָ יבא ובקאַפּאָ יצא.״ מען האָט די קאַפּאָס געוואונטשן: „זיי זאָלן אַריין אין דער ערד אַזוי טיף וויפיל אַ האָז קען אַפּלויפן אין אַ זומערדיקן טאָג.״

פון יענער צייט איז פאַראַן דער אַנעקדאָט: אַ סוואַסטיקער האָט גע־פּייניקט אַ ייד און אים ענדלעך געפרעגט: „זאָג מיר, יודע, ווען דער געהיימער וואונטש דער יודן וואָלט געשען, און אונדזער גרויסער פירער וואָלט גע־שטאָרבן, וואָס וואָלסטו געלאָזט אויפקריצן אויף זיין מצבה?״

דער ייד האָט ניט לאַנג געטראַכט און געענטפערט: „שיינהייט, לאַוטער־קייט און פאַרגעבונג!״

ווען אַ צווייטער ייד האָט אים נאָכדעם געפרעגט: „וואָס האָסטו געמיינט מיט שיינהייט, לאַוטערקייט און פאַרגעבונג?״

„איך האָב געמיינט: אַ שיינע, ריינע כפרה!״ האָט ער געענטפערט.

מתתיהו באַגדאַנאָוו האָט אין מנשה אונגער׳ס קאָלום „פון אייביקן קוואַל״ פאַרצייכנט דעם אַנעקדאָט: ווען דער צאַרישער אינערן־מיניסטער, סטאָליפּין, האָט איינמאָל אויפגענומען אַ דעלעגאַציע פון יידישע שתדלנים, האָט דער צורר היהודים בלויז געדריקט די הענט פון צוויי יידן.

ווען די שתדלנים זיינען אַוועק פון דער אוידיענץ, האָט איינער געפרעגט: „פאַרוואָס האָט ער בלויז געדריקט די הענט פון צוויי יידן?״

אַ צווייטער שתדלן האָט באַלד געענטפערט: „עס שטייט דאָך בפירוש אין דער הגדה, ׳דבר אחר ביד חזקה שתים׳.״

ד״ר יעקב שאַצקי האָט אויף אַ לעקציע גערעדט וועגן יידן אין צאַרישן רוסלאַנד און אין סאָוועטן־פאַרבאַנד: „אין ניקאָלאַי׳ס צייטן האָבן יידן געהאַט אַ סך צער און זיי פלעגן זיך ווינטשן: ׳מיר זאָלן אַזוי ניט וויסן פון קיין צאַר.׳ אין די צאַרישע צייטן האָבן יידן ניט געהאַט קיין ׳פּראַוואָ־זשיטעלסטוואָ׳ און אין סאָוועטן־פאַרבאַנד האָבן זיי ניט קיין ׳לעוואָ־זשיטעלסטוואָ׳.״

אַ וואָרטשפּיל קען באַצייכנט ווערן ווי אַ קליינער בליץ אין אַ שמועס. ווען דאָס פאָלק באַשאַפט אים איז דאָס אַ סימן פון אַ הויכער קולטור־מדרגה, פון אַ פיינעם חוש פאַר הומאָר.

אַ גרויסער טייל פון הומאָר אין דער ענגלישער שפּראַך איז געבויט אויף וואָרטשפּיל. עס איז כלומרשט פאַראַן צו דעם אַ ווידערווילן, אָבער אַפילו די אויסגעשפּראָכענע שונאים לאַכן און האָבן הנאה. אפשר איז גערעכט

דער וואָס זאָגט: „אַ שונא פון וואָרטשפּיל איז דער וואָס קען אים ניט באַשאַפן."

דער דיכטער אַגדען נעש איז אַ מייסטער פון וואָרטשפּיל, געקינצלטע ווערטער, איינפאַלן און גראַמען. די ווײטערדיקע צוויי־שורה'דיקע פערזן זיינען ניט קיין איבערזעצטע, נאָר נאָכגעמאַכטע:

„די טשערעפּאַכע און דער טשערעפּאַך,
פּאַוואָליע, פּאַמעלעך קינדלען אַ סך."

אָדער:

„מיידלעך וואָס זיינען באַברילטע,
האָבן חלומות ניט פולפילטע."

אָדער אונדזער פערז:

„שריי ניט קעגן מענטשלעכן אומרעכט בייזעריק,
וועסט בלייבן אַ נאַר און בלויז ווערן הייזעריק."

ענגלישער וואָרטשפּיל איז כמעט אוממעגלעך איבערצוזעצן אויף יידיש. דאָסזעלבע איז אויך פון אַנדערע שפּראַכן. אַ קליינער אויסנאַם איז דייטש.

ייִנגלוויז בין איך מיט מיין טאַטן געגאַנגען אין ווין שפּאַצירן. אויפן וועג צום קיסר פראַנץ־יאָזעפ'ס פּאַלאַץ, האָט ער מיר פּלוצים געפרעגט: „דו ווילסט אפשר זען די 'פיר הערען'?"

איך האָב געטראַכט פון פיר ריטער, פיר גענעראַלן וכדומה. צום סוף האָט ער מיך צוגעפירט צו אַ פּאַרקל אויפן גראַבען, און מיר אָנגעוויזן: „אָט זיינען די 'פיר הערען' און 'פיר דאַמען'..."

אָדער אַן אַנדער וויִנער יידישער וויץ: „ווער פון די דריי באַרימטע מענער האָבן געהאַט אַ מער טאַטנרייכן לעבן — הערצל, דער צאַר אָדער ראָטשילד?" דער ענטפער איז: „הערצל האָט געהאַט אַ טאַטנרייכן לעבן, דער צאַר אַן אַטענטאַטן־רייכן לעבן און ראָטשילד אַ רייכן טאַטע־לעבן!"

כמעט אַלע קלאַסיקער אין דער ענגלישער ליטעראַטור האָבן זיך באַנוצט מיט וואָרטשפּיל. אין טהאָמאַס הוד'ס פּאָעמע „סאַלי בראַון" איז פאַראַן די שורה: "They went and told the sexton and the sexton toll'd the bell". מען וואָלט געקאָנט אויף יידיש זאָגן: „זיי האָבן דאָס צעקלונגען פאַר דעם סעקסטאָן (שמש, גלאָקנציער) און דער סעקסטאָן האָט צעקלונגען דעם גלאָק." ענלעך, אָבער ניט פּינקטלעך.

שעקספּיר פרעגט: „וואָס מיינט אַ נאָמען?" וואָס וואָלט געמיינט דער נאָמען שעקספּיר ווען ער וואָלט ניט געהאַט אָנגעשריבן זיינע פּיעסן? ער האָט זיך אויך באַנוצט מיט וואָרטשפּיל, ווי למשל, אין „הענרי דער 6טער", די שורה וועגן דער שטאָט רוים און רוים (אַרומוואַנדלען).

מען קען אויף יידיש זאָגן: „ניטאָ קיין רוים אין רוים."

ווי אַנדערע לשונות פֿאַרמאָגט אויך יידיש אַ היפּשע צאָל ווערטער, וואָס האָבן פֿאַרשיידענע טייטשן, ווען אויסגעלייגט אויף איין אופֿן אָדער ניט.

האָמאָנימען:

„איך שווער מיין שווער איז שווער אַראָפּצושלינגען;" „ער האָט ניט קיין יידישן אָדער, ניט אין אלול אָדער אין אדר;" „זאָגן ליגן און ליגן איינגע־לייגט איז אויף איין אופֿן אויסגעלייגט;" דער לייכטער איז לייכטער; ווען דער פעטער ווערט מאָגער, ווערט דער מאָגערער ניט פעטער; „שעמען זיך? שמן איז גוט פֿאַר דעם לאָמפּ." פֿון ליטוויש־יידישן פֿאָלקלאָר נעמט זיך דער וויטערדיקער געדריי: „שעמען זיך? שמן איז בוימל, בוימל איז אייל (אויל), אל איז גאָט, און פֿאַר גאָט דאַרף מען זיך שעמען."

אין איינגאַנץ בערנשטיינ'ס גלענצנדיקער אַרבעט, „יידישע שפּריכווערטער און רעדנסאַרטן", איז פֿאַרצייכנט דאָס ווערטל: „פֿון זאָגן ווערט מען ניט טראָגן." אין דער וועלטלעכער ליטעראַטור איז שוין לאַנג אַראָפּגענומען געוואָרן דער חרם אויף ווערטער. צום באַדויערן באַנוצן זיך מיט דער פּרי־ווילעגיע אַ צאָל נבול־יסטן און פּאַטשקונעס. פֿון שונד ביז שאַנד איז דער חילוק נאָר איין וואָקאַל. בערנשטיין האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג פֿון עראָטישע ווערטלעך, וואָס איז אַריינגעפֿאַלן אין די הענט פֿון אַ וואולגאַרנישט פֿון אונדזער דעגענעראַציע און ער האָט אין יאָר 1929 מזכה געווען אונדזער גענעראַציע מיט אַ ביכל פֿון 20 זייטלעך מיט אַ הקדמה פֿון „געשמאַקלויזיקן" תוכן. ניט אַלץ וואָס איז געשלעכטלעך איז גערעכטלעך.

מען קריגט אַ סך „פּרויד" פֿון אַזאַ מין שרייבן, אָבער מען האָט ניט קיין הנאה. עס איז ליבידאָ־וועט אָדער גע־יצר־הרע־ווען.

פֿון אַ וואָרט ביז אַ וואָרטשפּיל איז אָפּטמאָל דער חילוק בלויז איין אות. אָפּט איז עס דער אַנטאָנים פֿון דעם וואָרט. אָפּטמאָל פֿאַרנאַרט אַ גלייכע שורה צו אַ קרומען אויספּיר. אויב שווערע קליידער זיינען ווינטער־דיקע, פֿאַרוואָס זאָלן גרינגע נישט זיין זומער־דינע?

אָט זיינען אַ צאָל פֿון אַלע מינים, זיי שליסן אויך איין עראָטישע און סקאַטאָלאָגישע:

„ניטאָ קיין גלייכערס ווי אַ קרומע לייטער, און קיין קרומערס ווי אַ גלייכ־ווערטל." „איר ווייסט, אין ניסן איז גוט צו שטאַרבן, נאָר בעסער איר." (שפּיל אויף חודש אייר). „אַ רופֿא איז אַ דאָקטאָר מעדיצין, אַ דענטיסט אַ דאָקטאָר מיט די ציין." „קבצנים זיינען אָרעמע־לייט, ווייל גבירים זיינען קיין לייט ניט." „קבצנים דאַרפֿן עסן פעטן קעז און גבירים מעגן דאַרן."

מען דאַרף ניט קיין פּירושים צו די ווערטלעך, זיי האָבן אַלע וויטאַמינען פֿון פֿאָלקס־חכמה. „עס ווענדט זיך וואו דער חמור שטייט, שטייט ער אין

שטאַל איז דאָס אַן אייזל, שטייט ער אין קעלער איז עס ווייִן." (שפּיל אויף חמור, אייזל און חמר — פון אַראַמעאישן, ווייִן.) „איך האָב אַ שוועסטער אסתּר און אַ ברודער עסט ער." „דער יידע איז ווייס ווי שניי און פּרעסט."

ווייל איך וויל אויך ברענגען די גאולה אויף דער וועלט, וועל איך ציטירן דעם תּלמודישן פּסוק: „האומר דבר בשם אומרו מביא גאולה לעולם" און אַריינברענגען מיינע וואָרטשפּילערייען: „פאַראַן מענטשן וואָס לעבן מיט אַ פילאָזאָפיע און אַנדערע וואָס לעבן מיט אַ וויפיל־אָזאָפיע." „פאַראַן באַאיווע מענטשן מיט עזות, אַז עס קליינגען גלעקער מיינען זיי אַז עס איז חגא, אַז עס ווערט זיי געשפּיגן אין פּנים, מיינען זיי אַז עס רעגנט."

א. אַלמי האָט געזאָגט: „ביי אַ רונדן טיש זיצן אַלע גלייך." „ביי יעדער זיצונג נעמט מען אַ שטעלונג." אויף דער שורה האָט מען גע׳לצ׳עוועט: „יעדע שטעלונג קומט פון אַ זיצונג, / יעדע פאַרקילונג קומט פון אַ פאַר־שוויצונג." / ח. נ. ביאַליק פלעגט זיך וויצלען וועגן דער הברה ספרדית און אשכּנזית: „מען קען רחמנות האָבן אויף אַ יתום, אָבער גיי האָב רחמנות אויף אַ יאַטאָם (יתום)." צו דער הברה אשכּנזית געהערט אויך זיין סאָפּיסטי־שער וויץ: „דאָס פּאָרל איז גליקלעך, ווייל עס האָט דורכגעמאַכט אַן אַקאַדע־מישע בילדונג אין מיטה־לאָגיע, פּתיחה־לאָגיע און ביאה־לאָגיע." שלום־עליכם האָט געשאַפן אַ דעפיניציע וועגן אַ רודף שלום: „איינער וואָס לייגט זיך אַריין צווישן מאַן און ווייב." משה נאַדיר האָט כּסדר אין שריפט און אין געשפּרעך „וואָרטאָוזירט". ווען עמיץ האָט אים געפרעגט: „מר. נאַדיר, פאַר־וואָס זאָלט איר אַמאָל ניט אַרויסגיין מיט אַ פּיעסע?" האָט ער געענטפערט: „צו וואָס? אין סעקאַנד עוועניו טעאַטער איז איינער שוין אַרויסגעגאַנגען מיט אַ פּיעסע." מיט אַן איינציקן וואָרט פלעגט ער פּאַטשן אַ שונא און אַ געוויסע צייטונג אָנגערופן: „דער מאָרגן־יוריגאַל". אונדזער סטערילע מענטש־הייט האָט ער גערופן: „מענטשנ־טומטום". בינע שטערן (סטאַרס), האָט ער געהאַלטן, האָבן ניט קיין טאַלאַנט נאָר טאַלאַנטין. משה עלבוים זאָגט: „טאַ־לאַנטיבוף". זלמן זילבערצווייג, זאָגט מ. בודעלמאַן, האָט געשאַפן אַ טעאַטער־לעק־סכּנה. און יוסף שמעון גאָלדשטיין איז אַ „כּל־עם־ניסט".

מענדעלע מוכר ספרים און שלום־עליכם האָבן געשאַפן וואָרטשפּילן פון אַן אַנדער מין. זיי האָבן געשאַפן נעמען פאַר שטעטלעך אָפּצושפּיגלען דעם גייסטיקן און עקאָנאָמישן מצב פון יידן: טוניעיאַדאָווקע, דלפּנסק, גלופּסק, יעהופּעץ, קבצנסק אאַ״וו. שלום־עליכם האָט אַריינגעלייגט פּסוקים אין מויל פון זיינע געשטאַלטן, וואָס האָבן זיי געטייטשט (לויט דער סיטואַציע אין וועלכער זיי האָבן זיך געפונען) אויף אַ פאַלקסטימלעכן אופן.

דאָס גאוני׳אַלע פאָלק האָט געוועורטלט: „אַלע שייַנדעלעך זיינען מיאוס, / אַלע זיסעלעך ביטער, / אַלע גיטעלעך שלעכט." „ניט יעדע ווייב וואָס הייסט

ברכה, איז אַ ברכה.״ פאַראַן נאָך אַ סך מיט נעמען. „טויבע הערן וואָס מ׳דאַרף ניט.״ „טאָמער, טאָמער. תמר איז געווען אַ יידענע.״ „קין איז ניט הבל.״

אויך מיטן צווייטן נאָמען האָט מען זיך אַרומגעשפּילט. פאַראַן אַן אַנעק־דאָט וועגן אַ גראַפאָמאַן מיטן נאָמען ביק, וואָס האָט ענדלעך גע׳פּועל׳ט ביי אַ רעדאַקטאָר אים אויפצונעמען. ווען ער איז אַריין, האָט אים דער רעדאַקטאָר געזאָגט: „זיצט, ה׳ אָקס.״

„מיין נאָמען איז ביק,״ האָט דער שרייבער געזאָגט.

„וואָס איז דער חילוק?״ האָט דער רעדאַקטאָר געפרעגט. „איך שטויס זיך אָן, אַז ביק, אָקס, שטיר, בוהאַי איז ניט קיין ביזאָן... איך מיין בזיון?״

אויב מיר ווילן ווילן, ווילן מיר נעמען נאָך נעמען. שפּילער אין יידישן קונסט־טעאַטער פלעגט מען רופן: „שוואַרץ־קינסטלער.״ וועגן פילם „גרינע פעלדער״, רעזשיסירט פון יעקב בן־עמי, האָט אַ קריטיקער געזאָגט: „דער פילם איז ניט אַזוי דינאַמיש ווי בן־עמיש.״ וועגן חנה אַפּעל האָט מען געהאַלטן, „זי איז די שוואַרץ־אַפּל פון יידישן קונסט־טעאַטער.״ משה נאַדיר האָט וועגן דער קינסטלערין קעני ליפּצין געשריבן: „איר נאָמען קעני קומט אפּנים פון קעניגין.״ ווען אַן אַקטיאָר מיטן נאָמען לעאָן שעכטער האָט זיך פאַרמאָסטן צו שפּילן די ראָל פון דוד שאַפּיראָ אין שלום־עליכמ׳ס „שווער צו זיין אַ ייד,״ האָבן די שוישפּילער פון דער טרופּע געגראַמט: „לעאָן איז אַן אַקטיאָר ניט קיין שלעכטער, נאָר שלום־עליכמ׳ס ראָלן שעכט ער.״ וועגן אַ געוויסן שרייבער מיטן נאָמען עפּשטיין איז געזאָגט געוואָרן: „עס איז שווער נעבן עיפּושטיין.״ ווען משה נאַדיר האָט געזען אַ פּיעסע, פאַרפאַסט פון בערל באַטוויניק, האָט ער באַמערקט: „דאָס שטיק באַווייזט אַז עס פאַרמאָגט שכל בערל, באַט ווייניק.״ וועגן בריגהעם יאַנג, דער פירער פון די מאָרמאָנען, ביי וועלכע פילווייבעריי איז געווען דערלויבט, האָט דער אַמעריקאַנער הומאָ־ריסט מאַרק טווין געשריבן: „די מיידלעך אין יוטאַ הייראַטן מערסטנס יאַנג.״

אַ „לימעריק״ (שפּאַסיקער פינף־שורהדיקער געגראַמטער פערז) איז גע־שריבן געוואָרן וועגן דריי וועלט־באַרימטע יידישע פּערזענלעכקייטן: די פּאָעטעסע גערטרוד סטיין, דער סקולפּטאָר יעקב עפּשטיין און דער באַגרינדער פון דער רעלאַטיוויטעט־טעאָריע, אַלבערט איינשטיין. די איבערזעצונג איז מיינע:

„פאַראַן אַ משפּחה מיטן נאָמען סטיין,
ס׳איז דאָ אַן ׳עפּ׳, אַ ׳גוירט׳ און אַן ׳איין׳.
גוירט׳ס פּאָעזיע איז געשלומפּערט,
עפּ׳ס סטאַטועו אומגעלומפּערט,
און קיינער פאַרשטייט ניט דעם איין.׳

פאָלקסווערטלעך זיינען אָנגעפּיקעוועט מיט וואָרטשפּילן: „אַ שטעקן האָט צוויי עקן, וואו מען וואַרפט אים בלייבט ער שטעקן.“ „לאָזן זיך יידן מערן, וועט זיין ביליק פּעטרישקע.“ „גאַנדז גוט, קאַטשקע נאָך בעסער.“ „יעדע אַלמנה האָט איר מאַן אין דר׳ערד.“ „אין לעמבעריק זיינען קיינמאָל ניט געבוירן געוואָרן קיין גרויסע מענטשן, נאָר קליינע קינדער.“ „אַז דאָס ווייב איז צופּיל בריה, מאַכט זי פון מאַן אַ בער.“ „אַז דער מאַן איז אַ משולח איז זיין ווייב אַ משולחת.“ „אַז דאָס ווייב איז אַ יולדת איז איר מאַן אַ יאָלד.“ „אַז די מאַמע איז אַ צדקת איז איר טאָכטער אויך אַזוינע.“

„פון זעקס ערלעכע פריינט כ׳האָב מיט פלייס
געלערנט אַלצדינג וואָס איך ווייס.
זיי זיינען: ׳וואו, ווען, ווער און וואָס
און ווי אַזוי און פאַרוואָס?׳“

„ווער עס ווייסט ניט פון בייז (בית) ווייסט ניט פון גימל.“ „אַבי געזונט, דאָס לעבן קען מען זיך אַליין נעמען.“ דער תנא ר׳ מאיר זאָגט אין מדרש רבה: „טוב מאד, טוב מות.“ דאָס פאָלק איז מיט אים ניט מסכים און זאָגט: „מען זאָל גאָרניט דערלעבן צו שטאַרבן.“ „אַז מען שטאַרבט אין דער יוגנט, איז עס אויף דער עלטער ווי געפונען.“ „דאָס לעבן איז בעסער ווי דער טויט, נאָר ס׳איז בעסער צו זיין טויט־מיד, איידער לעבנס־מיד. אַפילו טויט־שיכור איז אויך בעסער.“ שלום־עליכם זאָגט (האָדל): „בעל כרחך אתה חי — מיט געוואָלט לעבסטו און מיט געוואָלט צערייסטו אַ פּאָר שטיוול.“

די זון זעצט זיך, די מילך זעצט זיך, אַ זעצער זעצט, אַ בעקער זעצט און אַן אַנזעצער זעצט אויך אָן. וועגן אַ שאַריעפּאַסער זאָגט מען: ער שטייט ניט גוט, ווייל ער איז צו לאַנג געזעסן. עס טוט אים ווייי זיין געזעס.

דער פּראָסט נעמט, די סדרה גייט, דאָס לעבן רוקט זיך, דער דלות בלייבט.“ „בלוט איז ניט דיקער ווי וואַסער, נאָר וואַסערדיקער.“ „דער געזונטסטער מאָגן איז דער מגן אבות.“ „וואָס גלייכסטו הודו ביז כוש? הודו איז אויבן און קוש איז אונטן.“ „אונטער (הינטער) די אויגן מעג מען אַפילו שלאָגן דעם רבי׳ן.“ „אויפן רעכטן וועג ווערט קיינער ניט אויסגעגלינקט.“

גימטריאות, נוטריקונ׳ס, ראשי־תיבות, פּונקט ווי קללות און ברכות, זיינען אויך טיילן פון וואָרטשפּיל־פאָלקלאָר. וועגן „שלג“ (שניי) און „גשם“ (רעגן) איז פאַראַן דער אַנעקדאָט: אַ וואַלד־סוחר איז אַוועק צום רבי׳ן בעטן אויף אַ שנייאיקן ווינטער, מחמת שליטנס באַלאָדענע מיט קלעצער גליטשן זיך גלאַט איבער שניי.

דער רבי האָט זיין חסיד געהייסן באַצאָלן די סומע פון שלג, 333 רובל. דער חסיד האָט אים באַצאָלט און ביים אַוועקגיין האָט ער אין פאָדערהויז געטראָפן די גבאי׳טע פון „מלביש ערומים“ און איר געגעבן 10 רובל אַ נדבה.

דער ווינטער איז געקומען מיט קליינע שנייען אָבער מיט גרויסע רעגנס און דער גאַנצער וועג פון וואַלד אָן איז געווען איין גרויסע, טיפע בלאָטע. דער וואַלד־סוחר איז געבליבן שטעקן מיט די קלעצער און ער איז ווידער אַוועק צום רבי׳ן מיט אַ יללה.

דער רבי האָט אים אויסגעהערט און געפרעגט: „זאָגט מיר, ווען איר זיינט דאָ לעצטנס געווען, האָט איר נאָך עמעצן עפּעס געגעבן?"

דער סוחר האָט גענומען טראַכטן און נאָך אַ ווײַלע געענטפערט: „יאָ, ביים אַוועקגיין פון אייך, האָב איך געגעבן אַ נדבה פון 10 רובל צו דער גבאי׳טע פון..."

„אויב אַזוי," האָט דער רבי געזאָגט, „האָט איר זיך אַליין פאַרדאָרבן די תפילה. 333 איז שלג, אָבער איר האָט אַוועקגעגעבן נאָך צען איז שוין געוואָרן 343 און איר האָט פון דעם געמאַכט גשם."

עמך האָט אַ היפּש ביסל צוגעטראָגן מיט טייטשן פּסוקים און ווערטער קאַפּויר.

ווען אַ מיאוסע מיידל גייט חתונה האָבן, פלעגן יידן זאָגן: „בגעלע, בגרינע ובשמחה רבה" (פון בגילה ברינה ובשמחה רבה). עמך פאַרבייט עשרה מיט שרה און זאָגט: „אויב שרה איז צען איז רבקה עלף."

די יידענע וואָס האָט צוגעוואונטשן: „מ׳זאָל שיסן מלחמות אויף יידן," האָט געמיינט צו זאָגן: „ישועות ונחמות אויף יידן." „איך האָב ליבער רייז (רייס) פון דיר." „אַז ויקהל איז אַ קניש איז פקודי אַ וואַרעניק." (ווייל ויקהל מאַכט רש״י: ואכניש). אויף בעגלא ובזמן קריב האָט מעד געטייטשט: „אויב בעגלא איז אַ וואָגן, איז בזמן קריב אַ שליטן." „אַז מען גייט טאָן אַ שידוך, דאַרף מען קוקן אויף דער כלה׳ס קני." דאָס וואָרט „קני" האָט די אותיות פאַר „קרן, נדן, יחוס." אויף אַ ליגנער מאַכט מען די ברכה: „שהכל נהיה בדברו." ווען איינער ווערט גערופן 52 איז דאָס די צאָל פון „כלב". ווען מען זאָגט וועגן איינעם, „ער איז אַ גוטער בצדק," האָט דאָס די נוטריקון פון „ביז צו דער קעשענע." אַ ליטוואַק שרייט מען נאָך „לחם". די אותיות מיינען: „ליטוואַק, חזיר, ממזר." 18 איז „חי" און 17 איז „טוב". ווען מ׳לויבט איינעם צופיל נאָך זיין טויט, זאָגן סקעפּטיקער: „אחרי מות־קדושים־אמור", צונויפ־קייטלענדיק דריי סדרות.

אַ טייל פון די וויטערדיקע באַלאַנגען שוין צום אַמעריקאַניש־יידישן פאָלקלאָר. „אונטער דר׳ערד זאָלט איר לעבן, גייט אַ באַן."

מירל באַגעגנט בייקען און פרעגט: „וואָס מאַכסטו?" ענטפערט בייקע: „וואָס זאָל איך מאַכן? איך לעב!" „איך ווייס," זאָגט חייקע, „איך ווייס אַפילו מיט וועמען."

אין אַ הויזן־שאָפּ האָט אַ פאָרמאַן געהאַט אַ טענה צו אַ פּרעסער: „וואָס

פאַר אַ מין פּרעסן איז דאָס? איין פּאַק איז געשוואָלן פון פאָרנט, אַ צווייטער פון הינטן! איר רופט דאָס אַן פּרעסן?"

דער פּרעסער האָט געענטפערט מיט אַ שמייכעלע: "אָסור אויב איך ווייס. פּרעס איך דאָ, ווערט געשוואָלן דאָרטן; פּרעס איך דאָרט, ווערט געשוואָלן דאָ."

אַ הענדלער פון אַלטוואַרג האָט תמיד געהאַט בעלנים זיין סחורה אָפּצוקויפן. מעבל, געשיר, בעטגעוואַנט, פּלעגן זעלטן איבערנעכטיקן ביי אים, אַנדערע קבצנים פלעגן זיי באַלד אָפּקויפן. ווען איינער האָט אים אַמאָל געפרעגט: "איר האָט היינט עפּעס צו פאַרקויפן?" האָט דער הענדלער געענטפערט: "איך האָב איינציקע קנאַפּעס צו פטרן. איך האָב קנאַפּ פּרנסה, קנאַפּ מזל און קנאַפּ ברויט."

קלאַסנבאַוואוסטזיין קלינגט אַרויס פון אַ סך פאָלקסווערטלעך: "דער עושר זאָרגט וואָס די פּערל זייַנען שיטער, און דער קבצן וואָס די פּערלגרייץ איז ביטער." "אַז דער חזן האָט ווייניק שכירות, דערלייגט מען אים נאָך עטלעכע משוררים." "אַ גרויסער פאַרדינער איז אַ קנאַפּער דערלייגער." די טבע פון ענטפערן אַ שאלה מיט אַ שאלה האָט אַ פּסיכאָלאָגישן הינטערגרונד פון ספיקות, פון אומצוטרוי און דורות לאַנגע געוואוינהייט. "וואָס מאַכט איר? וואָס זאָל איך מאַכן?" "פון וואַנען קומט איר? פון וואַנען זאָל איך קומען?" לצנות־טרייבער ענטפערן אויף "פון וואַנען קומט איר?" — "איך קום פון גרויס ליבשאַפט." "פון וואַנען זייט איר? פון פלעשל!" "וואָס הערט זיך אין אַלגעמיין? איך בין קיינמאָל ניט געווען אין אַלגעמיין."

אין אונדזער ראַדיאָטישער, טעלעוויסטער צייט הערן מיר אָפט איבער דער לופט אויסגעלופטערטע, וואָדע־ווילדע קאָמיקער הומאָר־דעווען וואָרט־שפּילן. אַפילו ערנסטע אַרטיסטן און פּענאַליסטן באַנוצן וואָרטשפּילן וואָס האָבן אַ זין אָדער אומזין. זיי וואָלטן פאַרדינט אַ סך שבח ווען זיי וואָלטן ניט געווען אַזוי שוואַך.

אַ גוטער קאָמיקער איז אַ "קלאָונפּרינץ", אַ שיינע זינגערין אַ "זינגזאַציע". אויב זי איז שענער ווי זי איז אַ זינגערין איז זי אַ "סעקס־זאַציע". אַ שיינער אַקטיאָר איז אַן "אַדאָניס" און אויב דער אדון איז אַן עגאָאיסטישער זינגער איז ער אַ "פּרימאַדאָניס". דער בויגזאַמער און עלאַסטישער שוישפּי־לער לעאָן פוקס, איז גערופן געוואָרן "אַן אַקראָ־בטלן". אַ שלעכטן זינגער רופט מען אַ "טרובאַדוראַק". אַ "סערענודניק" מיט אַ סקיזאָפרענישן קאָמ־פּלעקס איז איינער וואָס ווערט פאַרפאָלגט פון די לידער וואָס ער האָט געקוילעט. יעדער קריטיקער איז שוין לאַנג אַ "היפּאָ־קריטיקער". ווען איינער האַלט ניט פון אַ צייטונג, שרייבט דער רעדאַקטאָר "אידיאָטאָריעלס" און זיין צייטונג איז "פּרעסטיטוציע". אַ פּרויען־יעגער, "יצר־הרע'ווער אויף דעם "עולם־הזה־ינדיקן" וועלטל. ווען אַ פּאָרל גייט חתונה האָבן, נעמען זיי אַרויס

אַ „הרי־את־עסטאַציע״. ווען אַ שווישפּילער־פּאָרל צעשיידט זיך, האָבן זיי אָפּגעשפּילט „די גט־לעכע קאָמעדיע„. אַ יונגע סוברעטקע איז ניט אַזוי מוזי־קאַליש ווי „מוזיק־אַליש״. אַ פיינער הומאָריסט — אַ „הומאָריסטאָקראַט״, אַ פילם־טעאַטער — אַ „סינעמאַגאָגע״.

ד״ר י. שאַצקי האָט געהאַלטן, אַז דאָס וואָרט אַמאַטאָרן איז אַ העכערע מדרגה ווי ליבהאָבער. „פאַרוואָס עפּעס ליבהאָבער? פערד האָבן ליב האָבער.״ אַ זעלטענער שווישפּילער איז איינער וואָס שפּילט זייער זעלטן. אים דאַרף דער רעזשיסער זאָגן: „ברענגט אַריין אַביסל לעבן אין אייער שטאַרבן.״ שווישפּילער און שווישפּילערינס ווערן אויך גערופן „טהעספּיאַנס״, נאָר אויב זיי האָבן ליב צו „אַלקאָ־הוליען״ דאַרף מען זיי רופן „טהעספּיאַניצעס״.

משה נאַדיר האָט טראַנספאָרמירט אַ צאָל פרעמדע ווערטער, זיי געגעבן יידי־שע „ווי־טעם־מינען״. דאָס בלימל „פאַרגעס־מיך־ניט״ האָט ער געיידישט אויף „געדענקמירל״, נאָר פון אַרבל האָט ער אַרויסגעשאָקלט אַ וואָרט „פניעכעם״, וואָס איז בשעתו געווען פּאָפּולער. „פניעכעם״ איז דאָסזעלבע ווי דאָס ענגלישע „וואָטשעמיקאַליט״, וואָס איז אַ במקום פאַר אַ סך זאַכן; פאַר עפּעס אָדער עמעץ וואָס מען געדענקט ניט דעם ריכטיקן נאָמען אָדער וואָרט. „גיט מיר דעם פניעכעם, נאָט אייך דעם פניעכעם, וואָס מאַכט דער פניעכעם? וויפיל קאָסט דער פניעכעם?״

פון מיינע יינגלישע יאָרן געדענק איך אַ רעטעניש: „וואָס איז דאָס אַן וועלכן קיין זאַך קען ניט עקזיסטירן? — אַ נאָמען„ אָפּטמאָל דאַרף מען אין יידיש נוצן אַ פניעכעם, מחמת עס איז ניט פאַראַן קיין וואָרט פאַר דעם. דאָס איז גאָר אַ מאַרביד־נער צושטאַנד.

„עסקאַלייטער״ איז אַ גלייך וואָרט פאַר דעם קרומען „עסקאַלעיטאָר״. רעצעפּט איז גוט פאַר שונאים און פאַר דער אַפּטייק, נאָר אַ... פניעכעם... אַ רעסיפּי, צו מאַכן אַ מאכל, איז ביי מיר „עסעפּט״ רעצעפּטן פאַר חולאים, „עסעפּטן״ פאַר געזונטע.

דער פּאָעט סעניאָר כאַקאָבאָ גלאַנץ פון מעקסיקאָ סיטי, גלאַנצט אין שריפט און אין געשפּרעך מיט וואָרטשפּילן. נאָך אַ דרשה פון נ. כאַנין, אין וועלכער ער האָט מיט ענטוזיאַזם מגזם געווען די גרויסע מעלות פון „אַרבע־טער־רינג״, האָט גלאַנץ געזאָגט: „פון איצט אָן וועט מען דאַרפן זאָגן, אל רחום וכאַנין.״ גלאַנץ איז דער פּאַטראָן פון אַ ליטעראַרישן קאַפע אין מעקסיקאָ סיטי, וואו ער סערווירט צו „יידן פון אַ גאַנץ יאָר״ מעקסיקאַנישע און יידישע מאכלים. אַ טוריסט פון ניו־יאָרק האָט אים אַמאָל פאָרגעשלאָגן צו פאַריידישן געוויסע שפּייזן. פון „ענטשילאַדאָס״ זאָל ווערן „ענטשילאַטקעס״, פון „פרי־כאָלעס״ זאָל ווערן „פרישאָליעס״ און פון „טאַקאָס״ מיט קעז זאָל ווערן „טאַקינצעס״ און מיט פלייש „טאַקאָגן״ אָדער „טאַקעניקעס״.

„דאָס,‟ האָט גלאַנץ געענטפערט, „איז טאַקע אַן עלפאַנטאַסטישער דבר־אחר.‟

אין פאָלקסליד און אין פאָלקסטימלעכן ליד זיינען אויך פאַראַן פאַרשייד־דענע שפּראַכלעכע איינפאַלן. די דריי באַלעבאַטים וואָס זינגען שבחים וועגן „אַ חזנ׳דל אויף שבת‟, אָדער די פראַגן און ענטפערס אין אַ „רעטעניש‟ זיינען פול מיט באַאיוויטעט און יידישן טעם.

בפירושער וואָרטשפּיל איז פאַראַן אין „קאַטערינאַ מאַלאַדיצאַ‟.

אַ קאָזאַק סערענאַדירט זיין שיקסע: „קאַטערינאַ מאַלאַדיצאַ פּאַידי סיודאַ‟. אַ רבי, זיצנדיק אין זיין חדר איבער אַ ספר, מיינט ער הערט אַ בת־קול און שאַפט זיין פאַראַלעל: „כת רינה מלא דיצה פה דע שדי.‟

אויך אַמעריקע האָט בייגעשטייערט צום יידישן פאָלקלאָר. אָט איז אַ לידל אויף די קלאַנגען פון „יענקי דודל‟:

„יענקי דוד׳ל פאָרט דאַון טאַון
רייט ער אויף אַ פערדל,
ער רייט אַריין אין באַרבערשאַפּ
און שערט זיך אָפּ דאָס בערדל.‟

און בלויז איין וויץ, — בלויז ווייל ער געהערט שוין צום גזיעג צו דער לבנה:

זאָגט אַ יידישער אַסטראָנאָט צו זיין מאַמען: „מאַמע, איך דאַרף גיין אַרביטן.‟ ענטפערט די מאַמע: „אַ געזונט דיר אין דיין קעפּסולע!‟

ווי וויט איז עס פון אַרבעטן ביז אַרביטן, אָדער פון קעפּעלע ביז קעפּ־סולע? דער וואָס שוועבט אַרום אין עולם התוהו, האָט אַן עלעפאַנטאַזיע, אָבער דער וואָס גייט אַרביטן וועט אפשר דערגרייכן איינעם פון די ש״י עולמות.

יידישע וואָרטשפּילן זיינען היפּשלעך באַאיינפלוסט געוואָרן פון פרעמדע לשונות. עלעמענטן פון אַנדערע שפּראַכן זיינען אויסגענוצט געוואָרן אין פאַרשיידענע פאָרמען. יידישע פּראַוואָסלאַוונע אינטעליגענטןריידן „רשעות‟.

אַ יונגער מחבר האָט געבראַכט זיין ספר מיטן נאָמען „יהגה חכמה‟ צו אַ רבי׳ן פאַר אַ הסכמה. דער רבי האָט נאָכן איבערלייענען צוגעשריבן: „צאַ יעגאָ טאַ ניע חכמה, אַ צאַ חכמה טאָ ניע יעגאַ.‟

„נעם‟ אין אונגאַריש איז ניין. ווען אַן אונגאַרישער ייד הערט דאָס וואָרט „נעם‟ צו אַ מסחר, מאַכט ער: „נעם בעזים קערעם בוידים.‟

אין לאַטיין־אַמעריקע שפּאַסן יידן: „אַ קי עסט אַן אַ מעסער.‟ אַנדערש סילאַביזירט מיינט עס אויף שפּאַניש: „אַקי עסטאַ אונא מעסא‟ — אָט דאָס איז דער טיש. אַ שייכות מיט דעם ענגלישן לשון האָט דאָס ווערטל: „ער איז אַ וואַקלדיקער בר־מצווה, ער גייט פון באַר צו באַר.‟ פון איין משקה־טעריץ צו אַ צווייטער, ער וויל ווערן „ליקווידירט‟. אַן אַמעריקאַניש־יידישער סאָל־

דאָט שרייבט פון יאַפּאַן: „מיר געפעלט ניט די רעפאָרמירטע יידישקייט פון 'קי־שינטאָ' פאַר אונדזער סאַמו'ראַבאַי...״

אַ היפּשע צאָל פון די וואָרטשפּילן זיינען „פּראָזאַ־איקעט״, אָבער מיר ווילן ניט אַרטיקולירן, מיר ווילן ניט זיין דער פּוסק, נאָר דער צוזאַמענקלייבער פון אַלע קאַטעגאָריעס. לינגוויסטן וועלן פון דעם „פּרטי־כּל״ דאַרפן אויס־אַרבעטן דעם צוזאַמענשטעל, און אפשר וועלן אַ צאָל פון זיי קריגן בירגער־רעכט אין „גרויסן יידישן ווערטערבוך״.

דזשאָרדזש בערנאַרד שאָ זאָגט: „פאַראַן צוויי טראַגעדיעס אין לעבן: ווען מען דערגרייכט וואָס מען וויל און ווען מען דערגרייכט ניט וואָס מען וויל.״ און אונדזער דזשאָרדזש בערנאַרד שאָ־לעם עליכם האָט געזאָגט: „מזנבתא דחזיראָתא לא מאַכאַנטאָ שטריימעלאָתא.״ ... לויט אונדזער טייטש מיינט עס, פון זאַלץ פעפער און פאַבריקע מאַכט מען ניט קיין קוגל. מען דאַרף האָבן אַ סך, אַ סך מער. וואָרטשפּילן זיינען די זאַלץ, פעפער און פּאַפּ־ריקע, די געווירצן וואָס גיבן צו טעם, רייץ, געשמאַק צו אַ שפּראַך, צו איר פאָלקלאָר, צו איר הומאָר און סאַטירע.

אין דער אָפּהאַנדלונג דאַרפן אויך אַריינקומען ווערטער־פּאָרלעך וואָס מיינען ניט וואָס זיי שיינען צו מיינען. „דבר אחר,״ „פּרייע ליבע,״ „אָפענער מח,״ „שיינער ייד״... אאז״וו. פונקט ווי דבר־אחר האָט פאַרשיידענע קאָנאָ־טאַציעס אַזוי האָט אויך פרייע ליבע... נאָר מען דאַרף ניט זיין קיין דבר־אחר. אַן „אָפענער מח״ מיינט ניט אַ פּוסטער קאָפּ. אַ „שיינער ייד״ מיינט ניט קיין הדרת פּנים, קיין קראַסאַוויעץ. אַן אַנעקדאָט איז פאַראַן: איין ייד באַ־געגנט אַ צווייטן און ער זאָגט אים אָן די טרויעריקע בשורה: „האָסט געהערט? משה זרח איז געשטאָרבן!״

דער צווייטער פאַרטראַכט זיך און זאָגט: „משה זרח? משה זרח? איך געדענק ניט.״

מאַכט דער ערשטער: „משה זרח, דער מיט דער אויסגעדרייטער האַנט און אויסגעלינקטן פוס.״

דער צווייטער שאָקלט מיטן קאָפּ און זאָגט: „איך געדענק ניט.״

זאָגט ווידער דער ערשטער: „משה זרח, דער מיטן בלינדן אויג און טויבן אויער.״

„אסור,״ זאָגט דער צווייטער, „איך קען מיך ניט דערמאָנען.״

„האָסט אַ פאַרשטאָפּטן קאָפּ,״ שרייט דער ערשטער, „משה זרח מיטן הויקער פון פאָרנט און פון הינטן.״

„אַ, ער!״ באַדויערט דער צווייטער, „אַ שיינער ייד געווען!״

***

איינער האָט אַ פּנים און אַ צווייטער האָט „אויך מיר אַ פּנים.“

דער וואָס ווערט זיך, נאָר ווערט באַזיגט, פאַרלירט ניט זיין ווערט.

„אַלע הויקערס זייַנען קרום, נאָר דער ׳הקר רגלך׳ איז גלייך״ („הקר רגליך מבית רעך״, משלי). זיין סעמאַנטיש מיינט פּראָסט און פּשוט טייטשן „עין תחת עין״ — אַן אויג פאַר אַן אויג, אָבער שלום־עליכם איז אַנטי־סעמאַנטיש און טייטשט „עין תחת עין — אַ פּאַטש פאַר אַ פּאַטש.“

דער אַקוזאַטיוו פון „דו״ איז „דיך״. ווען אברהם זאָגט צו זיין קנעכט: „שים־נא ידך תחת ירכי,״ מיינט עס, „טו דיין האַנט אונטער מיין דיך.“ אַן אַפּיקורס וואָס איז ניט צופרידן מיט דעם טייטש פרעגט: „וואָס עפּעס דיך?״ ענטפערט מען אים: „מיינען מיינט מען די מילה, נאָר באמת מיינט מען דיך!״

ווען מאַרק טוועיג׳ס „האָקעלבערי פין״ לייענט פאַר דעם נעגער „דזשים״ וועגן שלמה המלך, אָדער ער דערקלערט אים פאַרוואָס פראַנצויזן ריידן אַנ־דערש ווי אַמעריקאַנער, איז דאָס הומאָר געבויט אויף אומוויסנהייט און אומפאַרשטענדלעכקייט מצד דעם שוואַרצן. שלום־עליכמ׳ס געשטאַלטן טייטשן פּסוקים גאָרניט סעמאַנטיש, נאָר ווי זיי געפינען פאַר נויטיק אין געוויסע סיטואַציעס און בלויז זעלטן צוליב אומוויסן.

„מי במים ומי באש — ווער ס׳פאַרט און ווער ס׳גייט צופוס.“ / „מי ברעש ומי במגפה — אַז ס׳איז באַשערט מוטשען זיך, שענקט גאָט דאָס לעבן.“ / „עולים ויורדים — אַז מ׳שמירט פאָרט מען.“ / „עני חשוב כמת — אַן פינגער קען מען קיין פייג ניט שטעלן.“ / „רפאינו ונרפא — שיק אונז די רפואה, די מכה האָבן מיר שוין אַליין.“ / „שובר אויבים ומכניע זדים — געבראָכן פענצטער און געריסן בעטגעוואַנט.“ / אָדער די קאַלאַמבורן: „משנה מקום, משנה פלעצל;“ „נותן בצימבל, הולך בטענצל...“ דאָס איז אַלץ לויט שלום־עליכם „בשגגה — אויף געלעכטער.“

„עד כאן אומרים בשבת הגדול,״ טייטשן מיר: „זאָל זיין גענוג פון דעם מין״ און אַריבער צו אַנדערע טיילן פון פאָלקסהומאָר, צו חכמה׳דיקע אידיאָ־טיזמען, וואָס האָבן אַ שטיקל שייכות מיט וואָרטשפּיל.

***

אין לעמבערג, פאַר שבת הגדול, פלעגן שטיפער לאָזן אָפּדרוקן באַנ־בילעטן פאַר פאַרכעס, צו פאָרן קיין מצרים. די לצנות בעמט זיך פון אַ שפּאַסיקן טייטש פון ערשטן פּסוק פון „בשלח״. „ויהי בשלח פרעה את העם ולא נחם אלקים דרך ארץ פלישתים...״ און עס איז געווען אַז פרעה האָט אַוועקגעלאָזן דאָס פאָלק, האָט זיי גאָט ניט געפירט אויפן וועג פון לאַנד פון די פלישתים... אָבער לצנות־טרייבער האָבן דאָס פאַרדרייט: „ולא נחם — אָבער ניט נחום,״ וואָס איז פאַרבליבן ביי פרעה׳ן, וואָס מיינט, איינער פון די

פּאַרכעס, פּרעה־כעס. דעריבער פּלעגט מען מען יעדן פּאַסקודניק רופן: „נחום־פּאַרך." וועגן אַזאַ מין נפש האָט מען געזאָגט: „אויף זיין קאָפּ רוט ניט די שכינה, נאָר דער שחין." צו אַ ניט־אָנגעלייגטן גאַסט זאָגט די באַלעבאָסטע: „אירווילט טיי? פּאַרע־איך."

וועגן פּרעה׳כעס האָט דער אייגנאַרטיקער הומאָריסט יוסף מאַרשעליק געשאַפן אַ פייגעם וואָרטשפּיל: „נאָסער איז דער גרעסטער פּאַסקודניק וואָס סע־גיבט־אין מצרים."

אין מיין בוך „די וועלט איז כעלעם" האָב איך אַריינגעפירט אַ פאַרדרייטן פּסוק, געטייטשט, ווי דער גאַליציאַנער זאָגט, „פּיטשיפּוי" (זע זייט 240־241): „וכל בני בשר יקראו — יעדער בני־בשר דאַרף קרייען." דער וויטערדיקער באַלאַנגט אויך צום גאַליציאַנישן פאָלקלאָר: „ער איז אַביסל ׳סעקס־זאַטיש׳."

אין דער וועלטלעכער ליטעראַטור איז שוין אַראָפּגענומען געוואָרן דער חרם אויף ווערטער. אין פאָלקלאָר האָט מען זעלטן בראַקירט ווערטער וואָס האָבן אַ שייכות מיט געשלעכט אָדער סקאַטאָלאָגיע. אין יידיש איז מען גאָר אָפּגעהיטן און מאָראַליסטיש און צוליב דעם ווערן פאַרלוירן אַ היפּשע צאָל לומדישע וויצן און אַנעקדאָטן, וואָס וואָלטן געמעגט פאַרצייכנט ווערן, ווייל זיי פאַרמאָגן אַ היפּש ביסל חכמה און קענטעניש.

„רבותי! אין ספר פּראָלניק איז געשריבן: ׳קדחת איז ניט קיין קרענק, פּורים איז ניט קיין יום־טוב.׳ דאָס קלעפּט זיך ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט. ווייל עס שטעלט זיך די קשיה: אויב איינער שטאַרבט פון קדחת, דאָס מיינט פון אַ קרענק, צי מעגן זיינע קינדער עסן געפילטע פיש אין יום־טוב פּורים? וועגן דעם ענין דאַרפן מיר נעמען אַ ראיה פון המנ׳ען. אַז המן איז געווען אַ צדיק ווייסט דאָך יעדער. וואָרים מה־דאָך, אַז אברהם אבינו האָט געוואָלט אומברענגען אין יידן איז ער געווען אַ צדיק, היינט מכל שכן אַז המן האָט געוואָלט אומברענגען אַלע יידן איז ער דאָך אַוודאי געווען אַ צדיק. דער גאַנצער ענין איז אַזוי קלאָר ווי דער נעכטיקער טאָג. אויב המן איז טאַקע געווען אַ צדיק, פאַרוואָס האָט מען אים אויפגעהאַנגען אין סאַמע מיטן פּורים?

„איבער דעם קריגן זיך דריי תנאים: רבי שקרן, רבי כזבן און רבי כופר. רבי שקרן זאָגט, מען האָט המנ׳ען אויפגעהאַנגען דערפאַר וואָס ער איז געווען אַ רייכער, כדי צו באַווייזן זיין רייכקייט.

„רבי כזבן זאָגט, מען האָט המנ׳ען אויפגעהאַנגען דערפאַר וואָס ער איז געווען אַ שיינער, האָט מען אים אויפגעהאַנגען צו באַווייזן זיין שיינקייט.

„אָבער רבי כופר זאָגט, מען האָט המנ׳ען אויפגעהאַנגען מחמת ער איז געווען אַ נאַסער, האָט מען אים אויפגעהאַנגען ער זאָל זיך אויסטריקענען.

„איצט לאָמיר חוקר ודורש זיין וועמער פון די דריי תנאים איז גערעכט.

„זאָלן מיר זאָגן ווי רבי שקרן זאָגט, אַז ער איז געווען אַ רייכער, שטייט

דאָך 'זאת דלפון' און דלפון איז געווען אַ קבצן. זאָלן מיר האַלטן מיט ר' כזבן, אַז ער איז געווען אַ שיכּור, שטייט דאָך 'זאת ויזתא' און ויזתא האָט געהאַט אַ לאַנגע נאָז. מוזן מיר דעריבער האַלטן מיט רבי כופר, אַז ער איז געווען אַ נאַסער און מ'האָט אים אויפגעהאַנגען ער זאָל זיך אויסטריקענען.

„בלייבט בלויז די קשיה, פאַרוואָס עפּעס גאָר אין פּורים? איז דער תּירוץ, אַז המן האָט געהאַט ס'קדחת צוליב פּורים אסתר און דערפאַר טאַקע, אויב איינער שטאַרבט פון קדחת דאַרפן זיינע קינדער עסן אין יום־טוב פּורים פיש מיט כריין, ונאמר אמן."

דאָס וואָרט דלפון האָט אַן אינטערעסאַנטע עטימאָלאָגיע. עס איז אַ סינאָ־נים פאַר אביון, קבצן, אָרעמאַן א"אַ. גאָלאָמב אין זיין „מלים בלשוני" האַלט, אַז דאָס איז אַ שידוך פון העברעאישן „דל", וואָס מיינט אַן אָרעמאַן, מיט דעם דייטשן טיטל „פאָן", וואָס איז געגעבן געוואָרן צו יעדן קבצן. אַ לויזיקן דייטש פלעגט מען אין גאַליציע רופן: „גראַף פאָן האָבעניקס." פון צונויפגע־פאָרטן וואָרט איז געוואָרן „דל־פאָן", וואָס איז נאָכדעם געענדערט געוואָרן אויף „דלפון" ווי אין דער מגילה.

יעדעס שטעטל האָט געהאַט אַ רבי'ן, נאָר אַפּיקורסים זיינען געווען אומעטום. אַ גילוח איז אַמאָל געקומען צו אַ רבי'ן און אים געוואָלט געבן שלום. איז דער רבי אָפּגעשפּרונגען, שרייענדיק: 'דו שייגאָץ, ווי האָסטו געוואָגט אָפּצוגאָלן דיין באָרד?' עס איז דאָך געשריבן „ופאת זקנם לא יגלחו"!'

„'רבי,' האָט דער גילוח געענטפערט, 'איך האָב געמיינט, ווייל אַ מענטש ווערט געבוירן אָן אַ באָרד מעג ער לעבן אָן אַ באָרד.'

„'אַ מענטש ווערט געבוירן אָן ציין,' האָט דער רבי געשריגן, 'פאַרוואָס רייסטו ניט אַרויס דיינע ציין?'

„'רבי,' האָט דער גילוח געזאָגט, 'איר זיינט גערעכט, אָבער שרייט ניט אויף דער באָרד, שרייט אויף די ציין.'"

ישיבה־בחורים, וואָס האָבן זיך דערנערט דורך „עסן־טעג" אָדער „עסן טייג", זיינען געזעסן און געלערנט און געלעגן אויף פּלייצעס פון די וואָס האָבן אויך געהאַט ווייניק, און אין די צייטן פון דחקות האָבן זיי גע'לצ'עוועט מיט שיחת־חולינ'דיקע, כלומרשט לומדישע אידיאָטיזמען.

פּורים־שפּילער האָבן בלויז איינמאָל אין יאָר געבליצט, משמח געווען די יידן אין שטעטל. כמעט אומעטום איז געווען אַ פּורים־רב, וואָס האָט אויסגעפלאָכטן אַ דרשה. עס זיינען אויך געווען פּאָפּולער מעשה־דערציילער.

מיין שוואָגער, דער קדוש מרדכי האָכנער, האָט געשטאַמט פון אַ קליין שטעטל אין גאַליציע, נעמיראָוו (ניט פּרץ'ס נעמיראָוו). אַ גאָר פרומער חסיד און למדן, דאָך האָט ער מיר ייִנגלווייז דערציילט אַ לצנישע מעשה, צו וועלכער

איך האָב מיט יאָרן שפּעטער געפונען אַ גלייכן אין מ. וואַנווילד׳ס „ביי אונדז יודן".

איך וועל איצט איבערגעבן די מעשה, ניט אײנגאַנצן פּינקטלעך.

אַמאָל איז געווען אַ רב מיט אַ רביצין, אַ הונט מיט אַ לאָשיק. האָט דער מלך אַרויסגעגעבן אַ גזר, אַז מען טאָר ניט פאַרבינדן דעם קאָפּ מיט אַ שייטל האַלץ און מען טאָר ניט צולייגן קיין כריין צו אַ באָפּל פון אַ קימפּעט־קינד. האָט דאָס געערגערט דעם ונתנה תוקף, האָט ער געכאַפּט דאָס אויבערשטע פון שטויסל און געוואָרפן דעם הונט, האָט ער באַקומען אַ געשוואָלן שווענצל. האָט דער הונט גענומען לויפן אין וואַלד אַריין, אַ געדיכטער וואַלד, וואו אײן בוים פון אַנדערן איז געווען אַ מייל די נאָענט. זעט ער אויפן שפּיץ פון בוים שטייט אַ פּלוי און לאַכט דאָס גרעסטע געלעכטער, כאָטש זי האָט געהאַט אַ געשווילעכץ אויף אַן אויג, אַזוי גרויס ווי אַ וועלעשענער נוס. וואָס טוט מען מיט אַ נוס? מען קנאַקט זי אויף. האָט זיך פון איר אַרויסגעשאָטן אַ סלאַי מיט אײנגעמאַכטס און אַכצן מעטער לייוונט. מיט אַכצן מעטער לייוונט איז אַפילו אַ הונט אַ סוחר. איז ער צוזאַמען מיט דעם רב, דער רביצין און דעם לאָשיק אַוועק אין שטאָט האַנדלען. טרעפן זיי דאָרטן אַן אייזל מיט אַ גאַנדז טראָגן אַ פּויער. איז ער מיט זיי מושווה געוואָרן, באַצאָלט פאַר דער גאַנדז, געשאָכטן דעם אינדיק, אָפּגעפּליקט דאָס קעלבל, איז דער לאָשיק געוואָרן טריפה. קאָכט מען שוין פון געגדזענע גריוון אַ יויך. מען גרייט צום טיש טעלער און לעפל און ווען דער בעל־דרשן האָט גענומען דעם ערשטן לעפל, האָט זיך דער לעפל צעבראָכן און עס איז אַרויס אַ שוואַרצער פויגל, וואָס האָט זיך געשטעלט אויפן עק טעלער און איבערגעקערט די יויך און האָט אַלעמען אָפּגעבריט. איז מען געלאָפן צו אַ פעלדשער, האָט ער זיי אויסגעשמירט מיט גרעטשענעם שמאַלץ און געהייסן נעמען וואָס מען וועט טרעפן. האָבן זיי גענומען די פּיס אויף די פּלייצעס און געטראָפן אויפן הימל אַ יריד, וואו מען האָט געקלאַפּט מיט גראַגערס. פון קלאַפּן ווערט פּוטער און אַז מען האָט פּוטער, שמירט מען און אַז מען שמירט, פאָרט מען, איז מען אַריינגעפאָרן אין טיפער בלאָטע, האָט דער רב געוואָלט כאַפּן זיינע שטיוול, נאָר ס׳איז געווען שטאָק־פינסטער אין וואָגן, איז ער אַריינגעקראָכן אין צוויי אָפּגעבראָטענע געגדז און מיט זיי אַריין אין דער בלאָטע. אַז מען וועט אַרויס־קריכן פון דער בלאָטע וועט מען ווייטער דערציילן. אַ קאַטשקע אַריין, אַ גאַנדז אַרויס און די מעשה איז אויס.

אַ העכערע פּאָזיציע אין שטעטל האָט פאַרנומען דער מגיד. געוויסע שטעט האָבן געהאַט אייגענע באַרימטע מגידים, אָבער אין די מערסטע שטעט־לעך פלעגן זיי גאַסטראָלירן אין אַ שבת נאָכמיטאָג אָדער אין אַ מיטנוואָכנ־דיקן אָוונט.

אָט די מליצה־יאָנטן האָבן געהאַט הומאָר צוליב דעם טייטשן פון אַ פסוק מיט פאַרשיידענע ראיות. יהושע מאַרק, אַ פעטער פון יודל מאַרק, האָט אונדז איבערגעגעבן אַ מגידות פון אַ ליטווישן מגיד.

„קומט צוגיין דער הייליקער משורר, דער נעים זמירות ישראל, דוד המלך און ער גיט זיך אַ זאָג (תהלים ל״ב): על זאת יתפלל כל חסיד אליך לעת מצא רק לשטף מים רבים אליו לא יגיעו. לאָמיר, רבותי, נעמען און פאַרשטיין דעם פסוק אויף יידיש. על זאת — דערפאַר, יתפלל — זאָל מתפלל זיין, כל חסיד — יעדער חסיד, אליך — צו דיר, לעת — צו דער צייט, מצא — פון געפינען, רק לשטף — נאָר צו אַ פאַרפלייצונג, מים רבים — פון אַ סך וואַסערן, אליו — צו אים, לא ייגעו — זאָלן ניט דערגרייכן.

„רבותי, עס קלעפּט זיך ניט אַ וואָרט צו אַ וואָרט. וואָס האָט עפּעס דער חסיד מורא, אַז אַ פאַרפלייצונג זאָל אים ניט דערגרייכן? אָבער . . . כדי בעסער צו פאַרשטיין דעם פסוק, דאַרפן מיר מקדים זיין און ברענגען אַ גמרא.

„די גמרא דערציילט אונדז אין מסכתא גטין: ווען טיטוס הרשע, ימח שמו וזכרו, האָט חרוב געמאַכט דאָס בית־המקדש, האָט ער גענומען פיר הונדערט יידישע מיידלעך פון ירושלים, זיי אַוועקגעזעצט אויף אַ שיף און זיי געפירט קיין רוים לבושה ולכלימה ר״ל.

„דערציילט אונדז די גמרא, אַז די פיר הונדערט מיידלעך זייַנען אַרייַנגעשפּרונגען אין ים און זיך מוסר נפש געווען אויף קידוש השם. נאָכדעם ווי די מיידלעך זייַנען דערטרונקען געוואָרן, האָבן זיי זיך באַזינען: ׳סטייטש, וואָס האָבן מיר דאָ אָפּגעטאָן? מיר זייַנען דאָך געווען געצוואונגען פון טיטוס הרשע און דער דין איז דאָך אַז אונס רחמנא פטריה, אַז געצוואונגענערהייט האָט מען אונדז געפירט, נאָר מיר האָבן זיך פאַר דיר, רבונו של עולם, מוסר־נפש געווען, און על פי דין האָבן מיר דאָס ניט באַדאַרפט צו טאָן. דעריבער קומען מיר צו דיר, רבונו של עולם, מיט דריי בקשות. די ערשטע בקשה איז: דו זאָלסט אונדז ווידער לעבעדיק מאַכן, דו ביזט דאָך אַ ממית ומחיה; די צווייטע בקשה איז: ווען מיר וועלן ווידער לעבעדיק ווערן, ווילן מיר, ווי דער שטייגער איז, חתונה האָבן, זיך באַמאַנען כדת משה וישראל, און די דריטע בקשה איז: אַזוי ווי דו האָסט אַמאָל געזאָגט אונדזער חוה׳ן, ווען זי האָט געגעסן פון עץ־הדעת, „והוא ימשל בך״, ווילן מיר, אַז דו זאָלסט משנה זיין דעם פסוק און עס זאָל ווערן והיא תמשל בו.׳

„און רבותי, כך היה. דער רבונו של עולם האָט זיך ניט געקאָנט אָפּטשעפּען פון די מיידלעך און ממלא געווען אַלע דריי בקשות. זיי זייַנען ווידער לעבעדיק געוואָרן, זיי האָבן אַלע חתונה געהאַט און זינט דעמאָלט זייַנען זייערע מענער אויף גרויסע געהאַקטע צרות.

„איצט לאָמיר זיך צוריקקערן צום פסוק. על זאת — דערפאַר, יתפלל —

זאָל מתפלל זיין, כל חסיד — יעדער חסיד, לעת — צו דער צייט, מצא — פון געפינען, וואָס הייסט געפינען? ווען דער חסיד גייט חתונה האָבן, רק לשטף מים רבים — אַז אָט איינע פון יענע דערטרונקענע מיידלעך, אליו לא יגיעו — זאָל אים ניט באַשערט זיין.״

***

די אָפּהאַנדלונג האָט ניט געהאַט בדעה צו קאַטעגאָריזירן אָדער קלאַסי־פיצירן, נאָר איינשליסן אַלע מינים וואָס זיינען צו געפינען אין דער גאַמע פון יידישן לשון, — פון נאַאיוויטעט ביז סאַפיזם, פון פשטות ביז לומדות. וואָרטשפיל איז ניט קיין זשאַרגאָן, ניט קיין וואָרט׳שען, נאָר יידיש מיט פּאָלי־גלאָטישער באַפוצונג. לינגוויסטישע אייגנאַרטיקייטן און ריידנס־אַרטן, לאָקאַ־ליזמען, אידיאָטיזמען, — אַפילו לשון הרע און קללות.

דער פּרטי־כּל איז אויסן געווען צו באַווייזן דעם קאָלירפולן אינסטרומענט, די יידישע שפּראַך, די שפּילעוודיקייט און האַרמאָניע, די וויבראַציעס און קלאַנגען און ווי אַזוי דאָס פאָלק און די פען־קינסטלער האָבן געשפּילט אויף איר; ווי אַזוי זיי האָבן געשאַפן די אָרקעסטראַציע פון דעם אייגנאַרטיקן הומאָר און פאָלקלאָר.

די אָפּהאַנדלונג איז אויך ניט אויסן געווען צו דעפינירן צווישן גוטע און שלעכטע וואָרטשפּילן, וואָס זיינען פונקט ווי וויצן און אַנעקדאָטן. וואָס עס געפעלט ניט איינעם פעלט אויס דעם צווייטן. איינס האָט אַ טעם און דאָס צווייטע האָט אויך מיר אַ טעם. עס זיינען תמיד פאַראַן בייע צוהערער און לייענער.

ס׳איז אמת, עס זיינען פאַראַן בלויז צוויערליי וואָרטשפּילן, — גוטע און שלעכטע. אָבער ביידע רופן אַרויס געלעכטער. ווען זיי זיינען גוטע, לאַכט מען פון וואָרטשפּילן, ווען שלעכטע, לאַכט מען פון די וואָס האָבן זיי געמאַכט.

וואָרטשפּילן ווערן געמאַכט בכוונה אָדער בשוגג, כדי צוצוגעבן קאָליר, כדי צו שאַפן מיט איין אות, אָדער איין וואָרט אַ צווייטן באַגריף, אַ נייעם געדאַנק, כדי טיפער און בעסער צו טרעפן אין ציל. „וויל נאָר ווערסטו ווערן אַ ווילנער גאון.״ מאַקס נאָרדאו האָט אין זיין ערנסטן בוך „דעגענעראַציע״ גענוצט דאָס וואָרט „סיפיליזאַציע״ פאַר „ציוויליזאַציע״. הערמאַן גאָלד האָט וועגן אַ געוויסן שרייבער געזאָגט: ער שרייבט ניט קיין „היסטאָרישע נאָוועלעס, נאָר היסטערישע נבלות.״

דער קוואַל איז ניט אויסצושעפּן, אָבער „עד כאן אומרים,״ טייטשן מיר „געענוג קאַלאַמבורעוועט.״ און מיר פאַרענדיקן, אַז וואָרטשפּילן זיינען מערסטנס איינמאָליקע בליצן, און עס איז ניט אמת, אַז אַ בליץ טרעפט בלויז איינמאָל. אַ סך פון די וואָרטשפּילן וועלן ניט אַריין אין דער אייביקייט. זיי זיינען פונקט

ווי אַ סך איינגעבירגערטע ווערטער וואָס לעבן זיך אויס זייער צייט און ווערן אַרכאַאיש. זיי זיינען פּונקט ווי געוויסע זומער־פייגעלעך, וואָס לעבן אויף איינמאָל אין 17 יאָר אויף בלויז איין טאָג. זיי זיינען אומפאַרמיידלעך, ווי געוויסע מיידלעך. אַזוי וויל דאָס געזעץ פון דער נאַטור און אַזוי וויל דאָס געזעץ פון אַ לשון, אַ לעבעדיק לשון, און בלויז אַ לעבעדיק לשון קען זיך דערלויבן צו האָבן די ניואַנסן און חנ׳ען פון וואָרטשפּיל־קעס און פון מענה־לאָגן, וואָס דאַרפן פאַרצייכנט ווערן, פּונקט ווי דיאַלעקטישע אָדער לאָקאַליס־טישע ווערטער ווערן פאַרשריבן, מיט זייער עטנאָגראַפישן שורש. מעגלעך, אַז דורך דעם וועלן זיי אויפלעבן און ניט ווערן אַרכאַאיש און אָפּגעבליאַקעוועט, ווי דאָס ווערטל זאָגט:

„דאָס לעבן איז פּונקט ווי אַ לייטער,
אַרויף גייט איינער, אַראָפּ דער צווייטער."



# איך האָב אַ פריינט

ער האָט אויטאָמאָבילן, אויך אַן אייגענע יאַכט,
איז פריי ווי אַ פויגל און האָט עלפּאַנטאַזיע.
האָט ליב צו אַלקאָ־הוליען טאָג און נאַכט
און יאָגט זיך כסדר נאָך מער עולם־הזיע,
ער לעבט און לאַכט מיט דער העכסטער פאַנטאַזיע.

פון זיין „פּענטהויז" קיין מיאַמי אַדער לידאָ ביים ים
יעדעס גאַנצע יאָר נעמט ער זיך וואַקאַציע.
לעבט עולם הזה־ינדיק, מיט עקסטאַטישן פּראָגראַם,
קריגט פון יעדער רגע גאַנצע שעה'ן אינספּיראַציע,
ער פייפט אויף דער וועלט, הערט זי ווי די קאַץ־יע.

רייץ, חן און שיינקייט פלאַטערט אין זיין קרייז,
מיט תאווה־לגאַרע אויגן באַרירט ער פּרויענס טאַליע.
ער ווייסט ; „וואַריאַציע איז אַ ווירציקער שפּייז,"
שפּילט ער אויף די נאָטן פון גרויס קאַפּיטאַל־יע
און ווערט פון זיין גלוסט ניט בדיל הדל־יע.

זאָל אים וואויל באַקומען, כ'האָב ניט קיין פּאַרדרוס ;
נאָר טאָמער וועט ער וועלן, אַזוי לעת עת־יע
כ'על זיך מיט אים בייטן, אָן צוזאַמענ־שטות,
נאָר ער ווייזט ניט קיין סימן פון פּ'שמחה־פּאַטיע,
כ'ווידמע אים דאָס ליד מיט טיפסטער אַפּאַטיע.

# נישקאַ

(אַ „מענה״־גראַפיע)

**אַקטיאָרן וואָס גלויבן אין זיך איבערטריבן**
**מעגן וויסן, קיין פידל האָט קיין מוזיק ניט געשריבן.**

מיין אַלטער עגאַ, מאיר וויניקער, איז לעצטנס געוואָרן אַ גאון. אין דער לינקער האַנט האָט ער געטראָגן אַן „אַטאַשע־פּאָרטפעל״, — אַ מערדער־לעכער אינסטרומענט אָנגעפּילט מיט שטראַלן און באַצילן קרעפּטיק גענוג צו באַזיגן יעדע פאַרפּאַנצערטע עקשנות פון ווידערשטאַנד. מיט דער רעכטער האַנט האָט ער מיך צוגעהאַלטן ביים לאַץ און מיך באַצוואונגען.

„איך בין געוואָרן אַ פאָרשער,״ האָט ער מיר געלאָזן וויסן. „ראשית, האָב איך געמוזט ווערן אַ פילאָלאָג און אַ לינגוויסט, און דאָס בלויז דערפאַר ווייל איך האָב זיך געוואָלט דערגרונטעווען צום שורש פון געוויסע ווערטער וואָס זיינען פאַר מיר געווען אויסטערליש. אָט לאָמיר בעמען ׳אויסטערליש׳. דאָס וואָרט קומט ניט פון ענגלישן ׳אויסטער׳, וואָס מיינט אין יידיש אַ מושל. ערשטנס, איז דאָס אַ שפּייז וואָס וואָלט זיך ביי יידן אַראָפּגעגליטשט, איז וואָס־זשע פאַר אַן אויסטערלישע זאַך איז דאָס? דעריבער קומט דאָס וואָרט פון דער שטאָט ׳אויסטערליץ׳, וואו נאַפּאָלעאָן האָט באַזיגט דריי אימפּעראַטאָרן אין יאָר 1805. אָט דער נצחון און די מפּלה ביי אויסטערליץ האָט אַזוי גע־ווירקט, אַז עס איז פון דעם געוואָרן אויסטערליש, איר פאַרשטייט?״

ער האָט נאָכגעלאָזט מיין לאַץ אויף וועלכן ער האָט איבערגעלאָזט זיינע פינגער־אָפּדרוקן, און מיך אָנגעכאַפּט ביי אַ קנעפּל, וואָס ער האָט געהאַלטן צווישן צוויי פינגער. איך בין געווען צופרידן וואָס איין האַנט איז אים געווען פאַרנומען, מחמת מיט דער צווייטער האַנט אַליין האָט ער ניט געקאָנט עפענען זיין פּאָרטפעל.

„לאָמיר,״ האָט ער ווייטער געזאָגט, „זיך אַ נעם טאָן צו פּאַסקודניק און צו נודניק. כאָטש זיי האָבן סופיקסן ווי אין פראַנצויזישן ׳מאַגניפיק׳ אָדער אין ענגלישן ׳טעריפיק׳, האָבן זיי מיך ניט דערפירט צו דעם וואָרט וואָס איך האָב געזוכט, און געזוכט האָב איך ׳נישקאַ׳. ענדלעך האָב איך זיך דערשלאָגן צו אַ פּאָעמע ׳נישקאַ׳ געשריבן פון דעם צייכענערישן דיכטער און סאַטיריקער יאָסל קאָטלער.

„׳נישקאַ׳ אָט דאָס וואָרט האָב איך געזוכט, ווייל איך האָב עס געדאַרפט פאַר אַ מענה־גראַפיע וועגן איינעם וואָס איך האָב ניט געוואָלט מורש פּישמו זיין. איז וואָס־זשע מיינט אַ ׳נישקאַ׳? אַ ׳פּאָוני׳. פאַראַן נאָך אַ סך דעפיניציעס: פאַלש, שקר, פוסטע כלי, ליגנער. קורץ — איינער וואָס איז נישקאַ עמעץ, נישקאַ עפּעס, נאָר אַזאַ וואָס פּרעטענדירט צו זיין וואָס ער איז ניט.״

„פאַרוואָס," האָב איך מיט אַ פאַרזיכטיקן שמייכל געפרעגט, „זאָלט איר וועלן פטרן אייער גענויע אויף אַ נישקאַ, אַ נעגאַטיוון 'פּישוין', ווען עס זיינען פאַראַן אַ גרויסע צאָל פּאָזיטיווע, שעפערישע פערזענלעכקייטן?"

„זאָלט איר מיר אַ מיליאָן מאָל מוחל זיין. אַלץ האָט אַ פּאָזיטיוו און אַ נעגאַטיוו. מאַן און פרוי, באַלעבאָס און אַרבעטער, רעגירונג און שטייער, מלחמה און שלום, אַקטיאָר און פורצע, שאַמפּאַניער און זעלצער. איך וואָלט געקאָנט אָנהויבן פון אדם און חוה העט, העט צוריק, ביזן היינטיקן טאָג."

איך בין געוואָרן פאַראינטערעסירט אין דעם קאַפּריזנעם עקסצענטריקער. דאָס איז געווען אין סאַמע מיטן תמוז און כ'האָב געטראַכט, אַז יעדער משוגענער איז קלאָר אין תמוז. עפּעס איז ער געווען צו לאָגיש, און איך האָב געוואָלט וויסן וואָס און ווער עס קוועטשט אים.

„קומט צו מיר אין מיין אַפּאַרטמענט," האָב איך פאָרגעשלאָגן. „איר האָט ליב אַ שטאַרקן קילן געטראַנק? מען זאָגט יאַקבי, אַז איר טרינקט נישט מער, אָבער איך פאַרשטיי אַז איר טרינקט נישט וויניקער!"

„נו, לאָמיר," האָט ער זיך ניט געלאָזט בעטן. „אָט פרעג איך, פאַרוואָס ווערן מיר אַזוי שנעל אַלט און אַזוי שפּעט קלוג? איך האָב אויף דעם ניט דעם ענטפער, אָבער באַלד וועל איך אייך דערציילן ווער דער נישקאַ איז, וואָס איך האָב באַשריבן. אין דער טעאַטער־פּראַפעסיע זיינען געווען גאָר ווינציק פון זיין מין."

ווען מיר זיינען אַריין אין מיין וואוינונג, האָט ער צעעפנט זיין פּאָרטפעל, אַרויסגענומען אַ גאַנצן פּאַק פּאַפּירן, זיי מיר געגעבן און געזאָגט: „איר זיינט דאָך נישקאַ נאַר, אָט דאָ זיינען פאַרשריבן אַ צאָל עפּיזאָדן וועגן אונדזער נישקאַ."

„אונדזער?" האָב איך געפרעגט, „איר מיינט אייער."

„ניין, לייענט און איר וועט וויסן, אַז ער איז 'אונדזער' נישקאַ. די עפּיזאָדן זיינען נישקאַ פיקטיווע. איך ווייס, איר וועט מיך זיכער פרעגן צי איך בין געווען אין מיין שרייבן אָביעקטיוו, אָבער נעמט ניט פאַר אומגוט, וואָס איך בין גאָר אָפּט סוביעקטיוו."

איך האָב געפונען אַ ניצוץ פון לאָגיק אין זיינע טענות און געענטפערט: „אַ מחבר מוז זיך פאַרטראַכטן פּסיכאָלאָגיש אין דער געשטאַלט וואָס ער באַשרייבט. ער דאַרף זוכן די סיבות און אַנאַליזירן די אומשטענדן, זיך פאַרטיפן אין די ליכטיקע אָדער טונקעלע מחשבות און כוונות פון אַזאַ געשטאַלט; ער מוז נוצן פאַרשיידענע קאָלירן כדי אַרויסצוברענגען אפילו אַן אָפּגעבליאַקעוועטע פאָרם, און זען געפינען שאַטירונגען און שטריכן און אפילו אַ זכות."

ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט צוויי אויסגעמעלקטע אויגן און געזאָגט:

„איך האָב געזוכט, אָבער אונדזער בישקאָ איז אַ קאַפּריזנער עקשן. אונדזער בישקאָ איז אַ פולשטענדיק פּאָזיטיווער נעגאַטיוו. לאָמיך אים אָפּמאָלן ווי ער זעט אויס פיזיש. ער טראָגט כסדר שוואַרצע ברילן, צו פאַרשטעלן זיינע אויגן וואָס זוכן תמיד דעם פּאַסיקסטן פּלאַץ, וואו עמעצן צו שטעכן. ער טראָגט אַ שאַליקל אַרום זיין האַלדז פאַרוואָרפן מיט אַן אַרטיסטישער אומאָרדענונג. ער נוצט פּאַרפום, וואָס מאַכט אים שאַרף פּראָמינענט, אַז מ׳קען נעבן אים ניט איינשטיין. באַלד ווי ער ווערט פּאַרטיק מיט זיינעם אַן אויפטריט אין אַ טעאַטער־שפּיל, כאַפּט ער אַרויף די ברילן, פאַרוואָרפט אַ שאַליקל אַרום האַלדז, באַשפּריצט זיך מיט פּאַרפום און לויפט אַריין אין טעאַטער זיך צו טרעפן מיטן עולם, — כדי אויסצומעלקן קאָמפּלימענטן. און איצט, לייענט... נאָך איידער איר טוט דאָס, דאַרפט איר וויסן, אַז אַלע אַנדערע נעמען וואָס איר וועט געפינען, זיינען בישקאָ פּיקטיווע.״

איך האָב געלייענט.

ווי אַ יונגער פויגל מוז אויספּרוּוון זיינע פליגל, אַזוי מוז אַ יונגער בישקאָ ערגעץ אַנהויבן זיינע טריט. אָבער, אַ ציג קען ניט ווערן קיין צירקוס־פערדל. בישקאָס קאַריערע האָט זיך אָנגעהויבן אין דער „אַרטעף יוגנט טרופּע״ גראָד אין דעם יאָר ווען דער שוישפּילער, וויקטאָר פּעקער, איז איינגעלאַדן געוואָרן איינצושטעלן אַ מאַסן־דעקלאַמאַציע, די פּאָעמע „בירא־בידזשאַן״, פאַר אַ ספּעציעלער אונטערנעמונג.

מיט „בירא־בידזשאַן״ און ענלעכע רעציטאַציעס האָט בישקאָ זיך אַ נעם געטאָן באַרימט צו ווערן. ער פלעגט אויפטרעטן ביי לינקע צווייגן פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־אָרדן און ביי רעכטע, ליבע־ראַלטע לאַנדסמאַנשאַפטן.

באַלד ווי מען האָט אים אַריינגענומען אין דער „אַרטעף־טרופּע״ האָט ער זיך אָנגעהויבן צו אַנטפּלעקן מיט אַלע זיינע פּלעקן. אַ סך אַקטיאָרן פלעגן דערהאַלטן ביי די פּרעמיערעס גליק־וואונטש טעלע־גראַמעס, אָבער „בישקאָ״ — בישקאָ וואָרט. עטלעכע טעג נאָך דער פּרעמיערע האָט מען אים הינטער דער בינע אָפּגעגעבן אַ טעלעגראַמע פון באַרימטן טעאַטער־פּראָדוצירער ה. שומלין מיט די ווערטער: „איך געזען ביי דער פּרעמיערע און האָב איך אין זינען פאַר מיינער אַ נייער אויפפירונג.״

בישקאָ האָט יעדן געפּאַכט אין די אויגן די טעלעגראַמע. צי עמעץ האָט אים אָפּגעטאָן אַ שפּיצל, צי ער האָט זיך אַליין צוגעשיקט די טעלעגראַמע, האָט מען ניט געקאָנט דערגיין. דורך דעם גאַנצן סעזאָן האָט ער זיך כסדר באַרימט, אַז שומלין וויל אים פאַר אַן ענגלישער פּיעסע אויף בראָדוויי. געווען איז עס אין סעזאָן 1939־1940, ווען מען

האָט אין נעשאָנאַל טעאַטער געשפּילט י. י. זינגערס דראַמאַטיזירטע אויפפירונג פון „חבר נחמן" מיט לודוויג זאַץ און יעקב בן עמי אין די הויפּטראָלן.

צוויי פּראָפעסיאָנעלע טעאַטער־פּאַרוואַלטער, הערי גאָלדשטיין און וואָלף מערקור, האָבן דעמאָלט אָנגעפירט מיט דער אָרטעף־טרופּע. איינמאָל האָט נישקאַ געוויזן שומלינס טעלעגראַמע גאָלדשטיינען, און אין דעמזעלביקן אָוונט האָט נישקאַ דערהאַלטן אַ טעלעגראַמע מיט דעם נוסח: „זאַץ איז קראַנק. מיר באַטראַכטן איר זאָלט שפּילן זיין ראָל אָדער אַן אַנדער ראָל. יעקב באַן אַמי."

געווען איז עס אין אַ רעגנדיקן דאָנערשטיק אָוונט און נישקאַ איז שיר ניט אַרויס פון די האָלאַבליעס. ער האָט ניט געוואָלט וואַרטן ביז צום סוף פון דער פאָרשטעלונג, זיך צו פאַרנויגן פאַרן עולם. אַזוי שנעל ווי ער איז אַראָפּ פון דער בינע, האָט ער זיך איבערגעטאָן, אָנגעטאָן זיינע שוואַרצע ברילן, פאַרוואָרפן אויפן האַלדז דעם שאַליקל, זיך פאַרפומירט און מיט אַ טעקסי זיך אַוועקגעלאָזט צום נעשאָנאַל טעאַטער, וואָס איז גראָד יענעם אָוונט געווען געשלאָסן. פון דאָרט איז ער אין אַ צווייטער טעקסי צוגעפאָרן צום קאַפע ראָיאַל, וואו ער האָט געטראָפן יעקב מעסטל, אַ מיטגליד פון דער „חבר נחמן" טרופּע, וואָס האָט נישקאַן אויפגעקלערט, אַז באַן אַמי איז ניט בן עמי און דער גאַנצער ענין איז זיכער אַ שפּאַס. אָבער נישקאַ האָט זיך נאָכדעם באַ־רימט, אַז ער קלויבט זיך איבערצונעמען לודוויג זאַצ׳ס ראָל און באַוויזן די טעלעגראַמע.

איך האָב אויפגעהערט צו לייענען און באַמערקט: „ביז אַהער זע איך ניט קיין שום סאַדיזם אָדער עוולה פון אים, נאָר קעגן אים. ער האָט אַפּנים נישקאַ חוש פאַר הומאָר. אין דער טעאַטער־פּראָפעסיע טרייבט מען אַ סך שפּאַס איינער מיטן צווייטן, נאָר מען נעמט דאָס אָן גוטמוטיק און מען מאַכט ניט פון דעם קיין ווען. איך האָב אַ חשד, אַז דער נישקאַ ליידט פון אַ שפלות־קאָמפּלעקס."

„אמת," האָט מאיר וויניקער צוגעגעבן, „און קיינער האָט ניט מער רעכט צו דעם ווי נישקאַ. איצט, זייט אַזוי גוט און לייענט ווייטער:

— באַלד ווי ער איז אַרויס פון די טעאַטער־ווינדעלעך, אין די 30־ער יאָרן, איז ער אָנגעשטעלט געוואָרן צו זיין פאַר די זומער־חדשים דירעקטאָר פון אַ ראַדיקאַלן זומער־פּלאַץ. ער האָט געדאַרפט אַליין אויפטרעטן אין שפּיל־בומערן, איינאָרדענען פּראָגראַמען און פאָרשטעלן די גאַסט־קינסטלער, וואָס וועלן אויפטרעטן אין די סוף־וואָך פּראָגראַ־מען.

אין דער ערשטער וואָך האָט בישקאַ אָפּגעקאָלעכט זיינע בעסטע נומערן; אויסגעגעבן די מיזינקע; נומערן פון קאַריקאַטורן פון יידן: קראַנקע, היקעוואַטע, טויבע, אַסטמאַטיקער, אָנשיקענישן. דער עולם האָט געלאַכט פון די בעגאַטיווע געשטאַלטן און בישקאַ איז געוואָרן ביי זיך זיכער, אַז ער האָט דעם גאַנצן עולם אין זיינע הענט.

וויקטאָר פעקער איז געווען דער גאַסט־אַרטיסט פאַר דער צווייטער סוף־וואָך אין יולי. ער האָט זיך באַלד פאַרשטענדיקט מיט בישקאַן, דעם פּראָגראַם־דירעקטאָר, וואָס איז מיט אַ קורצער צייט צוריק געווען זיינער אַ תלמיד אין דער אַרטעף יוגנט־גרופּע. בישקאַ האָט פון פעקערן געוואָלט דערגיין וועגן פּראָגראַם, וואָס ער וועט דורכפירן פרייטיק אָוונט. פעקער האָט אים איבערגעגעבן, אַז ער וועט רעציטירן די פּאָעמע „בירא־בידזשאַן."

בישקאַ האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און פאַרשריבן.

וואָלף יונין, דער פּאָעט, זשורנאַליסט און פּייאיקער ליריציסט פון געלונגענע פאָלקסטימלעכע און קאָנצערט־לידער, איז געווען אָנגע־שטעלט אין דעם פלאַץ ווי דער ליטעראַרישער דירעקטאָר. זיין התחייבות איז געווען, צוצושטעלן מאַטעריאַל פאַר פּראָגראַמען, אויך שרייבן אַ מין הומאָריסטישע טעגלעכע צייטונג מיט אויסגעטראַכטע און סאַטיריזירטע אמתע נייעס פון דעם פלאַץ און פון אומעטום. מערסטנס אַ גוטמוטיקער הומאָר, קיבעץ און שפּאַס. בעת די פּראָגראַמען פלעגט יונין פאַרברענגען הינטער די קוליסן מיט זיינע פּערזענלעכע פריינט, די געסט־אַרטיסטן.

וויקטאָר פעקער האָט געהאַט אַ פיינעם נאָמען ווי אַן אַקטיאָר און ווי אַ מאָנאָ־אַרטיסט. די געסט פון זומער־פלאַץ האָבן אים גערן געוואָלט הערן. פרייטיק־צו־נאַכט האָט דער עולם אָנגעפּאַקט דעם זאַל. דער „סימפאָנישער אָרקעסטער" פון פיר קלעזמער האָט אויפגעשפּילט אַ פּאָפּאָרי פון יידישע פאָלקס־לידער צוזאַמענגעוועבט מיט פּראָלעטאַ־רישע געזאַנגען.

הינטער די קוליסן האָט זיך בישקאַ פּלוצים געווענדט צו יונינען: „טו מיר אַ טובה און הויב אָן דעם פּראָגראַם. איך וועל שוין אַליין איבערגעבן דעם עולם וואָס איך וועל טאָן."

יונין האָט דאָס ניט געדאַרפט טאָן און חוץ דעם האָט ער צו בישקאַן זיך באַצויגן מיט חשד. „גוט, מהיכא תיתי," האָט ער געזאָגט און איז אַרויף אויף דער בינע און אָנגעהויבן אָט די דרשה:

„חשובע פּרויענצימערן און מאַנצבילן! איך האָב שוין לאַנג באַמיט זיך אויסצוגעפינען פאַרוואָס מען זאָגט: פּרויענצימערן און מאַנצבילן.

אפשר איז דאָס דערפאַר וואָס פרויען בילן ניט. אָבער, ניט דאָס בין איך אויסן. באַלד וועלן מיר דאָ זען אַ מאַן, און דערפאַר וואָס איך וויס ניט וואָס ער גייט דאָ טאָן, נאָר איך בין אָבער זיכער, אַז ער וועט לאַנג ניט בלייבן, אויף דער בינע, מחמת ער היט זייער זיין האַלדז. צווישן עולם געפינט זיך אַ יונגערמאַן וואָס האָט סמיכה אויף שחיטה, און ער האָט מיטגעבראַכט זיין חלף. הכלל, דער מאַן וואָס וועט באַלד אַרויף איז נישקאַ נייער, נאָר אונדזער פּראָגראַם־דירעקטאָר. נעמט אים אויף מיט פּעטש ווי ער פאַרדינט." און נישקאַ איז אַרויף אין סאַמע מיטן פון אַפּלאָזן.

„חשובע פריינט," האָט נישקאַ אָנגעהויבן, „איך וועל פאַר אייך אָפּשפּילן די באַרימטע פּאָעמע, 'ביראָ־בידזשאַן'!"

פּעקער, וועלכער איז געזעסן הינטער די קוליסן, האָט פּשוט ניט געקאָנט גלויבן וואָס ער האָט געהערט. דער געלעכטער וואָס יונינס אויפטריט האָט געשאַפן איז אים פאַרגליווערט געוואָרן אויפן פּנים. ער האָט געוואָלט אַרויף אויף דער בינע און אַרונטערוואַרפן דעם סוואָלאָטש, אָבער ער האָט זיך באַהערשט און געשוויגן. שפּעטער איז פּעקער אויפגעטראָטן, רעציטירט אַנדערע פּאָעמען און פאַרענדיקט מיט דוד קריוויצקיס ריטמישער פּאָעמע „טאַימז סקווער".

שבת, גאַנץ פרי, איז פּעקער אַ ברוגז'ער אַוועקגעפאָרן פון זומער־פּלאַץ. דער עולם האָט זיך געשושקעט, אָבער ניט געוואוסט די סיבה פון זיין אַוועקפאָרן. ער האָט פּשוט ניט געוואָלט פאַרבלייבן אין איין פּלאַץ מיט דעם אומקאָלעגיאַלן נישקאַ. פאַר דער שאַרלאַטאַנסקער האַנדלונג האָט ער אים קיינמאָל ניט געוואָלט מוחל זיין.

נישקאַ האָט געשמייכלט הינטער זיינע שוואַרצעברילן און געגעבן אָנצוהערן, אַז פּעקער איז אַוועקגעפאָרן דערפאַר וואָס ער האָט מורא געהאָט אַז ער וועט פאַרטונקלט ווערן פון נישקאַ'ס טאַלאַנט.

וואָלף יונין האָט אין זיין טעגלעכער ציימונג איבערגעגעבן אָט די סאַטירישע שורות:

„צינגלעך אָן גלעקער, / שוואַרץ באַברילטע פלעקער, /
פאַרשפּרייטן אַז פּעקער
אַוועק איז פון פּלאַץ אַ באַזיגטער.
ס'איז כזב ושקר, / ווייל וויקטאָר פּעקער /
געווען און פאַרבליבן איז וויקטאָר!"

ווי אַ שד פאַר ציצית האָט נישקאַ געציטערט פאַר קיבעץ. ער האָט ניט געקאָנט אַראָפּשלינגען דעם מינדסטן שפּאַס און פּראָטעסטירט, אַז מען פאַרשוועכט זיין נאָמען. ער איז געווען אָנגעצונדן קעגן יונינען.

צוויי וואָכן שפּעטער, אַ שבת אָוונט, איז יונין געשטאַנען הינטער די קוליסן און געשמועסט מיט זיין פריינט מישאַ ראַפּעל, דער גאַסט־אַרטיסט יענע סוף־וואָך. פּלוצים האָט ער דערהערט פון גאַרדעראָב־צימער: „העי! דערלאַנג מיט די שטיוול!"

יונין האָט אויסגעדרייט זיין קאָפּ און געזען ווי נישקאַ זיצט אין זיין צימערל אַ בייזער. „וואָס האָט איר געזאָגט?"

„פרעג ניט קיין קשיות, דערלאַנג מיר די שטיוול," האָט נישקאַ באַפעלעריש געשריגן.

„איך זאָל אייך דערלאַנגען וואָס? אייערע הענט ליגן אין קימפעט?" האָט יונין איבערגעפרעגט.

„איך האָב אייך אָנגעשטעלט," האָט נישקאַ מיט כעס געזאָגט, „איר זאָלט מיר דערלאַנגען אַלץ וואָס איך דאַרף!"

„איר האָט מיך אָנגעשטעלט?" האָט יונין אַ פאַרחידושטער גע־פרעגט. „וואו און ווען האָט איר געפּאַקט און געמאָזלט, ווער האָט אייך געשליירט? איר מאַכט טאַקע אַ נאַרישן אָנשטעל און..."

„הערט אויף טאַראַראַמעווען!" איז נישקאַ געוואָרן היסטעריש, „שוין זאָלט איר מיר דערלאַנגען די..."

נאָך איידער נישקאַ האָט פאַרענדיקט, האָט אים יונין דערלאַנגט אַ פּאַטש, אַז נישקאַ איז אַראָפּגעפאַלן פון בענקל. „אָט דאָס קען איך דיר דערלאַנגען, דו סוואָלאָטש!"

מישאַ ראַפּעל, וואָס האָט מיט שטוינען צוגעזען דעם צוזאַמענ־שטויס, איז צוגעלאָפן איינצוהאַלטן יונינען, וואָס איז גרייט געווען ווייטער דערלאַנגען נישקאַן אַ נייעם פּסק און האָט מיט צאָרן גע־זאָגט צו נישקאַן: „אייער חוצפּה האָט ניט קיין גרענעץ. ווי דערלויבט איר זיך אַזוי ריידן צו אַ פּאָעט, אַ שריפטשטעלער, ביי וועמען איר וואָלט געמעגט פּוצן די שטיוול?!"

איך האָב זיך אָפּגעשטעלט און געזאָגט: „זאָגט מיר, פריינט מאיר וויני־קער, זיינען טאַקע די עפּיזאָדן און דיאַלאָגן פּינקטלעך אָדער צוגעפּאַרבט?"

„נו, בין איך ניט אַזוי פּינקטלעך," האָט מאיר וויניקער זיך אָנגעצונדן, „אָבער דאָס זיינען פּאַקטן, און קיין זאַך איז ניט אַזוי איינגעז׳עקשנ׳ט ווי אַ פּאַקט. נאָר, וואָלט איך געווען אַ פּסיכאָלאָג, אַ פּסיכיאַטער, וואָלט איך זיכער געפונען פּאַראַנאָישע אייגנשאַפטן אין נישקאַן. איך בין בלויז אַ בולב־יאָגראַף און אין ווייטערדיקן וועט איר געפינען אַ טייל פון אייער אייגענער בולב־יאָגראַפיע."

***

וו. מערקור האָט זיך באַקאַנט מיט נישקאַן אין יאָר 1939, ווען ער איז

געווען איינער פון די פּאַרוואַלטער, און נישקאַ — איינער פון דער אַרטעף־טרופּע. אָבער נישקאַ האָט געקענט מערקורן ווי אַ שוישפּילער פון יידישן קונסט־טעאַטער און ווי אַ שרייבער, ווייל נישקאַ פלעגט אויף אונטערנעמונגען לייענען מערקור׳ס הומאָריסטישע מעשיות.

ווי אַ מגפה אַזוי פלעגט יעדער איינער זוכן אויסצומיידן נישקאַן. קיינער אין „אַרטעף" האָט מיט אים נישט געוואָלט ריידן. קיינער האָט מיט אים נישט געוואָלט האָבן קיין מגע ומשא. מחמת דעם האָט מערקור זיך תמיד אָוועקגעדרייט, ווען נישקאַ איז אים אַנטקעגן געקומען.

אין 1943 איז נישקאַ געוואָרן אַ מיטגליד פון דער „היברו עקטאָרס יוניאָן". ווי אַן אויסדרוק פון פּאַטריאָטיזם, האָט די יוניאָן אַריינגענומען די וואָס האָבן געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

גראַד אין דעם יאָר האָט מען צוגענומען אין דער אַרמיי דעם זינגער־שוישפּילער לעאָן ליבגאָלד, וואָס האָט געשפּילט אין דער מנשה סקולניק טרופּע. ראובן גוסקין, פירער פון דער אַקטיאָרן־יוניאָן, האָט נישקאַן געהייסן צוגיין צום סעקאָנד עוועניו טעאַטער און זיך טרעפן מיט סקולניקן.

נישקאַ איז צוגעגאַנגען, זיך באַגעגנט מיט סקולניקן און אים איבערגע־געבן: „גוסקין האָט מיך געשיקט אַהער וועגן דער ראָלע וואָס איך דאַרף שפּילן. ווי איך פאַרשטיי, דאַרפט איר אַ יונגן אַקטיאָר אויף ליבגאָלדס פּלאַץ."

סקולניק האָט זיך אַנטשולדיקט: „איר פאַרשטייט, איך האָב אייך קיינ־מאָל נישט געזען שפּילן, איר קוקט אויס יונג... אָבער, קענט איר זינגען? האָט איר ווען עס איז געזונגען אין אַ פּיעסע?"

„אַוודאי קען איך זינגען, אַוודאי... כאָטש מיין אמתער זשאַנר איז עפּעס אַנדערש. איך בין אַ כאַראַקטער־אַרטיסט, אַ קאָמיקער!"

„אָ, איר זיינט אַן אַרטיסט, אַ קאָמיקער?... אָבער דאָ אין טעאַטער, פאַרשטייט איר מיר... איר קענט מיך?... איך בין מנשה סקולניק... דאָ איז שוין פאַראַן אַ קאָמיקער..."

„יאָ, איך קען אייך, כאָטש איך האָב בלויז געזען איינמאָל שפּילן... אָבער... מען קען דאָך דאָ אַביסל איבערדרייען... איר וועט שפּילן ליב־גאָלדס ראָל און איך וועל שפּילן די קאָמישע... מען דאַרף צולאָזן יונגע אַרטיסטן."

„ריכטיק," האָט סקולניק געשאָקלט מיטן קאָפּ," ריכטיק. זאָגט מיר, ווי לאַנג איז געווען אייער סעזאָן אין דער אַרמיי?"

„דריי חדשים."

„דריי חדשים... און איר האָט זיך שוין אויסגעלערנט סטראַטעגיע?... אָבער איר האָט געמוזט זיין אַ קאָמישער סאָלדאַט... יאָ, אייער סטראַטעגיע מיטן איבערבייטן די ראָלן איז ניט שלעכט, אָבער איך וועל זיך דאַרפן דורכ־

ריידן מיט מיין גענעראַל־שטאַב, און... איך וועל טעלעפאָנירן גוסקינען."
אָן אַ זיי געזונט האָט זיך סקולניק אויסגעדרייט און איז אַוועק.

ווען „דריטע סדרים", די סעקולאַרע יום־טובים, מיט נישקאַ׳דיקע הגדות זיינען אַריין אין מאָדע איז נישקאַ געוואָרן אַ „רעזשיסער", אַ מין „טרעפיק־פּאָליסמאַן" כדי אַקטיאָרן זאָלן זיך ניט צוזאַמענשלאָגן. דאָס האָט אַזאַ מין שייכות מיט רעזשי ווי אַ בערנטאַנץ האָט מיט אַ באַלעט, נאָר ב. כאַנין האָט אַפּנים געהאַלטן פון נישקאַן און אים אָנגעשטעלט.

אין אַ זומער פון די פערציקער יאָרן איז ער געוואָרן פּראָגראַם־דירעקטאָר פון „קעמפּ בויבעריק" און באַוויזן זיין רעזשיסאָרישע בקיאות צו די שוי־שפּילער חיהלע גרובער (פון „הבימה") און דעם נאַטירלעכן קאָמיקער בנימין פישביין. געוואָרן אַ רעזשיסער אָן בויכוויטיק און אָלעמען קראַנק געמאַכט מיט זיין „מעטאָד", וואָס איז באַשטאַנען פון קאַליע מאַכן. אָט האָט די ליכט „אומישנע" ניט געאַרבעט, אָט איז דער פאָרהאַנג פאַרצויגן געוואָרן „אומישנע" צו פרי. ער איז תמיד אַרויף אויף דער בינע ווען מען האָט אַ צווייטן אַפּלאָ־דירט. פלעגט ריידן, מאַכן פוילע שטיק ווען אַנדערע האָבן געשפּילט און אָפּגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון עולם. צום סוף האָט ער זיך באַקלאָגט פאַרן קעמפּ־אָנפירער, לייבוש לערער, אַז מען העלפט אים ניט, מען קאָאָפּע־רירט ניט מיט אים.

ווען דער דיכטער ה. לייוויק איז געקומען צוגאַסט האָבן קינדער פון בויבעריק קינדער־קעמפּ דורכגעפירט עטלעכע סצענעס פון לייוויק׳ס פּאָע־טישער דראַמע „דער גולם".

קינדער, וואָס און ווי אַזוי זיי זאָלן ניט שפּילן, האָבן חן און אַ טעם. דער מחבר און דער עולם האָבן די קינדער אויפגענומען מיט וואַרעמקייט און אַפּשאַצונג.

נישקאַ האָט באַלד דעמזעלבן אָוונט אָנגעזאָגט זיינע מיטשפּילער: „איבעראַכטאָג שבת צו נאַכט וועלן מיר דורכפירן אַ קאָנדענסירטע ווערסיע פון ׳דער גולם׳." חיה׳לע גרובער האָט אַ דערשטוינטע געפרעגט: „איר זיינט משוגע? מיר האָבן נישקאַ שוישפּילער, נישקאַ בינע, נישקאַ דעקאָראַציעס, נישקאַ רעזשיסער און איר ווילט זיך פאַרשטעלן פאַר אַ גולם?" פישביין האָט געהויבן מיט די פּלייצעס און געזאָגט: „עולם, גולם, וואויל אים וואָס ער האָט פּוסטע פאַנטאַזיעס. ווער, וואָס, ווען שפּילן?"

„איך בין דער רעזשיסער," האָט נישקאַ געענטפערט, „און איך האָב אַזוי באַשלאָסן. חיה׳לע וועט שפּילן די ראָל פון דער באָבע און אויך פון איניקל. פישביין וועט שפּילן דעם מהר"ל און דעם משוגענעם און איך וועל שפּילן דעם גולם און אויך זיין דער נאַראַטאָר, און וועל אַלץ דערקלערן!"

נישקאַ האָט געלאָזט אויסהאַקן אַ וועלדל מיט ביימער פאַר דעקאָראַציעס.

ער האָט איבערגעלאָדן די עלעקטרישע שיין־וואַרפער, דאָס ליכט זאָל פאַלן בלויז אויף אים. די פראָבן זיינען אַריבער, און די שפּיל האָט אָנגעהויבן. מחמת ער איז שוין געווען גרימירט פאַר דער ראָל פון דעם גולם, האָט ער צענומען בלויז אַ שפּאַלט פון פאָרהאַנג, באַוויזן אַ האַלבן פּנים צו מאַכן די נאָראַציע. ער האָט אַריינגערעדט אין פאָרהאַנג, און מען האָט ניט פאַרשטאַנען קיין וואָרט. צום סוף האָט זיך דער פאָרהאַנג צענומען, די ליכט־עפעקטן האָבן געשטאַכן אין די אויגן, אַקטיאָרן זיינען אַרויף און בפירוש אָנגעהויבן צו פאַלן איבער די קלעצער אוןביימער. דער עולם האָט געמיינט, אַז ס׳איז אַ פּאַראָדיע, אַ בורלעסק און געלאַכט. אויף דער בינע איז אַלץ געגאַנגען כּאַדראַם. עס איז געווען אַ חוזק און לייוויק האָט דעמאָנסטראַטיוו פאַרלאָזן דעם זאַל צוזאַמען מיטן עולם.

הינטער דער בינע האָט חיה׳לע גרובער מיט אַ זיידן אונטערהעמדל געשמיסן נישקאַן, שרייענדיק: „אַ רעזשיסער ביזטו? אַ פּורצע, אַ לא־יוצלח, אַ חוצפּהניק, אַ שטונק! מיר האָבן זיך געבעטן ביי דיר, דו, דו, דו יינגל! גולם!״

מיט צאָרן האָט לייוויק אויסגערעדט לייבוש לערערן פאַר צולאָזן דעם גולמ׳דיקן ליץ, צו שאַפן דעם חילול.

דער עולם אין קעמפּ איז געווען אויפגעבראַכט קעגן נישקאַן. באַלד פון אָנהויב פון די זומער־חדשים האָט ער זיך געשאַפן שונאים פאַר זיין סקאַנדאַליעזער אויפפירונג מיט אָנגעשטעלטע אין עס־זאַל און אין קעמפּ.

אַ קעלנער האָט אומגערן אים אָפּגעגאָסן מיט אַ שיסל באָרשט. אַ צווייטער קעלנער האָט, אויך על פּי צופאַל, איבערגעקערט אויף זיין קאָפּ אַ שיסל מיט לאָקשן־זופּ. אין זיין בעט האָט מען אַריינגעלייגט אַ גאַנצע מחנה מיט מערעש־קעס. די שופלאָדן פון זיין קאָמאָד זיינען געווען צוגעשלאָגן מיט טשוועקעס, און נאָך אַ סך אַנדערע שפּיצלעך האָט מען אים אָפּגעטאָן.

**
*

אין יאָר 1951, האָט נישקאַ, נאָך עטלעכע צופעליקע און נאָכדעם באַשטימטע טרעפעונישן מיט מערקורן געפּועלט, אַז זיי זאָלןביידע אַרויספאָרן בשותפות קיין מעקסיקאָ סיטי אויף צוויי קליינקונסט־אָוונטן, און נאָכדעם מאַכן אַ נסיעה איבער צענטראַל און דרום אַמעריקע. מערקור האָט צוגעטראַכט אַ נאָמען, „די צוויי הומאָריסטאָקראַטן״, און גענומען מאַכן פאַרבינדונגען מיט יחידים, קהילות און אָרגאַניזאַציעס אין לאַטיין־אַמעריקע. פון אַ צאָל שטעט, לענדער זיינען באַלד אָנגעקומען פּאָזיטיווע ענטפערס. און עס איז אויסגעשטעלט געוואָרן דער מאַרשרוט: קובאַ, מעקסיקאָ, פּאַנאַמאַ, קאָלאָמביאַ,

ווענעזועלאַ און דער אינזדל קוראַסאַאָ. אין אייניקע לענדער האָבן זיי געדאַרפט שפּילן אין מערערע שטעט און אין עטלעכע שטעט שפּילן צוויי אָוונטן.

דער פּראָגראַם האָט געזאָלט באַשטיין פון אינדיווידועלע רעציטאַציעס און פון דיאַלאָגן. מערקור האָט געזאָלט זיין דער קאָנפעראַנסיע ווי אויך דער פאָרשטייער פאַר דער פרעסע, זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר נאָטיצן, אַנאָנסן און אַנדערע דרוק־זאַכן.

ביים אויסשטעלן די אַנאָנסן און אַפישן האָט נישקאַ פאַרלאַנגט, אַז זיין נאָמען זאָל אויך אַוועקגעשטעלט ווערן ווי דער רעזשיסער. מערקור האָט אויף דעם ניט געוואָלט מסכים זיין: „וואָס אַזוינס וועסטו רעזשיסירן?"

„איך ווער תמיד אין יעדן פּראָגראַם אַנאָנסירט ווי דער רעזשיסער. אָט וועל איך דיר באַווייזן," האָט נישקאַ אַרויסגענומען אַ פּאַק פּאַפּירן.

„דאַרפסט מיר גאָרנישט באַווייזן, איך ווייס, דו ביזט אַ מה נשתנה רעזשי־סער. האָסט רעזשיסירט דריטע סדרים ביים אַרבעטער־רינג, איז דיינו. מיר גייען ניט פּראַווען קיין סדרים, מיר האָבן אַ פּראָגראַם און אַלץ וועט זיין בסדר, אָן רעזשי."

„אָבער אַ פּראָגראַם דאַרף אויך האָבן אַ רעזשיסער!" האָט נישקאַ געזאָגט.

„אַ פּראָגראַם," האָט מערקור געענטפערט, „דאַרף אויך האָבן כאָרעאָ־גראַפיע, שטעל מיך אַוועק ווי דער כאָרעאָגראַף."

„איך מאַך מיר מיין אייגענע כאָרעאָגראַפיע."

„און איך מיין אייגענע רעזשי, אָבער ניט אין די אַנאָנסן. נאָר אַזוי ווי איך בין דער קאָנפעראַנסיע, וועל איך תמיד אַרויסברענגען, אַז אין דיר זיצט אַ דיבוק פון אַ רעזשיסער. וועמען ווילסטו: וואַכטאַנגאָוו, סטאַניסלאַווסקי, ריינהאַרד?"

אין האַוואַנאַ, קובאַ, האָט א. י. דובעלמאַן אין זיין קריטיק אין „האַוואַנער לעבן" געלויבט די צוויי הומאָריסטאָקראַטן פאַר זייער אויסגעצייכנטן פּראָגראַם. אין די רעצענזיעס פון די מעקסיקאַניש־יידישע ציימונגען האָט משה רוביג־שטיין אין „די שטימע" און י. לאַזדעיסקי אין „דער וועג" געלויבט ביידע הומאָריסטאָקראַטן, דעם אינהאַלט פון פּראָגראַם, די אַנדערשקייט, און פאַר־ענדיקט אַז דער צווייטער פּראָגראַם איבעראַכטאָג שבת וועט זיכער זיין פון דעמזעלבן קינסטלערישן און ליטעראַרישן ניוואָ.

נישקאַ האָט אויך געהאַט גרויס עגמת־נפש למאי מען האָט דעמאָלט אָפּגעדרוקט מערקורס הומאָרעסקעס און סאַטירעס.

מיטוואָך, איין טאָג נאָך דעם ווי די רעצענזיעס זיינען געווען אָפּגעדרוקט, איז נישקאַ פּלוצים געקומען אין דער רעדאַקציע פון „די שטימע". דער רעדאַקטאָר, משה רובינשטיין, האָט באַלד דערשפּירט אַז עפּעס איז ניט גלאַט.

נישקאַ האָט אים טאַקע באַלד געלאָזט וויסן: „איך בין געקומען איך

פערזענלעך דאַנקען פאַר אייער קריטיק און איך אויך בעטן אַ טובה. איר וועט דאָך זיכער שרייבן וועגן מיין צווייטן אויפטריט?"

רובינשטיין האָט אים איבערגעשלאָגן: „מערקור איז דאָ נעכטן געווען און איבערגעלאָזט באַטיצן וועגן אייך ביידן. וואָס מיינט איר 'אייער' אויפ־טריט? איר האָט זיך צעקריגט?"

„ניין," האָט נישקאַ געזאָגט, „ניין, מיר האָבן זיך ניט צעקריגט, אָבער איך וויל אייך בעטן, אַז די צווייטע קריטיק זאָלט איר בלויז שרייבן וועגן מיר."

„איר מיינט מערקור וועט ניט אויפטרעטן?" האָט רובינשטיין געפרעגט.

„יאָ, ער וועט אויפטרעטן, אָבער איר האָט שוין גענוג געשריבן וועגן אים. איך האָב אים מיטגענומען ער זאָל מיר אַרויסהעלפן."

„וואָס הייסט איר האָט אים מיטגענומען? איר באַצאָלט אַלע זיינע הוצ־אות? איר דאַרפט אים באַצאָלן פון אייער קעשענע, אויב עס וועט ניט זיין קיין הכנסה?"

„ניין," האָט זיך נישקאַ געקאָרטשעט. „מיר זיינען ביידע געפאָרן בשות־פות, אָבער מען האָט שוין גענוג געשריבן וועגן אים."

„דאָס מיינט," האָט רובינשטיין געענטפערט, „איר ווילט ניט אַזוי אַ טובה פאַר זיך, ווי אַ רעה פאַר יענעם. ס'איז מאָדנע, איר זיינט דאָך אַן אַמעריקאַנער, פון דעם לאַנד פון פרייער פרעסע, ווי האָט איר דאָס די חוצפה גאָר צו פאַרלאַנגען אַזאַ זאַך? עס איז ניט עטיש, ניט קאָלעגיאַל, ניט שיין, און טאַקע גאָר, גאָר פאַסקודנע. איך קען אייך בלויז טאָן אַ טובה און די גאַנצע זאַך פאַרשווייגן. איר מעגט זיך שעמען."

בושה איז פאַר נישקאַן געווען אַן „אינאַסטראַני" וואָרט. אין זיין וויטן האַלדז איז דאָס קיינמאָל ניט געקראָכן. גיין מיט אים אין אַ רעסטאָראַן אָדער אין אַ געשעפט עפּעס איינקויפן איז געווען אַן אַפקומעניש. קעלנערס פלעגט ער עטלעכע מאָל צוריקשיקן מיט די שפייזן וואָס ער האָט באַשטעלט. סוחרים האָבן באַדאַרפט האָבן שטאָלענע נערוון אַריבערצוטראָגן זיין דינגעניש און זיינע מאַניפאָרגעס. אַ סוחר ביי וועמען ער האָט געוואָלט קויפן אַ טוצן פאָרט־מאָנעס מיט אַזטעקישע קאַלענדאַרן, האָט ניט געוואָלט נאָכלאָזן פון פרייז, אָבער האָט אים געוואָלט געבן, כדי פון אים פטור צו ווערן, פיר פאָרטמאָ־נעס אומזיסט. הכלל, ער האָט געקויפט זעקס און געקראָגן דריי אומזיסט.

ביידע, נישקאַ און מערקור, זיינען אַוועק צום ווענעזועלישן קאָנסולאַט, כדי צו קריגן וויזעס. מען האָט זיי דערקלערט, אַז מען דאַרף טעלעגראַפיש אָנפרעגן אין קאַראַקאַס. כדי דאָס דערליידיקן איז נויטיק שיקן אַ טעלעגראַמע. אַן אָנגעשטעלטער אין קאָנסולאַט האָט אויסגעשריבן אין שפאַניש דעם נוסח און געזאָגט: „שיקט דאָס באַלד אַוועק וועט איר קריגן אַ שנעלן ענטפער."

דער טעלעגראַפיסט האָט איבערגעציילט די ווערטער פון דער דעפעשע

און פאַרלאַנגט 72 פּעזאָס. נישקאַ האָט זיך גענומען דינגען מיט אים: „אין אַמעריקע רעכנט מען ניט פאַר דעם אַדרעס און אונטערשריפט.“ דער טעלע־גראַפיסט האָט גענומען שוויצן און זיך ראַנגלען מיט נישקאַן אין אַ צעקאַ־ליעטשעטן ענגליש, אָבער נישקאַ האָט אויסגעפירט. ער האָט בלויז באַצאָלט אַן ערך פערציק פעזאָס... ביים אַרויסגיין האָט זיך נישקאַ געגרויסט: דו זעסט, מען דאַרף זיך ניט לאָזן!“

„איך בין ניט זיכער,“ האָט מערקור געענטפערט, „נאָר כדי זיך ניט צו דינגען מיט דיר, וואָלט איך דיר אַלץ אַוועקגעגעבן אומזיסט.“

דער צווייטער שבת־אָוונט איז אַריבער איינגאַנצן גלאַט. ווידער האָט די פּרעסע געלויבט ביידן. זיי האָבן זיך גענומען גרייטן צו דער נסיעה פון פאָרן ווייטער, אָבער פון ווענעזועלישן קאָנסולאַט האָט מען נאָך ניט באַקומען קיין ידיעה. צען טעג זיינען אַריבער, די הוצאות זיינען דערוויל געוואַקסן. צום סוף זיינען ביידע ווידער אַוועק אין קאָנסולאַט און אויסגעפונען, אַז מען דאַרף צוגיין צו דער טעלעגראַף־ביוראָ: איר זיינט דאָרט שולדיק געלט פאַר אַ טעלעגראַמע.“

נישקאַ איז שיר ניט געוואָרן היסטעריש, גענומען אַרגומענטירן, נאָר מערקור האָט אים אָפּגעשטעלט, האָט באַצאָלט פופציק פעזאָס און געקראָגן דעם ענטפער פון קאַראַקאַס. אַרויסגייענדיק פון ביוראָ האָט מערקור געפרעגט: „נו, דאַרף מען זיך דינגען ווי אַ מאַרק־יידענע?“

„זיי זיינען אַלע אַ באַנדע גנבים!“ האָט נישקאַ געשריגן.

„ניין, דו ביזט דער גנב. מיט דיינע מאַניפּאַרגעס האָסטו זיך און מיר באַגנבעט. מיר האָבן אומזיסט געפּטרט איבער פיר הונדערט פעזאָס, מיט אונדזער זיצן דאָ האָבן מיר פאַרלוירן צייט און געלט. אָבער גענוג, איצט זע איך שוין וואָס עס מיינט דיין רעזשי.“

זיי זיינען געפלויגן קיין פּאַנאַמאַ און פון דאָרט קיין קאַלי, קאָלאָמביאַ, אויף צוויי קאָנצערטן. פון דאָרטן זיינען זיי געפלויגן ווייטער קיין מעדעלין און מיט צוויי טעג שפּעטער קיין באָגאָטאַ און נאָכדעם קיין באַראַנקיאַ.

פון מאַראַקאַיבאַ אין ווענעזועלאַ זיינען זיי אַריינגעפלויגן קיין קאַראַקאַס, און סוף־כל־סוף דערגרייכט דעם לעצטן אָרט פון מאַרשרוט, דעם אינדזל קוראַסאַאָ און זייער נסיעה האָט זיך געענדיקט.

נאָכן פאַרענדיקן די נסיעה, איז נישקאַ אָפּגעפאָרן מיט אַ שיף קיין ניו־יאָרק און מערקור איז צוריקגעפלויגן אויף אַ צווייטן באַזוך קיין מעקסיקאָ סיטי.

***

איך האָב אַוועקגעלייגט די פּאַפּירן וואָס איך האָב געלייענט און זיך געווענדט צו מאיר וויניקער: „מיין ליבער בולב־יאַגראַף, מיר איז פיינלעך

דער גאַנצער ענין. איך לייקן ניט קיין זאַך, אָבער פון וואַנען ווייסט איר דאָס אַלץ?״

„אין דער טעאַטער־פּראַפּעסיע,״ האָט ער געענטפערט, „איז ניטאָ קיין סודות. איך האָב אַלץ פאַרנומען און פאַרשריבן. איצט וועט איר אויך גלויבן די ווייטערדיקע עפּיזאָדן וואָס זיינען ממש אומגלויבלעך.

***

אין יאָר 1953 איז נישקאַ אַרויסגעפאָרן מיט אַ גרופּע אַרטיסטן איבער אַמעריקע און קאַנאַדע. די גרופּע איז באַשטאַנען פון נישקאַן, מאַשאַ בעניאַ, ריטאַ קאַרפּינאָוויטש און פאָלאַ קאַדיסאַן.

אין טאָראָנטאָער „יידישער זשורנאַל״ זיינען דערשינען עטלעכע נאָטיצן וועגן דער קליינקונסט־פאָרשטעלונג וואָס האָט געזאָלט פאָרקומען דעם קומענ־דיקן שבת אָוונט. מיטוואָך, אין דעם טאָג ווען די גרופּע האָט געזאָלט אויפ־טרעטן אין לאָנדאָן, אָנטאַריאָ, בלויז אַ קורצער מהלך פון טאָראָנטאָ, האָט נישקאַ אין דער פרי טעלעפאָנירט דעם רעדאַקטאָר פון „זשורנאַל״, ש. מ. שאַפּיראָ, און אים פאַרבעטן אויף לאָנטש: „איך האָב עפּעס וואָס איך מוז אייך איבערגעבן פערזענלעך, טאָ לאָמיר זיך טרעפן.״

שאַפּיראָ האָט געטראַכט, אפשר וויל ער אויסנאַרן אַן אינטערוויו און האָט צוגעשטימט. „זאָל זיין 12 אַזייגער.״

באַלד ווי זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט אין רעסטאָראַן, האָט נישקאַ אַרויס־גענומען אַ פּאָרטמאָנע און געגעבן שאַפּיראָן. „דאָס האָב איך ספּעציעל גע־קויפט פאַר אייך אין מעקסיקאָ. איר זעט, דאָס איז דער אַסקעטישער קאַלענ־דאַר...״ שאַפּיראָ האָט אים באַלד פאַרריכט: „איר מיינט דער אַצטעקישער קאַלענדאַר...״

„זיכער,״ האָט נישקאַ געשמייכלט, „דאָס האָב איך דאָך געזאָגט.״

„נו, גוט, לאָמיר באַשטעלן עסן און... זאָגט מיר, וואָס איז די כוונה פון אונדזער באַגעגעניש? איר האָט דאָך זיכער אויך אַנדערע מאָטיוון. די מתנה איז ניט קיין ריין אַלטרואיסטישע.״

זיי האָבן באַשטעלט עסן און נישקאַ האָט געענטפערט: „פון אַרבעטער־רינג אָפּיס ווייס איך, אַז איר האָט דערהאַלטן אַ צאָל אַנאָנסן און נאָטיצן וועגן מיין קומען אַהער...״

„די אַנאָנסן, נאָטיצן און בילדער פון דער גרופּע זיינען שוין געוווען און וועלן נאָך זיין ביז שבת.״

„זייער פיין, אָט טאַקע וועגן דעם וויל איך מיט אייך ריידן. אַזוי ווי איר האָט שוין געהאַט נאָטיצן און בילדער וועגן אַלעמען, וואָלט איך אייך געוואָלט בעטן, אַז די ווייטערדיקע נאָטיצן און בילדער זאָלן זיין נאָר וועגן מיר...״

שאַפּיראָ האָט אים שאַרף אָנגעקוקט און האָט נאָכדעם אים געענטפערט:
„איר מיינט, איך זאָל גאָרניט מער שרייבן וועגן די אַנדערע, נאָר בלויז וועגן איך? מאַשאַ בעניאַ, אַן אויסגעצייכנטע אויסטייטשערין פון פאָלקס־לידער און פון פּאָעטישע לידער; ריטאַ קאַרפּינאָוויטש איז פון די ערשט־אַריבער־געקומענע פּליטים־אַרטיסטן, מיט אַ יחוס־בריוו און אַ פּערזענלעכער רעפּור־טאַציע, און פּאָלאַ קאַדיסאָן איז איינע פון די פיינסטע פּיאַנאָ־אַקאָמפּאַניסטינס ...זאָל איך הייסט עס, ווילט איר, מער ניט שרייבן וועגן זיי, נאָר בלויז וועגן איך? איך ווייס ניט צי איר זיינט נישקאָ פאַרגינער... וואָלטן אין דער גרופּע געווען נאָך מענער, וואָלט איך פאַרשטאַנען, אָבער פרויען?... איר ווייסט, דאָ אין קאַנאַדע האָבן מיר קאַלטע, פּראַסטיקע ווינטערס און מיר לעבן ממש אויף מיט יעדן קינסטלערישן שטראַל... דאָס רייד איך אַלעגאָריש... מיר האָבן דאָ געמאַכט אַ געוואַלטיקע אַנטדעקונג... 'איין פויגל קען ניט מאַכן קיין זומער'... און זיכער ניט אַזאַ פויגל ווי איר. דאָ אַהער קומען די בעסטע און גרעסטע אַקטיאָרן מיט זייערע טרופּעס און פּיעסן און איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געהערט פון קיינעם אַזאַ מין שענדלעכן פאַרלאַנג... מישטיינס געזאָגט, די פאַרמעגנס וואָס יידישע קאָנצערטיסטן מאַכן, ווילט איר זיי ניט פאַרגינען אַ קליין ביסל כבוד... ווי האָט איר דאָס די העזה?... איר האָט מיך איצט אינספּירירט צו שרייבן וועגן אייער עקלדיקן פאַרלאַנג... נעמט איך צוריק אייער 'אַסקעטישן' קאַלענדאַר... די צייט היילט יעדן חולה, אָבער ניט קיין נאַר... ווי גוט איר זאָלט ניט זיין אויף דער בינע, זיינט איר ניט גוט געגנוג צו פאַרדעקן אַזאַ מין שאַנטאַזש."

אַן אויפגערעגטער איז שאַפּירא אַרויס פון רעסטאָראַן.

***

„גענוג, האָב איך געזאָגט און אַוועקגעלייגט די פּאַפּירן, עס איז צופיל כבוד פאַר אים."

„דאָס איז אַלץ וואָס איר האָט צו זאָגן?" האָט מאיר וויניקער געפרעגט.

„קיין עמיל לודוויג זיינט איר ניט. ער איז אַ נישטיק מענטשעלע, אַ מאַזאָ־כיסט, וואָס פרעסט זיך אַליין. צו וואָס אים באַשרייבן?"

מאיר וויניקער האָט גענומען זיך שפּאַרן: „פאַרוואָס פרעגט איר? ניט משה רובינשטיין, ניט וואָלף יונין, ניט ש. מ. שאַפּירא האָבן אים געוואָלט אָפּ־פּרצופ'ן. אָט דערפאַר האָב איך עס געטאָן."

„וועגן זיי," האָב איך געענטפערט, „קען איך אייך ניט זאָגן. אפשר האָבן זיי ווי איך געהאַלטן דעם נישקאָ פאַר צו־נישטיק. איך האָב פאַרבראַכט מיט אים פיר חדשים און איך וויל די צייט פאַרגעסן, ווי אַ וויסטן חלום."

„אַזוי? איר ווילט פאַרגעסן. איר ווילט ניט וואָרענען קיין אומשולדיקע קרבנות זיך צו היטן פון אים?" האָט מאיר ווייניקער געשריגן.

„הערט זיך אויף צו היצן. איך האָב פאַרבראַכט מיין גאַנץ לעבן מיט שווישפילער, רעזשיסערן, מוזיקער, שריפטשטעלער, פּאָעטן, אַלע מיט אַנט־וויקלטע עגאָס און מיט שטאָלץ, אָפּטמאָל עגאָאיסטיש, אָבער איך האָב אויך געפונען אין אַ סך פון זיי הערלעכע קינסטלערישע אייגנשאַפטן און מענטש־לעכע מעלות. איך האָב אויך געטראָפן קאַיאָפן און אינטריגאַנטן און איך האָב ניט קיין שום באַגער זיי אָפּצומאָלן, באַזונדער ניט אַזאַ מין נישקאַ. ווען מען נעמט זיך באַשרייבן אַ געשטאַלט קריגט מען אַמאָל אַרויס אַ טיפּ, נאָר ווען מען מאָלט אַ טיפּ קריגט מען נישקאַ מענטש."

„האָלט איר," האָט מאיר ווייניקער געפרעגט, „אַז איך האָב אים ניט געדאַרפט אָפּפּאָרטרעטלען?"

„האָט נישקאַ פאַריבל."

זיין מויל אַזוי הויל, ווי אַ לאָך פון אַ רינגל,
זיין קאָפּ אַזוי פּוסט, ווי אַ גלאָק אָן אַ צינגל.



# קרום און גלייך

ניט צו קוקן אויף נאַראָנים,
בלייב איך הינטער שלאָס און ריגל.
איך מייד אויס מיין אייגן פּנים
ווען איך גיי פאַרביי דעם שפּיגל.

איך בין אַ פּראָסטער חי וקים,
ניט פּעדאַנטיש־אַקאַדעמיש,
געוואַקסן מיט אַ בליק אַ פרייעם
פיר איך תמיד זיך באָהעמיש.

איך בין גאָרניט מיזאַנטראָפּיש,
נאָר מיין עגאָ איז גאָר טשודנע.
איך בין ניט מקפּיד מיקראָסקאָפּיש,
נאָר דערקאָן באַלד וואָס איז נודנע.

איך לויף אַוועק פון שלעכטע פּיעסן,
און פון קינאָ־מאַטאָגראַפיע.
מיר איז פשוט צוגעגעסן
אַלץ וואָס שמעקט מיט פּאָרנאָגראַפיע.

מ׳וויל איך זאָל זיין כדבעי, —
אין דער לענג׳נ׳ברייט זיך לייגן,
שלינגען פלאַכקייט מיט הנאה,
מיין עקשנות צו פאַרנייגן.

ניט זיך האַלטן שטאָל און אייזן, —
פּוסטע קשיות תמיד פרעגן,
מיין ליבידאָ ניט צו ווייזן,
שפּאַנען גלייך אויף קרומע וועגן.

ניט צו קוקן אויף נאַראָנים,
בלייב איך הינטער שלאָס און ריגל.
איך מייד אויס מיין אייגן פּנים
ווען איך גיי פאַרביי אַ שפּיגל.

# כשר, פאַרווע מילכיק און פליישיק

(עפּעס וועגן „קאָמוירשלס״)

אַ מאַן טראָגט הויזן אַלע יאָרן, — ניין, דאָס לאָזט זיך דעבאַטירן, מחמת עס זיינען פאַראַן ציניקער וואָס האַלטן, אַז אַ פרוי טראָגט די הויזן. לאָמיר דעריבער נעמען אַ רעקל, אַ מאַן טראָגט אַ רעקל אַלע יאָרן, אָבער מאַכן אַ רעקל קען ער ניט, סיידן ער איז אַ שניידער, אָבער מיר ריידן וועגן מענטשן, וועגן מענטשן בכלל און בפרט, אָבער אַלץ צוזאַמען ברענגען מיר בלויז ווי אַ משל, וועגן עסן טרינקען און רייניקן. וועגן דעם ווייסט דער מענטש גאָר־נישט. כאָטש ער עסט, טרינקט און רייניקט זיך אַלע זיינע יאָרן, ווייסט ער וועגן דעם גאָרנישט, ער ווייסט וועגן דעם אַ מכה.

עסן איז אַ געשמאַק־זאַך. אויב איר ווילט געניסן אַ געשמאַקע זאַך, אַ ניי שטיק פאַרגעניגן, עסט נייעם שמחה־פודינג, טי־נוי־פעקס, געמאַכט פון מיגל־עקלין, דער עלעמענט וואָס פאַרמאָגט אין זיך באַטירלעכן סאַרכערין, דאָס מאַכט דעם פודינג טי־נוי־פעקס זיס, פול מיט טעם, וואָס איז אַ נחת פאַר דעם גומען, נאַרהאַפט פאַר דעם קערפּער און אַ תענוג פאַר דער נשמה. דער קערפּער קען ניט אָנזאַמלען גענוג פון דעם עלעמענט מיג־עקלין, דער־פאַר וואָס ער איז זייער גליטשיק און מען מוז דאָס איינגעמען יעדן טאָג אויפסניי. טי־נוי־פעקס איז גוט פאַר אייער דיעטע. נאָכן אָפּעסן איין פאַרציע טי־נוי־פעקס פאַרלירט איר אינגאַנצן אייער אַפּעטיט צו עסן עפּעס אַנדערש. איר פאַרלירט וואָג צוזאַמען מיט דעם באַגער צו מאַכן איבונגען מיט אייער מויל און זיך שטאָפּן מיט קאַלאָריס. אין איין גאַנצן טאָן טי־נוי־פעקס איז ניט פאַראַן מער ווי 1/4 קאַלאָרי. עסן מער וועט איר ניט וועלן, אָבער טרינקען וועט איר מוזן. איז דאַרפט איר טרינקען דעם פינקלענדיקן, שפּרודלדיקן געטראַנק פּופּסי־איבל, געמאַכט פון ריינע גאָרטן־פרישע געווירצן און פרוכטן, וואָס וואַקסן אין דער ברייט און לענג פון מיסטישן אָריענט. דאָס מיסטישע ליגט אין דעם וואָס קיינער ווייסט ניט וואו עס וואַקסט און ווער ס׳האָט אַנגעמיסטיקט. דער געטראַנק פּופּסי־איבל פאַרמאָגט דעם אַראָמאַט און רייץ פון ריצינאַלין. דער באַרימטער פראַנצויזישער כעמיקער מת׳יה לע קיש, האָט אַנטדעקט און געפאָרשט דעם קוואַליקן געטראַנק וואָס שפּרודלט, ברויזט, בורטשעט און גרימט און צעגייט זיך אין אייערע געדערים. קויפט אַ גאַנצן טוץ פּופּסי־איבל, וואָס פאַרמאָגט אַ סך אייזן. אין יעדן פלעשל איז פאַראַן גענוג אייזן, און קינדער האָבן דאָס ליב, זיי ווערן פון דעם אַזוי שטייף ווי טשוועקעס. סיי טי־נוי־פעקס און סיי פּופּסי־איבל זיינען כשר און פאַרווע.

זיי זײַנען אונטער דער שטרענגער אָרטאָדאָקסישער השגחה פון הרב יקבֿ״ף (יאָקל בן פלעקל). פּופּסי־איבל האָט אויך אַנדערע גוט־ווערטן, אין פֿאַל פון אַ שריפה קענט איר מיט דעם לעשן, ווייל עס איז אַ סך פייכטער ווי וואַסער. איר קענט אויך קריגן אינסטאַנט פּופּסי־איבל. בלויז איין טיי־לעפעלע אין אַ גלעזל וואַסער און איר קריגט אינסטאַנט וואַסער. און קען זיין בעסער ווי בוצן פּופּסי־איבל ווען עמעץ חלש׳ט ביי אייך אין הויז, עמעץ פון אייער משפחה אָדער פון אייערע ליבע געסט. אויף יעדן פּעקל אָדער פלעשל פון פּופּסי־איבל איז פֿאַראַן דער סימבאָל פון געערטן „קעי״, דאָס מיינט כשר. לאָזט אייך ניט איינריידן פון די פּראָדוצירער פון ברענד עקס געטראַנקען, אַז די „קעי״ מיינט קעבעבע, קאַדאַכעס אָדער קרענק. ערשטנס איז קדחת קיין קרענק ניט און וואָס זיי זאָגן איז קוואַטש. פּופּסי־איבל איז כשר און פּאַרווע, מילכיק און פליישיק.

ווען רײנלעכקייט ווילן מיר אייך וואָרענען ניט צו בוצן די אַלע זייפן, פּודערס וואָס ווערן רעקלאַמירט. ריינלעכקייט איז געטלעכקייט, אָבער מיט יענע פּראָדוסענישן איז ריינלעכקייט אוממעגלעך. פון הייגט אָן קויפט נאָר די פּראָדוקטן וואָס ווערן געמאַכט פון דער שימל־ברוד קאָמפּאַני. פֿאַר אייערע הענט און פיס, פֿאַר אייער פּנים און קערפּער קויפט דעם בייעם כשר און פּאַרווען ברודאויל, געמאַכט פון שוויצעסין 88. אייערע הענט וועלן ווערן אַזוי ווייך ווי צעשמאָלצענע פּוטער און אייער פּנים וועט שיינען און גלאַנצן ווי די מלכה וואָס האָט אויפגענומען די חשמונאים מיט אַ סאָלוואָ פון ל״ג בעומר ביקסלעך אויף אַ יום־כיפּור סעודה. איר קענט וואַשן מיט ברודאויל אייער געשיר, טעפּ, פּאַנען, זיידענע מייטקעס און וואָלענע אונטער־וועש. ברודאויל וועט צעשמעלצן אייגנע׳עקשנ׳טע, לאַנגיאָריקע גרודעס אויף אייערע אונטערוועש און כלים. פֿאַרלאַנגט ברודאויל פון אייער קרעמער. עס פֿאַרמאָגט די עלעמענטן אָפּפֿאַלין און קרעפּאָווין און ווערט געמאַכט אונטער דער אייגעשפּאַרטער, שטרענגער השגחה פון אַ משגיח, וואָס בוצט ברודאויל אָפּצוואַשן זיינע הענט נאָך יעדן הכשר.

אָפּצורייניקן די לופט אין אייער היים נוצט באַבקערס. מיט איין שפּריץ פון באַבקערס וועט איר פֿאַרשמעקן יעדעס ווינקעלע פון אייער הויז. עס וועט פֿאַרטרייבן דעם ריח פון מענטשן און אַפילו אַרויסטרייבן אַ דיבוק. איר וועט אָפּטויטן אַלע באַצילן און געסט וואָס וויסן ניט ווען אַוועקצוגיין. אויך אַלע אָרעמע קרובים און געלט־קאָלעקטאָרס. באַבקערס איז גלאַט כשר, גלאַט מילכיק און גלאַט פּאַרווע.

צו זיין קראַנק, ווי איר ווייסט, קען נאָך פֿאַרשאַטן צום געזונט. ווען איר זיינט ניט מיט אַלעמען, און ווילט זיין מיט אַלעמען, נעמט אַ פּיל פון קאַדאַ־כעסאַיד און איר וועט לעבן אַזוי לאַנג און זיין געזונט ווי אַן עלעפֿאַנט.

קאַדאַכעסאַיד וועט איך געבן אַ נייעם אָטעם. עס וועט אייך שמעקן פון מויל. קאַדאַכעסאַיד לייענט זיך פאַרקערט דיאַסעכאַדאַק וואָס מיינט לחלוטין גאַר־נישט, מיר דערמאָנען דאָס בלויז צוליב דעם וואָס אַלץ וועט ביי אייך ווערן פאַרקערט. אַלץ וועט זיך ביי אייך איבערקערן ווען איר וועט איינגעמען בלויז איין פיל, ווייל עס־איז־גוט־ביז־צום־לעצטן־אָטעם.

עסט טי־נוי־פעקס, טרינקט פופסי־איבל, רייניקט זיך מיט ברודאויל, בוצט באַבקערס און שלינגט קאַדאַכעסאַיד. מיט די פראָדוקטן וועט איר ווערן דער זאַטסטער, צופרידנסטער און ריינסטער און געזונטסטער בר־מינן אויף לאַנגע יאָרן און איר וועט תמיד זיין כשר און פאַרווע.

און רייניקט אייערע ציין מיט בלאָטעאין וואָס האָט אין זיך גאַרגאָל. אין אַ פאָרשונג פון אונזער לאַבאָראַטאָריע איז באַוויזן געוואָרן, אַז די וואָס האָבן גענוצט כשר בלאָטעאין האָבן געהאַט 35% ווייניקער ציין. בלאָטעאין קענט איר אויך נוצן צו פאַרקעמען אייערע האָר, אויב איר האָט ניט קיין פליך, איר קענט דאָס אויך נוצן אויפצושטאָפּן די רערן פון אייער באָדצימער און וואַסער אין קיך, עס וועט אויך זיין אַ מחיה׳דיקער באַשמיר אויף ברויט, עס איז אויך גוט צו קאַפּוויטיק און אויגנווייטיק און איר קענט מיט דעם אָפּפוצן די שיך.

הכלל, שטעלט אַוועק אויף אייער איינקויף־צעטל אָט די אַלע פּראָדוקטן: טינויפעקס, ברודאויל, באַבקערס, קאַדאַכעסאַיד, בלאָטעאין און מאַכט אַ לחיים מיט פופסי־איבל. איר דאַרפט די אַלע זאַכן ווי אַ לאָך אין קאָפּ.





# אַ מענטש דאַרף האָבן פיס

אַ מענטש דאַרף האָבן זיינע פיס
אויף וועלכע ער זאָל שטיין,
ער דאַרף האָבן צוויי רגלים
מיט וועלכע ער זאָל גיין.
ער דאַרף נויטיק זיינע פיס
אַמאָל צו לויפן גיך,
און האָבן דאַרף ער זיי געוויס
צו קענען טראָגן שיך.

אַ מענטש דאַרף האָבן זיינע פיס,
אָן זיי איז ער ניט גאַנץ,
צו גיין אויף גוטע וועגן,
און אַמאָל צו טאָן אַ טאַנץ.
ער קען אַמאָל, אויב נויטיק,
זיך אָן הענט באַגיין,
נאָר ער מוז האָבן זיינע פיס
צו טראָגן זיך אַליין.

אַ מענטש דאַרף האָבן אויך אַ קאָפּ
ער זאָל אַלץ פאַרשטיין,
נאָר ער קען אַפילו אָפּט
זיך אָן אַ קאָפּ באַגיין.
עס איז זיכער און געוויס
אָפּט געזען איך האָב
אַ מענטשן לויפן אויף די פיס
נאָר פּשוט אָ אַ קאָפּ.

# פון האָרעדענקאָ ביז האָליוואוד

(וועגן אַלעקסאַנדער גראַנאַך)

איך פאַרצייכן בלויז עטלעכע פרטים און פאַקטן וואָס דער קומענ־דיקער ביאָגראַפער וועט מעגלעך נוצן, ווי פאַרבן פון אַ פּאַליטרע, פאַרן גאַנצן פּאָרטרעט פון אַלעקסאַנדער גראַנאַך.

לויט גראַנאַכ׳ס טעאַטראַלישער טעאָריע, איז ער געשטאָרבן אַ זקן, אין דער אמתן איז ער אַוועק פון דער וועלט זייער יונג, — און עס קלינגט באמת ווי אַ פּאַראַדאָקס, — פון צופיל געזונט.

ער האָט געגעסן אַ מאָלצייט מיט זיינע פריינט, פרעדריק מאַרטש און פלאָרענס עלדרידזש, מיט וועמען ער האָט מיטגעשפּילט אין אַ בראָדוועיער אויפפירונג „אַ בעל פּאַר אַדאָנאָ״. דאָס עסן האָט זיי פאַרשאַדט, אָבער גראַנאַכ׳ס געזונטער קערפּער האָט די סמ׳יקע שפּייז געהאַט אין זיך לענגער ווי זיינע פריינט, וואָס זיינען באַלד אַוועק צו אַ דאָקטאָר און האָבן יענעם אָוונט מער ניט געשפּילט. ווען מען האָט גראַנאַכן שפּעט אין אָוונט אַוועקגעפירט אין אַ שפּיטאָל, איז שוין דער טאָמעין געווען צעשפּרייט איבער זיין גאַנצן גוף. אַ שלעכטע דיאַגנאָזע און אַן אומנויטיקע אַפּענדעקטאָמי, ווי אויך אַנדערע פיזישע קאָמפּליקאַציעס, האָבן פריצייטיק פאַרשניטן זיינע יונגע יאָרן.

אין זיין בוך „אַט גייט אַן אַקטיאָר״ פילאָזאָפירט גראַנאַך וועגן לעבן: „דאָס לעבן אין טעאַטער איז ניט בלויז קאַלירפול און לאַנג, נאָר קיינמאָל ניט מאָנאָטאָן אָדער לאַנגווייליק. דער שוישפּילער לעבט אַ סך לענגער ווי דער דורכשניטלעכער מענטש, וועמענס לעבן איז פאַרבלאָז אין פאַרגלייך מיטן ברויזיקן לעבן פון אַקטיאָר.״

„אויב אַ מענטש האָט דאָס מזל,״ פילאָזאָפירט ער ווייטער, „ניט צו שטאַרבן קינדווייז פון מאָזלען, סקאַרלעטינע, דיפטעריע אָדער שפּעטער פון אַנדערע קרענק אָדער פון הונגער, וועט ער דערלעבן ביז זיבעציק יאָר. פון זיין געבוירן ווערן האָט זיין טאַטע הנאה, בלייבט פאַר אים נאָר די הנאה פון ווערן בר־מצווה, ווערן פאַרליבט, אַ תנאים, אַ חתונה, געבוירנטעג, אַ זילבערנע חתונה, אַ גאָלדענע חתונה און צום סוף אַ לוויה, אָבער פון לעצטן אַקט אָדער צערעמאָניע האָט ער פונקט אַזוי ווייניק נחת ווי עס האָבן די וואָס זיינען געקומען אים אָרויסבאַגלייטן.

„אָבער אַן אַקטיאָר! ראשית האָט ער פּרעמיערעס. דאָס זיינען גרויסע יום־טובים. יעדע נייע ראָל איז אַ ניי לעבן, אַ נייע אידייע, אַ נייע איבער־לעבונג. אַפילו דאָס באַנייען פון אַן אַלטער פּיעסע איז אַ נייע איבערלעבונג.

דער כאַראַקטער וואָס ער פּערזאָניפיצירט קריגט אַ נייעם נוסח, אַ נייעם אויסטייטש. און אָט אַזוי ציען זיך די יאָרן פול מיט עקסטאַז און אויפבראַוז, יאָרן פון שפּילן און פאַרשפּילן זיך אין יעדער ראָל, אין יעדן כאַראַקטער און יעדן אויפטריט."

גראַנאַך איז ניט געווען פון די שוישפּילער, וואָס זעען דאָס לעבן מיט פאַרמאַכטע אויגן. די קונסט פון באַטראַכטן אַ לייוונטענע דעקאָראַציע ווי אַ מויער, אַריינקוקן אין די הינטערקוליסן און נאַטירלעך אָפּמאָלן אַ גאָרטן, אַ פּאַלאַץ, אַ האָריזאָנט, מאַסן־סצענעס און אינטריגעס האָט ער, פּונקט ווי יעדער היסטריאָניקער, רוטינירט דורכגעפירט. — אָבער ווי אַ מענטש און קינסטלער האָט ער געזען דאָס לעבן מיט אָפענע אויגן און אַן אָפענעם מוח. ער האָט ניט געהאַלטן פון בלויז "קונסט לשם קונסט" טעאַטעריי. אים זיינען אָנגעגאַנגען ענינים פון דאגות, פון קאַמפן וואָס טעאַטער האָט, לויט זיין טעאָריע, געדאַרפט אַרויסברענגען, אַנאַליזירן און באַהאַנדלען, און אויך אויפן ערנסטן אופן געבן אַ תיקון, קינסטלערישע אמתן אָפּשפּיגלען און שטעלן דעם אַרטיסטישן טראַפּ. זיין וואולקאַנישער כאַראַקטער האָט אים ניט דערלאָזט צו ווערן פלעגמאַטיש אָדער מעסמעריזירט פון גערויש און לויב, וואָס איז געוואָרן אַ טייל פון טאָג־טעגלעכן לעבן, אָן צו ווערן טאָג־טעגלעכע רוטין. ער האָט כסדר און תמיד געאַרבעט איבער זיך און האָט געזוכט דערהויבונג און אַ וועג וואָס זאָל פירן צו אַ בעסערער און פרייער וועלט.

**
*

שוין פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז צו די יידישע טעאַטער־קרייזן אין לעמבערג דערגאַנגען דער נאָמען אַלעקסאַנדער גראַנאַך און די לעגענדאַרישע פאַבל: אַ יידישער־יינגל פון האָראָדענקאַ (אַ קליינטשיק שטעטל אין גאַליציע), וואָס האָט זיך באַזעצט אין בערלין און זיך אָנגעשלאָסן אין אַן אַמאַטאָרן־גרופּע, האָט געמאַכט אַ רושמ'דיקן איינדרוק אין יעקב גאָרדינ'ס פּיעסן, הויפּטזעכלעך ווי "אוריאל מזיק" אין "גאָט, מענטש און טייוול", און איז, אַ דאַנק דעם איינפלוס פון באַרימטן יידישן צייכענער הערמאַן שטרוק, אָנגענומען געוואָרן אין מאַקס ריינהאַרד'ס דראַמאַטישער אַקאַדעמיע, און איז פון דאָרט אַרויס אַן ערשטקלאַסיקער שוישפּילער אין דייטשן טעאַטער.

דער קאָמפּאָזיטאָר פיליפּ לאַסקאָווסקי, וואָס איז אין יענער צייט געווען אַ סטודענט אין בערלין, האָט דערציילט וועגן יענע יאָרן. אַלעקסאַנדער גראַנאַך, אָדער ווי נאָענטע פלעגן אים רופן, סענדער, פלעגט זיין פרייע צייט פאַרברענגען נאָר מיט יידישע אַקטיאָרן, ער פלעגט זיי ברענגען ברויט מיט געבעקסן. אין בערלין האָבן יידישע אַקטיאָרן זיך גענויטיקט אין ברויט און גע'חלומ'ט פון געבעקסן. סענדער איז געווען טאַקטיש און כאָטש ער האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן די שונד און שאַנד פּיעסן וואָס זיי האָבן געשפּילט, פלעגט

ער די אַקטיאָרן שוינען. אויף אַ גוטמוטיקן און שפּאַסיקן אופן האָט ער אָפּגעשפּאָט פון קאָמעדיאַנטשיקעס און זייערע קוקלע־קאָמעדיעס. מיט זיין העלן געלעכטער האָט ער דערמוטיקט אינטעליגענטע און אידעאַליסטישע אַקטיאָרן מבטל צו זיין די פּורצעס וואָס האָבן זיך אויף אַ דייטשמערישן יידיש פּראָקלאַמירט אויף די אַפישן: „הורא, הורא, דער גרעסטער יודישער שאַו־שפּילער איז דא."

ביים אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט גראַנאַך, אָן ברירה, זיך אָנגעשלאָסן אין דער עסטרייכישער אַרמיי און איז באַלד געוואָרן אַ פעלד־פעבל. אין איינער פון די ערשטע שלאַכטן אויפן איטאַליענישן פראָנט איז ער גענומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט, און איז פאַרוואָגלט געוואָרן אין אַ לאַגער אין פּאַדולאַ, נעבן סאַלערנאָ. דאָרט האָט ער צוזאַמען מיט אַנדערע יידישע געפאַנגענע אַקטיאָרן, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען משה טאַרלאָווסקי, אָרגאַניזירט אַ טרופּע און געשפּילט אַ צאָל יידישע פּיעסן וואָס מען האָט צוזאַמענגעשטוקעוועט פון זכרון. גראַנאַך האָט אין דערזעלבער צייט אויך מיט־געשפּילט מיט דער דייטשער טרופּע פון די געפאַנגענע אין לאַגער.

דער אומרו וואָס איז געזעסן אין אים און זיין כסדר'דיקע וואַנדערלוסט האָבן אין זיין מוח געוועבט אַלערליי פּלענער. „מאַקיאַוועלי און די מאַפיאַ," האָט ער געזאָגט, „וואָלטן געוועזן שטאָלץ מיט מיר." ווען מען האָט אים אַרי־בערגעפירט אין צפון טייל פון איטאַליע, האָט ער זיך אַ פאַרגרימירטער און איבערגעטאָנענער אין די קליידער פון זיינער אַ ראָל, וואָס ער האָט געשפּילט אין לאַגער, אַריבערגעשמוגלט די שווייצאַרישע גרענעץ און פון דאָרט צוריק קיין עסטרייך, כדי ווידער צו ווערן אַ סאָלדאַט און, צום באַדויערן, ווידער דינען געהאָרכזאַם זיין קיסר און קיניגלעכע מאַיעסטעט, דעם אַלטן פראַיעם־יאָסל. דער נייער סאָלדאַטסקער מונדיר איז פאַר אים געוועזן בלויז נאָך אַ טעאַטראַלישער קאָסטום וואָס איז אים געוועזן זייער נישט צום האַרצן, מחמת די פּיעסע וואָס איז געשפּילט געוואָרן אונטער דער רעזשי פון די צענטראַלע מאַכטן קעגן די אַליאירטע כוחות איז פאַר דעם קלאַסנבאַוואוסטזיניקן סאָלדאַט געווען אַ טראַגישע פאַרס, אַ בלוטיקע טראַגעדיע, באַגלייט פון אַ סימפאָנישן גרויס־קאַפּיטאַליסטישן אָרקעסטער מיט שווערע קאַנאָנען, געצילט קעגן אומ־שולדיקע קליינע מענטשן־מאַריאָנעטן.

מיטן קנאָפּן דרך־ארץ פאַר זיין מונדיר פלעגט זיך גראַנאַך אָפּט אַוועק־שטעלן אין מיטן גאַס און אָנהויבן דעקלאַמירן אין יידיש אָדער דייטש דיכ־טונגען מיט אַ סאָציאַלן נוסח. צוליב עטלעכע אַזעלכע אַוואַנטורעס, האָט מען אים דעגראַדירט און אַוועקגעשיקט אויפן רוסישן פראָנט, אָבער אין עטלעכע וואָכן אַרום איז ער צוריקגעשיקט געוואָרן אַ קראַנקער אין היגטערלאַנד. פון שפּיטאָל איז ער באַלד אַרויס אַ געזונטער.

אין יענער צייט האָב איך זיך באַקאַנט מיט אים. אין לעמבערגער „קאַפע סיטי" האָט ער מיך און אַנדערע געהאַלטן געשפּאַנט ווי שעהערעזאַדע, מיט געשעענישן און עפּיזאָדן אויפן שלאַכטפעלד און פון זיין ראָמאַנטישן לעבן אין בערלין, אָבער די מלחמה האָט אים ווידער פאַרכאַפּט.

איך בין מיט אַ וואַנדער־טרופּע געפאָרן פון לעמבערג קיין טשערנאָוויץ, בוקאָווינע, און פון דאָרטן צוריק קיין קאָלאָמיי אין גאַליציע. דער הויפּט־אַקטיאָר, אַ רוסישער בירגער, איז אויף דער גרענעץ צוריק פון בוקאָווינע קיין גאַליציע אינטערנירט געוואָרן און מיר זיינען געבליבן אָן אַ שוישפּילער פאַר דער ראָל דוד משה'לעס אין יעקב גאָרדינ'ס „יידישער קעניג ליר". קיין אַנדער אַקטיאָר צו שפּילן די ראָל האָט מען ניט געקאָנט קריגן, און אין אָוונט האָט געזאָלט פאָרקומען די פאָרשטעלונג. אַ פּיינלעכע לאַגע פון וועלכער מיר האָבן ניט געקענט געפינען קיין אויסוועג, אָבער עס איז דאָך באַשערט געווען אַז די טרופּע זאָל ניט ליידן קיין שאָדן און קיין בושה, און אָוועקפאָרן מיט מער ווי זי האָט פאַרמאָגט. אין מיטן גאַס האָב איך פּלוצים געזען אַנטקעגנ־קומען דעם סאָלדאַט גראַנאַך און איך האָב אויסגעשריגן צו מיינע קאָלעגן: „מיר זיינען געראַטעוועט. ער, אַלעקסאַנדער גראַנאַך, וועט שפּילן די ראָל." די שמחה פון די שוישפּילער איז באַלד פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ דע־מאָנסטראַציע ביי דער קאַסע פון טעאַטער, מחמת קינד און קייט אין קאָלאָמיי האָבן פאַרשפּרייט די בשׂורה, אַז דער באַרימטער ריינהאַרד־קינסטלער וועט שפּילן די הויפּטראָלע, „דער יידישער קעניג ליר."

אין יענער צייט פלעגן יידישיסטן און אינטעליגענטן קומען אין טעאַטער מיט ביכלעך און נאָכלייענען בעת דעם שפּילן וואָרט באַך וואָרט. מיר האָבן דאָס געוואוסט און מען האָט ניט געטאָרט מקצר זיין די פּיעסע, וואָס גראַנאַך האָט בלויז איינמאָל געזען שפּילן דעם לעמבערגער אַקטיאָר יוליוס גוטמאַן. אויף מיר איז אויסגעפאַלן דער גורל מיט גראַנאַכן איינצושטודירן די גאַנצע ראָל, אים רעזשיסירן און מיט אים איינחזרן יעדע שורה און יעדע שטעלונג. גראַנאַך האָט גייסטיק אָפּסטענאָגראַפירט אַלץ, און... עס זיינען דאָך שוין אַריבער יאָרן, אָבער אין מיינע אויערן דונערן נאָך אַלץ די אַפּלאָדיסמענטן וואָס דער טויזנט־קעפּיקער עולם אין „גוויאַזדאַ" טעאַטער האָט אויף דעם הילכיקסטן אופן אויסגעדריקט צו גראַנאַכן און דער טרופּע.

אָט דער אָוונט איז געווען גראַנאַכ'ס ערשטער אויפטריט מיט פּראָפעסיאָ־נעלע יידישע אַקטיאָרן. די מיליטערישע מאַכט האָט זיין שפּילן באַטראַכט ווי אַ מאַיעסטעט־באַליידיקונג און אַ מיליטערישער געריכט האָט אים ווי אַ שטראָף צוריקגעשיקט אויפן פראָנט מיט דער ערשטער אָפּטיילונג פון רעזער־ויסטן.

אַ יאָר איז אַריבער, די מלחמה האָט זיך געענדיקט. די לעמבערגער גימפּל־

טרופּע האָט גאַסטראָלירט אין פּשעמישל. צענדליקער טויזנטער סאָלדאַטן האָבן זיך אין יענער צייט צוריקגעקערט פון רוסישער געפאַנגענשאַפט. איינער פון זיי, פּונקט ווי עס זיינען געווען אַלע, אַ שמוציקער, אַ פאַרוואָרלאָזטער, אויס־געמאַטערטער און פאַרהונגערטער האָט אין מיטן שטאָט דערזען אַ יידישן טעאַטער־אַפיש און זיך הענדום־פענדום אַוועקגעלאָזט צום „סאָקאָל־טעאַטער". דער עולם האָט געהאַלטן ביים אַריינגיין און אין דעם געדרענג איז געווען דער סאָלדאַט. „איך בין אַ שוישפּילער," האָט ער געזאָגט צו גימפּלען וואָס איז געשטאַנען און געהיט ביים אַריינגאַנג. גימפּל האָט אים באַטראַכט, געדרייט מיט דער לינקער האַנט זיין רעכטע וואָנצע, אָבער נאָך איידער גימפּל האָט צייט געהאַט עפּעס צו באַשליסן, האָט גראַנאַך מיך דערזען און אויסגעשריגן: „וואָלף! דערקענסט מיך ניט?! איך בין סענדער!" ער האָט זיך דורכגעריסן דורכן עולם, מיר האָבן זיך אַרומגעכאַפּט און פאַר עטלעכע מינוטן האָבן זיך אונדזערע העלדזער געשטיקט מיט טרערן.

די גאַנצע טרופּע האָט גראַנאַכן וואַרעם אויפגענומען און נאָך דער פאָר־שטעלונג איז געפּראַוועט געוואָרן אַ שמחה ביז שפּעט אין דער נאַכט. איך און הערש האַרט, אַ שוישפּילער פון דער טרופּע, האָבן אים מיטגענומען אויף אונדזער קוואַרטיר און געמאַכט אויף אים אַ פולשטענדיקע איבעראַנדערשונג. אַן אָפּגעראַזירטער און איבערגעטאַנענער אין אונדזערע מלבושים און מיט אַביסל געלט איז גראַנאַך אויפן צווייטן טאָג אָפּגעפאָרן קיין בערלין.

ווידער האָבן זיך קיין גאַליציע געבומען דערטראָגן קלאַנגען וועגן גראַ־נאַכ'ס דערפאָלגן. אין מיינכען איז ער אויפגעטראָטן ווי „מעפיסטאָ" אין „פאַוסט" און שפּעטער ווי „מאַקבעט" און „האַמלעט" און אַנדערע קלאַסישע פּיעסן, אָבער דעם גרעסטן דערפאָלג האָט ער געמאַכט אין דער דראַמע „פון פרימאָרגן ביז מיטערנאַכט" פון געאָרג קאַיזער. די ראָל פון קאַסירער וואָס גראַנאַך האָט געשפּילט, האָט דער דראַמאַטורג כמעט איבערגעלעבט אויף אַ רעאַלן אופן.

איך בין אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע און גראַנאַכ'ס נאָמען האָט צוליב זיין שפּילן אין ערנסט טאָלערס סאָציאַלער דראַמע, „האָפּלאַ, מיר לעבן" און „הינקעמאַן", אַזש אָפּגעקלונגען אין ניו־יאָרק. אַ סיגטעטישן גרוס האָב איך שפּעטער פאַרנומען פון גראַנאַכן דורך דעם אימפּאָרטירטן דייטשן פילם „קאַמעראַדשאַפט" אין וועלכן ער האָט געשפּילט אַ קוילן־גרעבער, וואָס שאַפט, צוזאַמען מיט אַנדערע גרעבער, אַ סימבאָלישע, אונטערערדישע סאָלידאַריטעט מיט פראַנצויזישע קוילן־גרעבער ביים דורכברעכן אַ מינע.

גראַנאַך האָט כסדר אָנגעהאַלטן זיינע קאָלעגיאַלע פאַרבינדונגען מיט יידישע אַקטיאָרן און שריפטשטעלער און זיי תמיד מקרב געווען. ער האָט ליב געהאַט צו לאַכן אויף די העכסטע טענער און האָט שטאַרק הנאה געהאַט פון אָפטאַן שפּיצלעך, אַן אייגנטימלעכקייט פון אַ סך טעאַטראַלן. שפּילנדיק די

ראָל פון יאַנקל טשאַפּטשאָוויטש אין שלום אַש׳ס „גאָט פון נקמה״, אין אַ דייטשער איבערזעצונג אין בערלין, האָט ער פאַר די מאַסנסצענעס געהייסן אַנגאַזשירן יידישע אַקטיאָרן, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען פּנחס לעוואַנדע. אין דער סצענע ווען אורחים קומען אַרויף אין צימער פון זיין הייזל, צוליב דער שמחה מיט דער ספר־תורה, איז זיי טשאַפּטשאָוויטש מכבד מיט לעקעך און בראַנפן, וואָס איז געווינלעך ברויט מיט וואַסער, אָבער דעמאָלט האָבן זיך די אַקטיאָרן פאַרכלינעט פון דעם שטאַרקן אַקאָוויט, וואָס ער האָט פאַר זיי צוגעגרייט. די סצענע האָט אַזוי רעאַליסטיש געווירקט אויף די באַטייליקטע, אַז עס איז אים אַנגעקומען שווער זיי אָוועקצושיקן.

דער אַקטיאָר יעקב זילבערט האָט אים אין 1931 אַריבערגעבראַכט קיין ניו־יאָרק. מיט עכט־אַמעריקאַנישן פּאָמפּ און אַן אויטאָמאָביל־פּאַראַד איז גראַנאַך געפירט געוואָרן פון אַ ברוקלינער האַפן ביז צום „פּאַבליק־טעאַטער״. די גרעסטע צאָל אויטאָמאָבילן האָבן צוגעשטעלט זיינע האַראַדענקער לאַנדסלייט.

דעם גרעסטן דערפאָלג וואָס ער האָט אין יענער צייט געהאַט אין דער יידישער סביבה איז געווען אויף אַ באַנקעט אין ברעוואָורט האָטעל, וואָס דער טעאַטער און די אַקטיאָרן־יוניאָן האָבן פאַר אים איינגעאָרדנט.

גראַנאַכן איז געווען דערווידער דער גאַנצער אומעסטעטישער טאַראַראַם, אָבער זיין דרשה אויף דעם באַנקעט איז געווען אַ דיפּלאָמאַטישע און אַ קול־טורעלע. ער האָט אויף אַ געשיקטן אופן באַהאַלטן וואָס ער טראַכט וועגן זיך און ווי ווייניק ער האַלט פון אַנדערע. ער האָט אַרויסגעבראַכט, אַז אַקטיאָרן זיינען נישט קיין סקולפּטאָרן וואָס מאָדעלירן געשטאַלטן פון שניי, נאָר, אַז יעדע קרעאַציע דאַרף זיין אַ בלוט און פלייש געשטאַלט וואָס דאַרף באַווירקן דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן מיט אַלע שטורעמדיקע טענדענצן און ברענענדיקע פּראָבלעמען. ער איז געווען באַווירקט פון די שווידערלעכע אינטריגעס און קאַמפן, וואָס זיינען אַנגעגאַנגען אין דייטשלאַנד און איבער דער וועלט. ער האָט נישט אַנגעוויזן אויף זיינע פּערזענלעכע אידייען, נאָר ער האָט אַלץ באַ־האַנדלט אין אַלגעמיין, און זיינע אויספירונגען געלונגען פאַרוועבט אין פאַנ־טאַזיעס און חלומות וועגן דער צוקונפט פון טעאַטער בכלל און יידיש טעאַטער בפרט.

אָבער זיין קינסטלערישער דערפאָלג אין אַמעריקע האָט דעמאָלט אַנגע־האַלטן, ווי דער נאָמען פון דער פּיעסע, „פון פרימאָרגן ביז מיטנגאַכט״, וואָס ער האָט אויסגעקליבן צו מאַכן זיין יידיש־אַמעריקאַנישן דעביו. למען האמת איז נויטיק זיך אָפּצושטעלן אויף צוויי פאַקטן: אַ „סטאַר״ אַליין קען נישט מאַכן קיין פּיעסע און די טרופּע, מיט וועלכער ער האָט געשפּילט, האָט נישט פאַרמאָגט קיין שום היסטריאָנישע עקספּרעסיע פאַר דער עקספּרעסיאָניסטישער דראַמע. אויך, די דראַמע איז געווען אַזוי צוגעפּאַסט פאַר דעם טעאַטער און

פּאַר דער טרופּע ווי ל״ג־בעומר ביקסלעך פּאַר אַ מאַטאַריזירטער אַרמיי. די פּרעמיערע־פאָרשטעלונג איז אויך געווען די לעצטע פאָרשטעלונג, מוצאי יום־כּיפּור־נאַכט 1931.

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער איז ער פאַרבעטן געוואָרן אויפצוטרעטן אין לייוויקס פּאָעטישער דראַמע „דער גולם״, אין 14־טער סטריט טעאַטער״, מיט אַן אַנסאַמבל פון שוישפּילער פון יידישן קונסט־טעאַטער. אָבער דער עולם האָט אַפּנים ניט געוואָלט דערלייזט ווערן פון דעם פּאָעטיש־משיחישן גולם און איז ניט געקומען אין מאַסן. גראַנאַך האָט אויפגעגעבן שפּילן אין „דער גולם״ און זיין ראָל האָט איבערגענומען וויקטאָר פּעקער.

נאָך די צוויי פאַרזוכן איז גראַנאַך אָן שום חשק צוריקגעפאָרן קיין דייטשלאַנד. דער היטלעריזם האָט שוין געבושעוועט, אָבער זיין נאָמען פון אַ קינסטלער האָט אַפּגעהיטן עס זאָל אים ניט געשען קיין שלעכטס. זיין קאָנ־טראַקט מיט אַ טעאַטער איז אָפּגעקויפט געוואָרן פון די יודן־רייניקער און ער איז אַוועקגעפאָרן קיין פּוילן. אין בריוו־פאָרם האָט מען אים איבערגעשיקט סצענעס (די נאַצישע צענזור האָט נאָך ניט געטויגט) פון דער אַנטי־נאַצי דראַמע „פּראָפעסאָר מעמלאָק״ פון דייטשן דראַמאַטורג פרידריך וואולף, און ער האָט די דראַמע, אונטער דעם נאָמען „די געלע לאַטע״, געשפּילט מער ווי אַ הונדערט מאָל אין וואַרשע. פון וואַרשע איז ער אַוועק אין סאָוועטן־פאַרבאַנד און אין קיעווער מלוכה־טעאַטער געשפּילט אַ היפּשע צייט אַ יידישע ווערסיע פון שעקספּירס „דער סוחר פון ווענעדיק״. שפּעטער האָט ער געשפּילט אין סאָוועטישן פילם „ציגיינער״, וואָס איז געבראַכט געוואָרן קיין אַמעריקע. צוליב זיין פריינטשאַפט מיט קאָלעגן, פאַרדעכטיקטע אין טראָצקיסטישע אָפּנויגן, האָט גראַנאַך געמוזט פאַרלאָזן רוסלאַנד. פון דאָרטן איז ער געקומען קיין אַמעריקע.

אויפן קבלת־פּנים וואָס איך האָב פּאַר אים איינגעאָרדנט אין טעאַטער פון „ביו סקול אָוו סאָשעל ריסוירטש״, איז גראַנאַך אויפגענומען געוואָרן פון אַ גרויסן עולם און פון באַרימטע קינסטלער און פערזענלעכקייטן, וואָס זיינען געקומען אים באַגריסן, צווישן זיי דער ראַבאַי יאָאַכים פּרינץ. אין אַ סצענע פון „שיילאָק״ וואָס איז אין יענעם אָוונט געשפּילט געוואָרן האָב איך און יעקב מעסטל מיטגעשפּילט.

אין 1938, האָט דער „אירווינג פּלעיס״ טעאַטער אים אָנגעבאָטן צו שפּילן די הויפּטראָל אין „ביי טאַטע־מאַמעס טיש״, איז עס אים ניט אָנגעשטאַנען. חוץ דעם האָט עס אים געצויגן קיין האָליוואוד, וואו אַ סך פון זיינע דייטשע קאָלעגן, שוישפּילער, שריפטשטעלער, רעזשיסערן און דירעקטאָרן, — פּליטים פון היטלערן, — האָבן זיך שוין געהאַט איינגעבירגערט.

אין האָליוואוד האָט ער זיין ערשטן אויפטריט געמאַכט אין אַ בינע־

אויפפירונג „וויליאַם טעל" און קוים פאַרשטאַנען וואָס ער האָט געשפּילט אין ענגליש. מיט זיין ערשטן האָליוואודער פּילם „ניגאָטשקאַ", מיט גרעטאַ גאַרבאָ, האָט ער זיך באַנאַרישט, אָבער פּונקט ווי די שילדקרויטס האָבן זיך פאַרטיידיקט פאַר זייער מיטשפּילן אין פּילם „קינג אָוו קינגס", אַזוי האָט ער געטענה׳ט, אַז דער אַקטיאָר מוז שפּילן יעדע ראָל וואָס ווערט אים צוגעטיילט, ווי אומסימפּאַטיש זי זאָל ניט זיין.

גראַנאַך האָט פאַרמאָגט אַ פענאָמענאַלע דיקציע און שטימע צום ריידן, נאָר זיין גרעסטן דערפאָלג האָט ער אין האָליוואוד געהאַט אין „זשאַאַן אָוו פּאַריז", אַ פּילם אין וועלכן ער האָט ניט אַרויסגערעדט קיין איין וואָרט. ער איז אויפגעטראָטן אין אַנדערע פּילמען, גוטע אָפּמאַכן זיינען געמאַכט געוואָרן מיט אים, אָבער זיי האָבן אים ווינציק־וואָס צופרידנגעשטעלט. זיין ליבשאַפט פאַר יידיש טעאַטער איז קיינמאָל, אונטער די בעסטע געלעגנהייטן, ניט געמינערט געוואָרן. אין דער צייט פון זיין האָליוואודער קאַריערע האָט ער אָנגעפירט מיט אַ יידיש דראַמאַטישן קרייז אין לאָס־אַנדזשעלעס און אויפגעפירט אַלטער קאַציזנעס „שלום שוואַרצבאַרד". צו די גאַסט־שפּילן פון יידישן קונסט־טעאַטער מיט „די משפחה קאַרנאָווסקי" איז ער געקומען מיט אַ גאַנצער כאַפּטע האָליוואודער גדולים, ווי הערמאַן מאַנקעוויטש, ערנסט לוביטש אאַ״וו, וואָס האָבן שוין לאַנג געהאַט פאַרגעסן, אָדער קיינמאָל ניט געפילט דעם טעם פון יידישקייט. ער האָט פאַרבראַכט מיט די שוישפּילער פון דער טרופּע און באַדויערט פאַרוואָס די האָליוואודער יידישע מאַגנאַטן באַזינגען און פאַר־הערלעכן אין די אַנטי־נאַצי פּילמען אַלע פעלקער, חוץ דאָס טראַגישסטע פון די פעלקער — דאָס יידישע פאָלק.

אין דער הים פון יוליוס דאַסין, אַ יונגער האָליוואודער פּילם־רעזשיסער, וואָס האָט אָנגעהויבן זיין טעאַטער־קאַריערע אין ניו־יאָרקער „אַרטעף", האָט גראַנאַך זיך באַוויזן אין אַן אַנדער קינסטלערישער פּאָזע, אין דער ראָל פון אַ שעף, און אָפּגעקאָכט פאַר אַ האַלבן טוצן שוישפּילער פון יידישן קונסט־טעאַטער אַן אויסגעצייכנטע וועטשערע מיט מחיהדיקע מאכלים.

אין דער האָליוואודער קאָלאָניע איז ער געווען באַליבט און געשעצט, אָבער ער האָט זיך דאָרט ניט אויסגעלעבט. עס האָט אים געצויגן קיין ניו־יאָרק, מיט דעם יידישן לעבן, און ווען עס איז אים אָנגעבאָטן געוואָרן די ראָל פון איטאַליענער אין „אַ בעל פאַר אַדאַנאָ", האָט ער זיך געפילט אַ דערלייזטער.

מאָדנע ווי אונדזערע וועגן האָבן זיך אָפּגעטיילט און צוזאַמענגעטראָפן. לעמבערג, קאָלאָמיי, פשעמישל, ניו־יאָרק, האָליוואוד. עפּיזאָדן פון עקסטאַז, דראַמע, טראַגעדיע, קאָמעדיע און פאַרס. איך האָב זיך תמיד געפילט דער־הויבן פון זיין פריינטשאַפט און תמיד געטראַכט: „אָט גייט אַ מענטש" —

אַ קאָליר־פולער, וואונדערלעכער מענטש. אין די פיר און פופציק יאָר פון זיין לעבן האָט גראַנאַך דורכגעלעבט טויזנטער יאָרן דורך די העלדן וואָס ער האָט פאָרגעשטעלט. אין יעדער ראָל איז ער אויפסניי געבוירן געוואָרן און זיך אויסגעלעבט. געקעמפט און געליבט, אינטריגירט און אינספּירירט, אויפגע־ברויזט און געשטאָרבן. אין אַ צענדליגג פאַרשיידענע געשטאַלטן און הונדער־טער פאַרשיידענע קאָסטיומען און אין אַ האַלבן טוצן שפּראַכן האָט ער באַלעבט די שאַפונגען פון דראַמאַטורגן און זייערע אידייען, — ניט אויף אַ געקינצלטן סינטעטישן שטייגער, נאָר אויף אַ סענסיטיוון, אידעאַליסטישן, און עסטעטישן נוסח, און איז תמיד באַשטאַנען, אַז שוישפּיל־קונסט דאַרף לייטערן דעם שוישפּילער און דורך דעם דעם עולם.

האַמלעט אָדער טשאַפּטשאָוויטש, דאַנטאָן אָדער ציגיינער, שיילאָק אָדער מעפיסטאָ, קוילנגרעבער אָדער גולם — אין יעדער ראָל האָט ער געזוכט שלימות און אַן אידעאַל פאַר אַ בעסערער וועלט. טויזנטער שטורמען און דראַנג־גען האָט ער דורכגעוואָגלט און דורכגעוואַנדערט. געטריבן פון לאַנד צו לאַנד, פון מדינה צו מדינה, פון קאָנטינענט צו קאָנטינענט און געשטאָרבן אַ יונגער אין מתושלח׳ס יאָרן, מיט אַ בענקשאַפט אין האַרצן צו שפּילן יידיש טעאַטער, און מיט אַ בטחון, אַז הינטער די קוליסן פון דער וועלט ווערט צוגעגרייט אַ נייער ליכטיקער האָריזאָנט און אַ נייער מאָרגן.

ער האָט געוואַנדערט פון הונגער צו וואוילזיין, פון דלות צו רחבות און צוריק. האָט דורכגעלעבט נצחון און אַנטוישונג, מורא און קוראַזש, אַן אייגענער אין אַ פרעמדער וועלט און אַ פרעמדער צווישן אייגענע.



דער וואָס פאַרטיפט זיך אין תהומות
קען דערגרייכן הויכע מקומות.

# אַלף און בית

אלף תמיד איז פאַרטרויערט,
ווייל מענטשן זיינען נישטיק, קליין.
אַז רשעות, שקר תמיד לויערט
און יעדער מענטש איז פאַלש, געמיין.
פון פאַלשע צינגער, ווי אויף שרויפן,
ווערט די שיינע וועלט פאַרשמירט, —
מיט שווינדל, אויף אַ כיטרען אופן,
ווערט יעדער זשוליק עקזאַלטירט.
ס'איז די גאַנצע וועלט פאַרדאָרבן,
און דערפאַר זיין גרויסע זאָרג איז,
זי שטייט איצט שוין ביים ראַנד פון חורבן,
צוליב אינטריגעס, מאַניפּאָרגעס.

בית בראשית איז בטחון,
זעט אין פינסטערניש אַ שיין,
אַז גוטסקייט האָבן וועט נצחון,
און לויטער־גוט וועט אַלצדינג זיין.
אַז קיין מענטש וועט פאַר מזומן
ניט פטר'ן זיין שיינעם גייסט.
אַז יושר סוף־כל־סוף וועט קומען,
און מיטן אמת שפּרייזן דרייסט.
ער זעט אין אַלץ און יעדן מעלות,
איז אַלץ מקבל מיט אַ שמייכל,
אַז מענטש אין יעדן פרט און כלל איז
באַהערשט פון לאָגיק און פון שכל.

יעדער מענטש קען פאַר זיך קלויבן
צו זיין ווי בית, וואָס איז ניט שלעכט,
אָדער סקעפּטיש זיך דערהויבן
צו זיין ווי אלף, וואָס איז גערעכט.

# דער שוואַרצער אייזבער

(אַ צווײבלזאַפטע פאַבל)



מאָל איז געווען אַ יונגער אייזבער, כאָטש געווען איז ער ווי אַלע יונגע אייזבערן, האָבן טאַטע־מאַמע גאָרנישט גע־שעפּט קיין נחת פון אים. מיט אים האָט קיינער ניט געלעקט קיין האָניק. ער האָט תמיד געוואָלט זיין אַנדערש ווי אַנדערע יונגע אייזבערן, פלעגט ער זיך וואַלגערן אין בלאָטעס כדי זיינע העלע אָדער שניי־ווייסע האָר זאָלן באַדעקט ווערן מיט ברוינעם אָדער שוואַרצן קאָליר.

ער האָט קיינמאָל ניט געוואָלט זיך פירן ווי עס פּאַסט פאַר אַ לייטישן אייזבער.

אין גאַנצן אייזבערלאַנד האָט מען קיינמאָל אַזוינס ניט געזען און ניט געהערט. ווען אַלע אייזבערן פלעגן זיך פרעגלען פאַר שמחה מיט אַן אוראַגאַן אָדער אַ זאַווערוכע, פלעגט ער גיכער ווי דער ווינטער זיך באַהאַלטן אין אַ הייל, זיך איינגיורען אין אַ ווינקל און שלאָפן. דאָס ערגסטע איז געווען וואָס ער האָט קיינמאָל ניט געוואָלט טאָן קיין פוס אין קאַלט וואַסער.

איינמאָל האָט זיין טאַטע, אַ חשובער און בכבודער אייזבערג, אַ קוק געטאָן אויף אים און עס איז אים פינצטער געוואָרן אין די אויגן. מיט אייזבערישער חכמה האָט ער זיין ווידערשפעניקן בנ'אָקל פאַרנאַרט צום ים. „קום, מיין זונדעלע," האָט ער מיט אַ שמייכל געזאָגט, „וועל איך דיר ווייזן דעם לויתן." דער יונגער אייזבער איז נאָכגעגאַנגען און ווען זיי זיינען צו צום ברעג, האָט אים דער טאַטע אַריינגעוואָרפן אין ים.

דער יונגער בערל האָט גענומען רעווען מיט באַנומענע קולות און האָט אָנגעהויבן צו כאַרכלען ווי אַ טריבקענדיקער, איז הענדום פענדום געקומען צולויפן זיין מאַמע און האָט אים אַרויסגעראַטעוועט.

מיט די ציין האָט זי אים צוגעטראָגן צו אַ הייל, אים אַריינגענומען אין אירע לאַפּעס און אים פאַרוויגט מיט אַ שלאָפלידל:

„ווינטערצייט,
איז דאָס לעבן געמיטלעך,
מיר כאַפּן פיש און מיר עסן געשמאַק.
מיר גיבן דיר אַלץ וואָס איז גאָר אַפּעטיטלעך,
שלאָף־זשע מיין בערעלע, ניט זיין קיין פויליאַק.

ס'עט קומען אַ צייט,
דו וועסט אויפשטיין אַ שטאַרקער,
מיט דייבע לאַפּעס וועסטו וואַרפן אַ שרעק,
נאָר ביז יענער צייט מעגסטו ליגן און פוילן,
מיר וועלן דיך שיצן פון יעדן פלעק."

די אייזבערן וואָס האָבן געהאַט צוגעזען ווי מען האָט דעם יונגן שנעק אָפּגעטובלט, האָבן געלאַכט דאָס גרעסטע געלעכטער, אָבער זיין טאַטע האָט געלאַכט מיט יאַשטשערקעס. מען האָט געזען באַשייַנפּערלעך, אַז פון דעם תכשיט וועט שוין קיין לייטישער אייזבער ניט ווערן. אַלע זייַנען מסכים געווען, אַז פון דעם אויסוואורף וועט קיין נחת קיינעם ניט צוקומען. ער איז אַ פאַר־שלעפּטע קרענק, אַ פאַרצאַרנטער יונגער אייזבער, וואָס מען דאַרף אויסשליסן פון כלל, ניט האָבן מיט אים קיין מגע ומשא; מען וואָלט אים באַדאַרפט אַריינלייגן אין חרם. מען האָט דאָס אָבער ניט געטאָן צוליב זיין טאַטע־מאַמע, באַלעבאַטישע, קאָנסערוואַטיווע אייזבערן.

ווען דער שניי איז שוין געקומען ביז איבערן האַלדז, איז דער טאַטע צו אים צוגעשטאַנען און אים געפרעגט: „זאָג מיר נאָר, זונעניו, פאַרוואָס ביזטו אַראָפּ פון דרך הישר, ענטפער מיר, איך פרעג דיך?" דאָס בנ'אָקל האָט ניט לאַנג געטראַכט און געענטפערט: „טאַטע, דו וועסט מיך ניט פאַרשטיין. איר אַלע אַלטע אייזבערן נעמען אָן באהבה יעדע זאַווערוכע און אוראַגאַן, אָבער מיר איז דאָס אַלץ דערווידער. מיין אידעאַל איז זיך אַרויסצורייסן פון די גליטשיקע דרכים אויף וועלכע איר אַלע גייט. איך וויל ניט זיין ווי איר אַלטע, פאַרשימלטע, אַלטפרענקישע אייזבערן. איך וויל אַוועק דאָרט וואו זאַווערוכעס עקן זיך. דאָרט מוז זיין אַ ניי לעבן און איך מוז עס געפינען. דאָרט איז פאַראַן אַ סך האָניק און איך וויל עס לעקן. איך מוז גיין אַהין וואו מ'לערנט בערן טאַנצן."

„האָסט שיין געדרשנט, תכשיט מייַנער," האָט דער טאַטע געענטפערט, „אויב קלויצען זיך אין בלאָטע און זוכן פאַראַיאַריקע זאַווערוכעס מיט ניט־געשטויגענעם האָניק און טאַנצן מיטן רוח, מייַנט ביי דיר אַ ניי לעבן, ביזטו ניט ווערט אַז דאָס אייז זאָל דיך אַרומטראָגן, און דו זאָלסט מער ניט וואַגן אַריינצושטעלן אַ פיאַטע אין מיין הייל. גיי, און טרעט זיך אויס דיין אייגענעם שניי. פאַראַן אין דער וועלט אַ סך בלאָטעס און זומפּן. גיי, שמיר זיך דיין פרצוף, טאַנץ, שאָקל זיך, און זאָלן מיינע אייזבערישע אויגן דיך מער ניט אָנקוקן. דו האָסט מיר שוין גענוג באַפּלעקט און פאַרפּאַטשקעט מיין פנים און מיין יחוס!"

דער יונגער אייזבער האָט גענומען שטעלן פיס און לאַפּעס. ער האָט ניט געוואוסט וואוהין ער גייט, אָבער ער איז געווען זיכער, אַז ער געפינט זיך

אויפֿן ריכטיקן וועג אַהינצעצו. ער איז געווען צופרידן וואָס ער גייט אַוועק. ער האָט מער ניט געקאָנט אָטעמען אין דער אייזבערישער אַטמאָספערע: „סוף־כל־סוף בין איך פריי," — האָט ער צו זיך געזאָגט, „פריי!"

ער איז געגאַנגען ווייט און ווייטער און נאָכן אָפּרוען זיך געגאַנגען ווייטער און נאָך ווייטער פון ווייטער, ביז אַ הונגער איז אים באַפאַלן. „אין ים," האָט ער זיך געזאָגט, „קאָן איך כאַפּן געשמאַקע פיש, אָבער דאָס וואַסער וועט דאָך אָפּוואַשן מיין טונקל־ברוינעם מאַנטל, מיט וועלכן איך האָב זיך באַפּוצט." פלוצים האָט ער דערזען אַ בלאָטע. ער האָט זיך אַרומגעקוקט און ווען ער איז געווען זיכער, אַז קיין פּענגווין אָדער אַפילו אַ פּטאַרמיגאַן זעט אים ניט, איז ער אויף שנעל אַריין אין ים, און נאָך איידער ער האָט זיך באַלעקט מיט דער לעצטער סאַרדינקע, איז ער ווידער אַריין אין אַ בלאָטע, זיך גוט דורכגעוואַלגערט, געמאַכט קאַזיאָלקעס, זיך גוט איינגעריבן מיט די לאַפּעס די פּעל, און ווען ער האָט נאָכדעם זיך אָפּגעשפּיגלט אין אַ קאַלוזשע, האָט ער זיך אַליין ניט דערקאָנט: „איך בין מער ניט קיין אייזבער," האָט ער מיט פריידאויסגעשריגן, „איצט בין איך, — ווער בין איך? איך ווייס ניט ווער איך בין? אָבער, עפּעס וועל איך שוין ווערן."

ער איז געגאַנגען אויף אַלע פיר ווייטער. דאָס אייז איז געוואָרן ווינציקער און דער נייער אַרום — פרעמד. פלוצים האָט ער דערהערט וועלף וואָיען. וועלף, האָט ער געוואוסט, היטן זיך צו באַגעגענען מיט אייזבערן, ווי שדים ציטערן פאַר ציצית. מיט איין כמאַל, האָט ער געוואוסט, קען אַן אייזבער אַ שליידער טאָן אַ וועלפיכע, זי זאָל מער קיין תחית המתים ניט אויפשטיין. אָבער, האָט ער זיך פלוצים געכאַפּט... איך בין דאָך שוין איצט ניט מער קיין אייזבער, נאָר אַ... כ'ווייס אַליין ניט ווער.. איך טאָר זיי ניט באַווייזן מיין גבורה. ער האָט אין די קוסטעס, ניט ווייט, דערזען אַן עפענונג, אַ הייל. די הייל האָט אַפילו ניט אויסגעזען ווי זייַנע היימישע היילן, אָבער, האָט ער צו זיך מיט פריידגעזאָגט: „אַ הייל איז אַ הייל און אַלץ וועט זיך אויסהיילן." ער איז צוגעגאַנגען נעענטער צו דער הייל און אין דרינען דערזען אַ הורבע פלייש. גוט, האָט ער געטראַכט, איך וועל זיך איבערכאַפּן ס'האַרץ און פּטור ווערן פון די שרעטעלעך, די נאַרישע וועלף.

ער איז אַריין אין דער הייל און האָט זיך גענומען רייסן שטיקער פלייש פון פלייש. ווען ער האָט געהאַלטן אין באַלעקן זיך האָט ער דערזען, אַז די וועלף האָבן אים אַרומגערינגלט, אָבער זיי האָבן מורא געהאַט צוצוקומען צו אים. געוויס האָבן זיי מיך דערקאָנט ווי אַן אייזבער. ער האָט זיך פאַרנומען אַרויסצוגיין פון דער הייל און איבערלאָזן פאַר די חזירשע וועלף אַביסל שיריים, אָבער אַרויסגיין האָט ער נישט געקאָנט. פון ביידע זייטן, פון אויבן און פון פאָרנט האָבן געשטערט דיקע שטאַנגען. אַ פאַרצאַמטער וועג פון אַלע זייטן.

„אַי, אַ מיאוסע מעשה," האָט ער האַסטיק געטראַכט, „ווי אַזוי וועל איך קענען דורכפירן מיין אידעאַל ... פון איך ווייס ניט וואָס? ווי אַזוי וועל איך איצט דערגרייכן מיין חלום פון לעקן האָניק, איך ווייס ניט וואו?"

אַ דינער דונער האָט איבערגעריסן זיין מחשבה. איין וואָלף האָט פלוצים מיט אַ שוואַכן וואָיע זיך אויסגעצויגן און די אַנדערע זיינען כהרף עין אַנטלאָפן. „אויב אַזוי, איז ביטער," האָט ער ווידער געטראַכט, „עס איז טאַקע אַ געפאַר צו בלייבן אין הייל און מ'קען דאָ נאָך געהרגעט ווערן."

פלוצים האָבן נעבן אים זיך באַוויזן צוויי באַשעפענישן. אַזוינע חיות האָט ער נאָך קיינמאָל פריער נישט געזען און ער האָט זיך דערפרייט מיט זיי. זיי זיינען געווען, פונקט ווי ער, אין ברוינע און שוואַרצע פעלן, אייגענע יאַטן, אָבער, עפּעס האָבן זיי אַרויסגעגעבן אַזוינע קולות וואָס ביז איצט האָט ער אַזוינס ניט געהערט. ער האָט אויך גענומען באַוועגן זיין גאָמבע, באַכטאָן זיי, אָבער אַרויסגעקומען איז בלויז אַ מין ברומען. די צוויי חברה־לייט האָבן אָנגעהויבן לאַכן. זיי האָבן זיך אָנגעקוקט, זיך אַ כאַפּ געטאָן ביי זייערע לאַפּעס און האָבן אָנגעהויבן טאַנצן. ער האָט אויך אויפגעהויבן זיינע באַוואַקסענע טרעטערס צום טאַנצן, האָבן זיך די אַנדערע ברואים נאָך מער צעלאַכט און איינער האָט געזאָגט: „דאָס איז אַ פּאַנדאַ, אַ סיבירישער אייזבער, אַ טאַלאַנ־טירטער בער, אַן אוצר פון אַ בער. ער איז ווערט הונדערט מאָל מער ווי זיין פעל קען ברענגען."

„מעגלעך," האָט געענטפערט דער צווייטער, „אמת, ער איז אַן אוצר, אַ טאַלאַנטירטער, אָבער ער איז נישט קיין פּאַנדאַ, ניט פון סיביר, נאָר אַזאַ מין בער וואָס איז שוין לאַנג ניט געווען אין אַ מקווה."

דער שוואַרצער אייזבער האָט געטראַכט: די צוויי ציבישע לאַפּיטוטן זיינען קעגן מיינע בלאָטיקע פרינציפּן, זיי זיינען פונקט אַזוי צוריקגעשטאַנען ווי מיין טאַטע.

די פאָדערשטע שטאַנגען האָבן זיך פלוצים אויפגעהויבן און ער איז אַריין אין אַ דינער שטייג. אַריין איז ער גערן, מחמת ער האָט געטראַכט, אַז מיט איין כמאָל וועט ער די שטאַנגען צעברעכן, און זיך טאַקע באַלד פאַר־מאָסטן דאָס צו טאָן, אָבער ער האָט שיר ניט איבערגעבראָכן אַ לאַפּע. ער האָט אויך געפּרואווט מיט די ציין, און האָט שיר ניט פאַרלוירן אַ צאָן. האָט ער זיך אונטערגעגעבן. די גאַנצע שטייג האָט זיך גענומען רירן. ער איז געווען אין שטייג, אָבער די שטייג איז געפאָרן ווייטער. אַ דריי טעג זיינען אַריבער און ער האָט געהונגערט. פלוצים האָט ער דערזען די צוויי פאַרשוינען, אָבער אָן דער פעל. ער האָט גענומען רעווען און זיי האָבן זיך צעשריגן. ער האָט געוואָלט עסן און זיי האָבן פאַרלאַנגט ער זאָל טאַנצן, האָפּקען. זיי האָבן אים געשטאָכן מיט לאַנגע שפּיזן. אָבער ער האָט גאָרניט געוואָלט טאָן. אים איז

ניט געפעלן זייער פעדאַגאָגישער צוגאַנג און ער איז פון זייער דערציאונג־מעטאָד ניט געוואָרן נתפעל.

אַ גוזמא מיט טעג און נעכט מיט לבנות זיינען פאַרביי, ער האָט אַ סך געזען און אָנגעהערט און האָט אַלץ אָנגעזאַמלט אין זיין בערישן מוח. צום סוף האָט מען אים אַרויסגעלאָזן אין אַ פּלאַץ וואָס איז אים געווען כמעט היימיש, כאָטש אַנדערש, מחמת דער פּלאַץ איז געווען אַרומגערינגלט מיט הויכע שטאַנגען, אָבער מיט פאַרבויגענע שפּיצן פון אויבן. ער האָט באַלד גענומען קריכן און זיך שיר ניט אויסגעשטאָכן אַן אויג, און ניט געקאָנט אַריבער. ער איז געוואָרן אין כעס און זיך אָנגעהויבן אויפפירן ווי ביי זיך אין דער היים, גענומען מאַכן אייגענע בלאָטעס, זיך געטובלט אין זיי און זיך אויסגעניאָרעט פון שפּיץ קאָפּ ביז די פּאָדעשוועס. די בריאות וואָס האָבן אים געבראַכט עסן יעדן טאָג האָבן געשטוינט און געשאָקלט מיט די קעפּ: „ס׳אַ שמוציקע חיה, עפּעס פעלט אים, ער דאַרף אַ פּסיכיאַטער.״

אין איינעם אַ שנייאיקן טאָג, האָט מען אין אייזבערס פּלאַץ אַריינגעלאָזט אַ יונגע שוואַרצע בעריכע. זי איז אים באַלד אַריין אין דער נאָז און פון דאָרט צום האַרצן. ער האָט זיך באַמיט איר צו ווערן געפעלן. זיין גבורה און זיין טאַנצן האָבן נושא חן געווען און זיי האָבן זיך פאַרליבט. זיי האָבן זיך גענומען פּרוכפּערן און זי איז באַלד געוואָרן מעור־בר־ת. די ניי־געבוירענע האָבן געהאַט שוואַרצע און ווייסע פלעקן און שטרייפן. דאָס איז איר ניט געפעלן געוואָרן און זי האָט געהאַט אַ טענה צום אייזבער, אָבער האָט זיך ווייטער געפּרוכפּערט מיט נייע פאַרזעענישן.

„ס׳איז דיין שולד,״ האָט די בעריכע אים איינמאָל, קאָרמענדיק די קינדער, געזאָגט, „איך וואַש זיי און צוואָג זיי, אָבער די פלעקן בלייבן. ס׳איז דיין שולד.״

„מיין שולד ?״ האָט ער געברומט. „איך האָב זיי געבראַכט אויף דער וועלט ?״

„אַלע קינדער,״ האָט זי צוריקגעבורטשעט, „זיינען ענלעך צו דיר.״

„אפשר,״ האָט ער מיט חוזק געזאָגט, „דו ביזט דאָך אַ בעריע, האָסטו זיך פאַרקוקט אויף אַ טיגער אָדער אַ זשעבראַ, דעריבער זיינען די קינדער מיט שטרייפן אָדער פלעקן.״

„זאָל איך דיך אַזוי זען אַ בלינדן,״ האָט זי געיאָמערט. „צי איך האָב ווען עס איז געקוקט אויף עמעצן. איך וויל בלייבן וואָס איך בין, אָבער דו טוסט אַלץ כדי צו ווערן שוואַרץ.״ זי האָט זיך מער צעהיצט און געשריגן: „מיינע בעסטע יונגע יאָרן האָבן איך דיר אָוועקגעגעבן, דיר נאָכגעגעבן דיינע בערישע שמד־שטיק און איצט האָסטו די חוצפּה מיך צו באַשולדיקן ! דו ביזט אַ פאַר־שמירטער פּרצוף, אַ שמוציקע חיה. דו ביזט ניט שוואַרץ, ניט ווייס. דו קענסט

ניט טאַנצן, ניט ברומען, האָסט בישט קיין טאַלאַנט און דו קענסט זיך נאָר וואַלגערן אין בלאָטע."

די קינדער האָבן געגעבן דער מוטער קוראַזש, זיך געשטעלט נעבן איר. דער אייזבער האָט מורא געהאַט זיך פאַרטשעפּען, געוואָלט שווינען זיין בערישע ווירדע און ער האָט זיך דערמאָנט אין זיין טאַטנס רייד: "גיי וואַלגער זיך אין פרעמדע בלאָטעס." מיט אַ מעלאָדראַמאַטישן זשעסט איז ער אַריינגעשפּרונגען אין אַ וואַסער־גרוב, זיך געטונקען און געריבן מיטביידע לאַפּעס זיין פעל. אָבער די עקלדיקע מיאוסע פלעקן פון זיין גופיקן גוף זיינען ניט אַוועק פון זיין פעל. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זיין גורל איז צו פאַרבלייבן שוואַרץ. ער האָט גענומען רייסן ביי זיינע קינדער די ווייסע האָר און רייסן פּאַסן ביי זיך און צום סוף האָט מען די קינדער מיט דער מאַמען אַרויסגענומען פון דעם אַרומגעצאַמטן פּלאַץ און דער אייזבער איז געבליבן אַליין מיט זיין פליכעוואַטן אויסזען.

"מען דאַרף פון אים פּטור ווערן," איז דערגאַנגען צו זיינע אויערן די רייד פון אַ וועכטער.

אַ שרעק איז אים באַפאַלן: "פּטור ווערן, וואָס מיינט עס?" ער האָט זיך באַלד באַהערשט און געטראַכט: "איך טאָר זיך ניט פאַרלירן, נאָר מיט בערישן געדולד וואַרטן."

אַ שלומפּערדיקער פּראָווינציעלער צירקוס האָט אים אָפּגעקויפט פון חיה־פּאַרק. מען האָט אים געפּרואווט לערנען אַקראָבאַטישע שטיק, טאַנצן, גיין אויף דראָטן, אָבער ער האָט צו די לימודים ניט באַוויזן קיין ברעקל טאַלאַנט.

פּלוצים איז אים אָנגעפאַלן אַ מחשבה צו מאַכן קורצע באַשרייבונגען פון זיין לעבן. ער האָט זיך אַ נעם געטאָן לייגן קאָטשערעס און לאַפּעטעס און זיך צוגע׳חנפ׳עט צו אַ בערישן שרייבער, וועמען ער האָט אונטערגעטראָגן שטיקער האָניק, און געפּועלט ביי אים דאָס שרייבעכץ אָפּצודרוקן אין עפּעס אַ זשורנאַלעכל, אָבער קיינער האָט זיך אויף דעם ניט אָפּגערופן. איז דאָס אים ניט געפעלן געוואָרן און ער האָט דאָס שמירעכץ אויפגעלייגט אין אַ ביכל אונטערן נאָמען "הינטער די גראַטעס."

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער האָט געטראָפן, אַז אַ בער־ימטער צירק־דירעקטאָר האָט געדאַרפט אַן איבערגעוואַקסענעם פליכעוואַטן בער וואָס זאָל קענען אַנדערע איינרייבן אַ מאָרדע און זיי מאַכן אַ בלאָטע־באָד און גאָרנישט מער. דעם פליכעוואַטן בער איז דאָס געפעלן געוואָרן און ער האָט גענומען נאָכגיין דעם צירק־מייסטער טריט נאָך טריט, נאָר צו זיינע בלאָטיקע סצענעס האָט ער ניט באַוויזן קיין ברעקל טאַלאַנט.

אַ נייע מחשבה איז אים באַפאַלן — אָנשרייבן אַ בעריאָגראַפיע פון צירק־דירעקטאָר. דעם געניאַלן פּלאַן האָט ער פאַרטרויט דעם אַקראָבאַט

בימבאָ, דעם באַפּליגלטן בער־קלאָון, וואָס פּלעגט זיך הומאָרדעווען אויף אַ דראָט.

„וואָס הייסט, דו גייסט אָנשרייבן זיין ביאָגראַפיע?" האָט בימבאָ גע־פּרעגט. „דו קאָנסט אים? וואָס ווייסטו וועגן אים? סך־הכל ביזטו אים נאָכ־געקראָכן בלויז איין וואָך! אָבער, אַחוץ דעם, מיט וואָס וועסטו שרייבן?"

„וואָס הייסט, מיט וואָס? מיט מיינע בלוטיקע לאַפּעס!"

„דו מיינסט בלאָטיקע. און טראַכטן וועסטו אַוודאי מיטן הינטן. קודם דאַרף מען קענען דעם אָביעקט, זיין היסטאָריע, זיין אַרבעט, זיינע אויפטוען. מען דאַרף מאַכן אַ שטודיע און מען דאַרף האָבן טאַלאַנט צו שרייבן, און אַלץ וואָס דו האָסט איז חוצפּה. אמת, דו טויגסט זיך אויס צו בלאָטע, אָבער צו שרייבן דאַרף מען האָבן אַ מוח." בימבאָ האָט געזען, אַז דער פּליכעוואַטער אייזבער שמייכלט און נעמט אָן אַלץ וואָס ער האָט אים געזאָגט ווי אַ לויב, האָט ער אַ שפּיי געטאָן און געזאָגט: „ביזט געווען און וועסט פאַרבלייבן אַ קאַליקע. דו ביזט נישט קיין כראָניקער, נאָר אַ כראָנישער אידיאָט און אַ גראָפּאָ־בער." אַ צאָרנדיקער איז ער אַוועק: „פּו, מ'קען נעבן דיר נישט איינשטיין."

אויפן אייזבער האָט די סצענע ניט געהאַט קיין שום פּעולה. ער האָט צעפּירט זיינע לאַפּעס, זיי געטונקען אין בלאָטע און גענומען פּאַטשקען. פּאַר אַ משל האָט ער גענומען זיין אייגן לעבן, וואָס איז אין תוך שוואַרץ אויף ווייס... שוואַרץ אויף ווייס... אייאייאיי... שוואַרץ אויף ווייס... אַ גאָלדע־נער באַמען פאַר מיין בוך.

אַרויסגעגאַנגען איז ער מיט אַ לויזקייט פון ווערטער, ביז ער האָט זיך אינגאַנצן אויסגעליידיקט. ווען מען האָט גענומען לייענען דעם קוואַטש האָט זיך באַקומען אַזאַ איינדרוק ווי אין דעם באַרימטן פאַבל מיטן בער וואָס האָט וועלנדיק אַראָפּטרייבן אַ פליג פון שטערן פון זיין באַלעבאָס און אים דערלאַנגט מיט אַ דובינע איבערן קאָפּ.

אויף אַ מעשה פרעג ניט קיין קשיה,
זוך קיין פירוש נישט אין ר"ש"י.



אַן עפּיגראַם דאַרף זיין קורץ און שאַרף,
דאַרף תמיד טרעפן וואו מען דאַרף.

# יאוש

קיין מענטש איז ניט באַשירעמט קעגן אויגן
הינטער וועלכע צינישע מחשבות לויערן, —
קעגן כיטרע פאָרטלען אויספּלאַנירטע
פון חושכ'דיקע מטורפ'ע לאַבירינטן,
וואו חיה'שע ליידנשאַפטן ווערן איינגעזויגן
פון באַשעפענישן מיט אַנגעשפּיצטע אויערן,
גרייטע צו ווערן פון דעמאַגאָגן געפירטע,
אויפגעבערויזטע פון שנאה'דיקע ווינטן.
אָ ! העלף אונדז גאָט !

קיין מענטש איז ניט באַשיצט קעגן מאָמענטן,
קלוג מאַסקירטע, אים צו פאַנגען
אין זיין געיעג נאָך זיך אַליין אַ ווילדער,
און שלענגלט זיך ווי אַ רויך פון קוימען.
די רואיקסטע אינסטינקטן ווערן אינסטרומענטן
וואָס צישן ווי סמ'ייקע שלאַנגען
און ברויזן אויף אַ בייז געפילדער,
מען ווענדט די הענט אין אַנגסט צו רוימען.
אָ ! העלף אונדז גאָט !

ס'איז קיינער ניט זיכער מיט רו דאָ אונטן,
עס טריפט מיט יאוש פון אַלע געצעלטן.
קיין תפילה האָט קיין כח זיך צו הויבן,
זי ווערט צעפּולווערט פון אַטאָמישע טומאַנען.
די מורא פאַר מורא באַפאַלט דעם געזונטן
ווען צום בורא, ערגעץ אין די וועלטן
ער וויל זיין שטים דערהויבן,
נאָר בלייבט תמיד ניט פאַרשטאַנען.
אָ ! העלף אונדז גאָט !

# צוויי בערג


י סאָפּיסטישע פּריינט פון מאַרק הערמעס האָבן מיט הנאה זיך צוגעהערט צו גרשון בערגער׳ס באַהויפּטונגען וועגן פאָלקסווערטלעך: „עס איז אמת,״ האָט ער געזאָגט, „איך באַשפּרענקל מיינע געשפּרעכן מיט אידיאָמען, מעטאַפאָרן, ווערטלעך און אַנעקדאָטן. אַ סך מאָל האָב איך אויסגעפונען, אַז ווערטלעך פאַרפירן. אָט למשל: ׳אַרבעט מאַכט דאָס לעבן זיס,׳ אַרבעט איז שווער און ביטער, אַרבעט איז גוט פאַר פערד, פאַר מאַשינען. עס וועט גריילעך קלינגען ציניש, אָבער איך האָב גרויס דרך־ארץ פאַר אַרבעט, — איך קען זיצן טאָג און נאַכט און זיך צוקוקן ווי אַנדערע אַרבעטן. אַדרבה, האָט שוין ווער פון אייך געהערט, אַז אַן אַרבעטער זאָל אינמיטן פון זיין אַרבעט אויסשרייען: ׳אוי, ס׳איז מיר זיס!׳ אָדער, לאָמיר בעמען אַזאַ ווערטל ווי ׳גם זו לטובה.׳ עס רעגט מיך פּשוט אויף. מען דאַרף זיין אַ באַנטשע שוויג, אָדער אַן איוב, צו גלויבן, אַז אַלץ איז צום גוטן. מען פאַרלירט אַ פוס, גם זו לטובה; מען פאַרלירט די כוחות, גם זו לטובה. ביי איינעם אַנטלויפט זיין פרוי, גם זו לטובה. מילא, וואָס וועט אָבער זאָגן דער וואָס זיין ווייב קומט צוריק?״

משה גאַרשטיינען, דעם פּעדאַנט, איז געווען שווער אַראָפּצושלינגען בערגער׳ס מאָנאָלאָג, און ער האָט זיך אָנגערופן: „לאָמיר צוערשט מאַכן אַ לחיים, נו, לחיים! די אַלע פאָרמען פון געשפּרעך דערמאָנען מיר, אַז יעדער מענטש ווערט געבוירן אַן אָריגינאַל, נאָר ער שטאַרבט אַ קאָפּיע. ווער דאַרף מליצה׳ווען? מען דאַרף זאָגן, וואָס מען האָט צו זאָגן אָן שום באַפּוצונג, אָן שום פליטערלעך, אָן שום...״

בערגער האָט אים איבערגעשלאָגן: „דו, אַ פּאָעט, זאָל אַזוינס זאָגן? נו, איך וויל איצט ניט אַריינקריכן אין אַן אַנאַליז וועגן פּאָעזיע צו באַווייזן דעם היפּוך. איי, די משקה איז גאָר פיין, לחיים!״ ער האָט איבערגעלייענט דעם באָמען פון משקה אויפן פלעשל און זיך געווענדט צו הערמעסן: „איך זע דו האָסט געבראַכט דאָס פלעשל אַזש פון קוראַסאַאָ. נאָר אַ גביר קען זיך פאַר־גינען צו ברענגען משקה פון יענער זייט סמבטיון. וואָדען, קבצנים וויסן ווי צו לעבן?״

דאָריס באַרטאָלי, ווען צוויי אויל־בילדער זיינען געהאָנגען אין מאַרק׳ס סטודיאָ, האָט זיך אָנגערופן: „אָרעמקייט איז קיין שאַנד ניט...״

בערגער האָט זי ניט געלאָזט וויטער ריידן און איז אַריינגעפאַלן...

„אַוודאי איז אָרעמקייט ניט קיין שאַנד, נאָר אַ ווייטיק אין האַרצן, אַ בושה אין פּנים, אַ לאַך אין קעשענע און אויף אַלע שונאים געזאָגט געוואָרן! זאָג מיר, מאַרק, האָסט עפּעס געזען אַביסל פון דעם, וואָס איז קיין שאַנד ניט אין יענע מקומות, — איך מיין אָרעמקייט?״

„ניט בלויז האָב איך דאָס געזען,״ האָט הערמעס געענטפערט, „איך האָב אַ סך פון דעם מיטגעבראַכט. אָבער...״ ער האָט זיך פאַרטראַכט אַ רגע און געזאָגט: „איך וואָלט ניט געוואָלט פאַרוואַנדלען דעם קבלת־פּנים פאַר מיר אין אַ סימפּאָזיום וועגן אָרעמקייט, און די סיבות פון דעם. אַ גאַנצע ביבליאָטעק וואָלט מען געקאָנט שרייבן און ניט נאָר מיט אַ פּען אָדער שרייב־מאַשין, נאָר מיט מאַשין־ביקסן. איך ווייס, איר וואָלט בעסער געוואָלט הערן וועגן מיינע רייזע־דערפאַרונגען, אָבער איידער וואָס, ווען, וויל איך זאָגן, אַז וועגן אַ סך פּרטים מכח פאָלקסווערטלעך בין איך מסכים מיט בערגערן. אָט למשל: ׳אַ גאַסט פאַר אַ ווייל זעט פאַר אַ מייל.׳ ס׳איז פאַלש. אָט בין איך געווען צו־גאַסט אין אַ סך לענדער און איך מוז אָפּגים זיין גייסטיק און אויך אָפּטיש קורצזיכטיק, נאָר איך האָב אויערן... שוין ווידער אַ ווערטל... ווענט האָבן אויערן, שטיוול האָבן אויערן, טעפּלעך האָבן אויערן... נאָר זיי קענען ניט הערן... אָבער איך קען.״

„דערציילט, דערציילט!״ האָט מען אויסגערופן.

„גוט,״ האָט הערמעס געזאָגט, „כ׳על דערציילן, נאָר לאָמיר מאַכן אַ שטיקל הקדמה׳לע. מיר האָבן אַ טבע צו פאַרגלייכן מענטשן מיט חיות, מיט פּיפּערנאָטערס, מיט קעגנשטאַנדן. דאָס נעמט זיך, ווי איר אינטעלעקטואַלן ווייסט, נאָך פון די גאָר אַלטע צייטן, ווען מען האָט געשריבן מיט סימבאָלן, מיט היעראָגליפן און ניט מיט אותיות. שטאַרק ווי אַ פערד, אָנגעבלאָזן ווי אַן אינדיק, שטאָלץ ווי אַ פּאַווע, גיפטיק ווי אַ שלאַנג, קריכט ווי אַ טשערע־פּאַכע, אָפּגעפליקט ווי אַ קאַטשקע, ריזיק ווי אַ באַרג.״

הערמעס האָט די פאַרגלייכענישן אַרויסגערעדט מעכאַניש, פּונקט ווי עס וואָלט געווען אַן אויסגעלערנטע ראָל, און זיך געווענדט אָט צו איינעם און אָט צו אַ צווייטן און בשעת דעם באַטראַכט דעם עולם און געזאָגט: „נו, גוט. איך זע, איר זיינט פאַראינטערעסירט צו הערן, וועל איך אייך דערציילן אַ מעשה שהיה, אַ מעשה וואָס האָט זיך געטראָפן אין ... איך וועל די אמתע נעמען ניט אָנגעבן, מחמת אַזאַ מין מעשה האָט אויך געקאָנט זיך פאַרלויפן אין שניפּישאָק ׳אָן די האָדסאָן׳, אין יעהופּעץ ׳אָן די ריאָ גראַנדע׳ אָדער אין ׳בויבעריק ביים אַמאַזאָן טייך׳. איך וועל די מעשה אָנרופן: ׳צוויי בערג׳.״

מאַרק הערמעס האָט אויך געהאַט די געשמאַקע טבע צו באַצירן זיינע מעשיות מיט ווערטלעך, וויצן און וואָרטשפּילן. אַ סך מאָל האָט ער זיך באַנוצט מיט סינטעטישע פראַזן. ער איז אויסגעפאָרן אַ וועלט און האָט געהאַט

אַ טאַלאַנט צו פּאַראינטערעסירן אַן עולם מיט עפּיזאָדן און פּאַסירונגען פון זיינע נסיעות. סיי די פאַקטן און סיי די פּלעצער וואָס ער האָט געמאָלן, זיינען תמיד געווען שטאַרק צוגעפּאַרבט מיט כאַאָטישע קאָלירן. די דיאַלאָגן וואָס זיינע געשטאַלטן האָבן געפירט זיינען געווען סינטעטיש, גערעדט האָבן זיי מיטן לשון וואָס מאַרק האָט זיי באַפוילן, — מיט שפּיציקע, וויציקע און היציקע פראַזן און עפּיגראַמען.

„אין מעקסיקאָ סיטי זיינען פאַראַן צוויי בערג,‟ האָט מאַרק אָנגעהויבן דערציילן, „פּאָפּאָקאַטעפּעטל און איקסטאַקסיואַטל, וועלכע מען קען זען אויפן האָריזאָנט פון שטאָט. די צוויי בערג זיינען איינגעהילט אין אַצטעקישע לעגענדעס און פאַבלען. אָבער די נאַטירלעכע שיינקייט פון די צוויי בערג ווערט אַ סך וויניקער באַוואונדערט ווי די זעלבע צוויי בערג אויפגעמאָלן אויף דעם גלעזערנעם פאָרהאַנג פון ׳בעיעס אַרטעס׳ טעאַטער אין דער שטאָט. דער ׳בעיעס אַרטעס׳ איז ניט בלויז אַ טעאַטער. ס׳איז אַ קונסט־אינסטיטוט, אַ גאַלעריע פאַר קינסטלערישע שאַפונגען פון מאָלער און סקולפּטאָרן פון אוניווערסאַלן סטאַזש, אָבער מערסטנס מעקסיקאַנישע. פאַראַן דאָרטן בילדער פון ערשטן גרויסן מעקסיקאַנישן אַרטיסט, באַלטאַזאַר דע עטשאַווע, ביז צום אַבסטראַקט־מאָלער רופינאָ טאַמאַיאָ, און, פאַרשטייט זיך, וועלאַסקאָ, גוואַדאַלופּע און די גדולים: דיעגאָ ריווערא, כאָזע אָראָזקאָ, סיקיעראָס.

„לאָמיר איצט צוריק קלעטערן די בערג. וואָלטן די צוויי בערג געווען אַקטיווע וואולקאַנען ווי אַמאָל, וואָלטן מענטשן זיך אָפּגעשטעלט און געקוקט. דעריבער גייט מען באַוואונדערן יעדן זונטיק אין דער פרי דעם ספּעקטאַקל פון די צוויי בערג אויף דעם גלעזערנעם פאָרהאַנג.‟

„איך בין גרייט צו פאַרזעצן מיין לעצטע ביקיני און פליען קיין מעקסיקאָ,‟ האָט בינה בערמאַן, אַ יונגע שוישפּילערין, אויסגערופן מיט באַגייסטערונג. און מאַיאָ, די טאָכטער פון אַ באַרימטן שוישפּילער, האָט צוגעלייגט: „איך וועל טאָן דאָסזעלבע. איך מוז זען די מאַיאַן און אַצטעקישע קונסטווערק.‟

מיכל גראָסמאַן איז צוגעגאַנגען צו די מיידלעך, זיי ביידע אַ קוש געטאָן און געזאָגט: „זייט געזונט און פאָרט געזונט און קומט צוריק, וועלן מיר האָבן נאָך אַ שמחה.‟

הערמעס האָט מיט אַ לחיים אַלעמען איבערגעשלאָגן. „איידער וואָס, ווער, ווען, דערלויבט מיר ווייטער דערציילן די מעשה. הכלל, דער ׳בעיעס אַרטעס׳ טעאַטער איז געבויט פון מאַרמאָרן פון אַ סך לענדער און געפינט זיך אין סאַמע מיטן פון דער שטאָט, אויף אַן אָרט וואָס איז אַן אויסגעטריקנטע אָזערע. דער טעאַטער איז אַזוי מאַסיוו, אַז ער זינקט. אָבער דאָס איז פאַר אַ סך פון איך ניט קיין נייעס, ווייל דאָ זינקט אויך דער טעאַטער.‟

ווען דער געלעכטער האָט זיך איינגעשטילט, האָט הערמעס ווייטער דער־

ציילט: „דער ספּעקטאַקל, יעדן זונטיק פרימאָרגן, איז אפשר ניט דער אַכטער וואונדער פון דער וועלט, ווי דער טעאַטער איז. דער ספּעקטאַקל דויערט בלויז איין שעה אין וועלכער עס ווערט מיט אַ צוגעפּאַסטער מוזיקאַלישער באַגליי־טונג, און מיט עלעקטראָנישע מעטאָדן, איבערגעגעבן אַ פיר־און־צוואַנציק־שעה׳איקער ליכט און שאָטן שפּיל פון די צוויי בערג. עס איז זיכער כדאי צו פאַרזעצן דאָס לעצטע העמד, מיט די שקאַרפּעטקעס, דאָס צו זען. ווער עס פאָרט קיין מעקסיקאָ און זעט דאָס ניט, האָט געמעגט בלייבן זיצן אין דער היים.

„נו, דאָס איז בלויז אַ קאַנווע, אַ מין הקדמה, איידער אַריינצופירן אין אַ מעקסיקאַנישער סביבה, מחמת דערציילן וויל איך גאָר וועגן צוויי אַנדערע בערג, צוויי מענטשן וועלכע איך וועל אַ נאָמען געבן כּאָזע זאַלקינד און אשר באַרקאַן.

מיינע צוויי בערג זיינען אויך געווען אָפּגעזונדערט שוין אַ סך יאָרן. איינער האָט דעם צווייטן פיינט געהאַט און תמיד אויסגעמיטן זיך מיט אים צוזאַמענשטויסן. באַרקאַן איז אין זיין שנאה געווען מער טאַקטיש ווי זאַלקינד, וואָס האָט כסדר געזוכט אופנים ווי באַרקאַנען מבטל צו זיין, ווי אים צו דערנידעריקן.

ביידע זיינען כמעט אין דערזעלבער צייט געקומען קיין מעקסיקאָ. זאַלקינד, פון ווילנע און באַרקאַן, פון זשיטאָמיר. ביידע האָבן געוואָלט פאָרן קיין אַמע־ריקע און האָבן ניט געקאָנט אַריינקומען, זיינען זיי דערווייל געפאָרן קיין מעקסיקאָ, כדי שפּעטער, דורך אַ הינטער־טיר זיך דערשלאָגן צו דער גאָל־דענער מדינה.

אין יידישן צענטער, אויף כעזוס מאַריאַ גאַס, — וואָס איז אין יענער צייט געווען די הויפּט־גאַס פון דער מעקסיקאַניש־יידישער געטאָ, — האָבן די צוויי פאַרשוינען זיך אָפט געזעלשאַפטלעך צוזאַמענגעטראָפן. ס׳איז כמעט זיכער, אַז דער אָנהויב פון זייער אַנטיפּאַטיע איז אויפגעקומען צוליב זייערע אידעאָלאָגיעס, וואָס זיינען געווען אַזוי ווייט אָפּגעטיילט ווי דער פּאַסיפישער ים איז פון אַטלאַנטישן אויפן ברייטסטן שטח פון קאָנטינענט, אָדער ווי אַ באַנדע מעקסיקאַנישע גאַסן־קלעזמער, מאַריאַטשעס, זיינען פון אַ סימפאָנישן אָרקעסטער. זאַלקינד האָט זיך שטאַל און אייזן געהאַלטן אין זיין בונדיסטישן אני מאמין, און באַרקאַן האָט ווייטער אָנגעפירט זיין טעטיקייט פאַר ארץ־ישראל. געזעלשאַפטלעך האָבן זיי זיך צוזאַמענגעטראָפן ווי די צוויי אָקעאַנען ביים פּאַנאַמאַ־קאַנאַל, און דעמאָלט האָבן זייערע וואולקאַנען אויפגעברויזט.

זאַלקינד האָט אין ווילנע געהאַט שטודירט כעמיע, געוואָלט ווערן אַ פאַרמאַציסט. זיין וויסן איז ביי אים געוואָרן אַ צווייטע נאַטור. ווי אַ קליין ייִנגל וואָס צענעמט אַ זייגערל, אַזוי האָט ער אַלץ צענומען, אַנאַליזירט, אויס־געפּאָרשט, זיך געגריבלט און יעדן פאַרבודיעט מיט די פּרטים. זיינער אַ קלאַס־

חבר האָט אים אַמאָל געזאָגט: „מיט דיין גריבלען זיך קענסטו מער פאַרנודיען אין איין שעה, ווי צען פּראָפעסאָרן אין אַ גאַנצער וואָך.“ גמרא און תוספות האָט ער געלערנט ביי זיין פאָטער און אים געשטעלט קשיות, וואָס אַ פרומער ייד וועט ניט ענטפערן אָדער פאַרטייטשן. אַזוי איז זאַלקינד געוואָן מיט אַלץ און מיט אַלעמען און אַפילו זיינע פאַרטיי־חברים פלעגן אים אויסמיידן. ער האָט אין מעקסיקאָ געהאַט אַזויפיל פריינט וויפיל עס זיינען פאַראַן ציי־פינגער אויף איין האַנט.

מען פלעגט אויסמיידן אַפילו פאַרקויפן אים אַ בילעט צו עפּעס אַן אונ־טערנעמונג, מחמת ער פלעגט פאַרמאַטערן מיט זיינע שאלות: „וואָס, שוין ווידער אַן אונטערדאָסעכץ? מיט וואָס וועט מען דאָרט פאַרנודיען?“ מען האָט געהאַלטן, אַז ער האָט אַ האַרץ פון אַ ראַבאָט און אַ קאָפּ ווי אַ רעכן־מאַשין.

באַרקאַן האָט געהאַט געלערנט אין אַ ישיבה אין זשיטאָמיר און היינ־טער דער גמרא פלעגט ער זיך צוכאַפּן צו וועלטלעכע לימודים, געוואָרן אַן אויטאָדידאַקט, געלערנט שפּראַכן. אין דער מעקסיקאַנישער ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע איז ער אויסגעקליבן געוואָרן ווי דער ביבליאָטעקאַר און ווי דער אָנפירער מיט דער דראַמאַטישער גרופּע. ער פלעגט אָפט דורכפירן ליטעראַרישע אָוונטן און פלעגט אַליין אויפטרעטן מיט רעציטאַציעס און אין איינאַקטערס. ער איז תמיד פון אַלעמען געליבט געוואָרן, חוץ פון זאַלקינדן, וואָס פלעגט אומישנע קומען, כדי פון באַרקאַנען מאַכן חוזק. באַרקאַן האָט אים איינמאָל אַ זאָג געטאָן: „איך ווייס, דו ביזט אַ בעמיקער וואָס מאַכט פון אַלץ בלאָטע, אָבער איך בעט דיך, מיט וועלכע כעמישע מעטאָדן אַנאַליזירסטו טעאַטער־שפּיל?“

„מיט דיין שאלה,“ האָט זאַלקינד רואיק געענטפערט, „האָסטו געטראָפן מיטן האַמער פּונקט אויפן גראָבן פינגער. זאָלסט וויסן, אַז אַלץ וואָס האָט אַ ריח קען אַנאַליזירט ווערן.“

„יאָ, פון אַ סאַדיסטישן גיפט־מישער,“ האָט באַרקאַן צוריקגעשאָסן. „עס איז שווער צו קריגן אַ קלאָרן ענטפער פון אַזאַ וואָס האָט באַקומען זיין דיפּלאָם אויף טעאַטער־קריטיק אין אוניווערזיטעט פון האַצעפּלאַצעקאַטעפּעטל.“

דער עולם האָט אויסגעפּלאַצט אין אַ געלעכטער. זאַלקינד האָט מיט חוזק זיי אָפּגעמאָסטן און געזאָגט: „איך בין ניט קיין הון און לייג ניט קיין אייער, אָבער אַ מבין אויף זיי בין איך... יעדער איינער האָט אַ רעכט אויף קריטיק און מיין קריטיק איז... איך וואָלט ווי אַנדערע אויך געקאָנט געפינען שיינע פראַזן, אָבער איך וויל בעסער זאָגן דעם אמת.“

„אַ דאַנק דיר פאַרן אמת!“ האָט באַרקאַן מיט אַ שמייכל געענטפערט. „פאַראַן מענטשן וואָס זיינען קיינמאָל ניט גליקלעך סיידן זיי האָסן עפּעס אָדער

עמעצן. דו מוזט זיין זייער גליקלעך... ס׳אַ רחמנות אויף דער מענטשהייט צו וועמען, צום באַדויערן, דו ביזט צוגערעכנט.״

„מאַך זיך ניט קיין צימעס פון דעם,״ האָט איינער פון די פּריינט שטיל געזאָגט צו באַרקאַנען. „ער איז ברייטמויליק און שמאַלקעפּיק.״

אַ צוהערער צום ווערטער־דועל האָט זאַלקינדן געזאָגט: „איר האָט אַ גרויסן טאַלאַנט זיך איינצושאַפן שונאים.״

„אייער מענטאַליטעט,״ האָט זאַלקינד געענטפערט מיט סאַרקאַזם, „איז ווי אָנגעמאָסטן צו אייער פאַרשטענדעניש, און איר מעגט וויסן, אויב מען קען זיך ניט שאַפן קיין שונאים, קען מען זיך אויך ניט שאַפן קיין פריינט, נאָר אייער פריינטשאַפט בין איך אייך מוחל.״ ער האָט זיך אַוועקגעדרייט אין אַ ווינקל און גענומען קוקן אויף די פּאָרלעך וואָס האָבן געטאַנצט. געזען באַרקאַנען טאַנצן מיט אַ מיידל, אַ טיפּישע שפּאַנישע שיינהייט. זאַלקינד האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט מיט עטלעכע וואָכן צוריק געטראָפן דאָס מיידל מיט באַרקאַנען אין טשאַפּולטעפּעק פּאַרק. ער האָט דעמאָלט, אַזוי ווי איצט, געקוקט אויף איר מיט זשעדנע אויגן. ווען זי האָט נאָכן טאַנץ זיך אַוועקגעזעצט און איז געבליבן אַליין, האָט ער ניט געהאַט דעם מוט צוצוגיין צו איר און זי פאַרבעטן צו טאַנצן מיט אים.

באַרקאַנען אַליין וואָלט זאַלקינד קיינמאָל ניט אָפּגעשטעלט, אָבער יענעם שבת נאָכמיטאָג, ווען זאַלקינד האָט אים באַגעגנט מיט דער שפּאַנישער שיינהייט, האָט זי אים ווי מיט אַ כּישוף צוגעצויגן. ער האָט באַרקאַנען באַגריסט: „בוענאָס שבת.״ באַרקאַן האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז די סיבה פון זאַלקינד׳ס פּלוצימדיקער פריינטלעכקייט איז זיין שפּאַנישע לערערין. באַרקאַן האָט ניט געפונען פאַר נויטיק זי פאָרצושטעלן, נאָר זאַלקינדן האָט ער געזאָגט ווער זי איז. ביי זאַלקינדן איז אָבער עקשנותדיק אויפגעקומען אַ גלוסט צו פאַרפירן אַ געשפּרעך מיט זיי, כּדי דורך די רייד צו קענען באַווייזן זיין ערודיציע אין שפּאַניש און אין מעקסיקאַנישן פאָלקלאָר, וועגן דער שיינקייט פון דעם היסטאָרישן פּאַרק מיט דעם פּאַלאַץ פון אימפּעראַטאָר מאַקסימיליאַן. אָבער באַרקאַן האָט כּסדר געענטפערט אויף יידיש: „ווי איך זע, געפעלט דיר דער טשאַפּולטעפּעק? בוענאָס טאַרדעס.״

איצט, זיצנדיק אין טאַנץ־זאַל, איז אין זאַלקינד׳ס מוח אויפגעקומען אַ דראַמאַטישע האַנדלונג מיט דער כלומרשטער לערערין און מיט באַרקאַנען אין די הויפּטראָלן, אָבער זיין ראָל פון אַן אינטריגאַנט איז אים גאָרנישט געווען צום האַרצן.

„אַ סך יאָרן זיינען אַריבער זינט יענעם אָוונט, אָבער איצט לאָמיר עפּעס פאַרבייסן,״ האָט הערמעס זיך געווענדט צום עולם, „און נאָכדעם, אויב איר

וועט וועלן, וועל איך ווייטער דערציילן. נאָר איידער מיר נעמען זיך צום סמאָרגאַסבאָרשט, לאָמיר ריידן וועגן אַלץ, חוץ וועגן מיין מעשה. אָ קעי?״

***

מיט אַ האַלבע שעה שפּעטער האָט דער עולם זיך צעזעצט און הערמעס האָט ווידער אָנגעהויבן:

„וואָס איך האָב אייך דערציילט ביז איצט,״ האָט הערמעס געזאָגט, „איז פאָרגעקומען אין די שפּעטער צוואַנציקער יאָרן פון דעם איצטיקן יאָרהונדערט. פאַר דעם אָנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן ביידע שוין געהאַט אָנגעזאַמלט גרויסע פאַרמעגנס. אין אַקאַפּולקאָ אָדער גוואַדאַלאַכאַראַ — אָדער ווי יידן רופן דאָס „גוואַדאַכאַלעריע״ — האָבן זיי זיך אומישנע אויסגעמיטן. באָרקאַן איז תמיד געווען אין דער געזעלשאַפט פון שיינע פרויען. זאַלקינד פלעגט זיי באַמערקן, אָבער נאָר פון דער ווייטנס.

די צוויי פאַרשוינען פלעגן אויך אָפט פאָרן קיין אַמעריקע, אָבער פאַר־בליבן זיינען זיי מעקסיקאַנישע תושבים.

זאַלקינד האָט צוערשט געאַרבעט אין אַ כעמישער לאַבאָראַטאָריע. דאָרט האָט זיך אים איינגעגעבן צו שאַפן אַ רפואה קעגן קאַפּווייטיק, וואָס האָט זיין פירמע אַריינגעבראַכט אַ גרויס פאַרמעגן. מיטן קליינעם פּראָצענט, וואָס ער האָט באַקומען פון ריווח, האָט ער געעפנט אַן אייגענע לאַבאָראַטאָריע און האָט גענומען פאַבריצירן פאַרשיידענע סינטעטישע פאַרבן, פּאַטענטירטע מעדיצינען, זייפן, פּאַרפומען. ער האָט די אַלע סחורות געגעבן געלונגענע מעקסיקאַנישע, אַצטעקישע און עראַטישע נעמען, וועלכע זיינען געוואָרן פּאָפּו־לער. פון דער אונטערנעמונג איז ער טאַקע נתעשר געוואָרן.

באָרקאַן האָט נאָכן אָנקומען קיין מעקסיקאָ געהאַנדלט מיט פאַרשיידענע סחורות און איז געבליבן ביים מסחר פון פרויען־זאַקן. צוערשט האָט ער געפירט זיין סחורה אויף אַ וועגעלע, אויף איינער פון די מעקסיקאָ סיטי מאַרק־גאַסן. ווען די מעקסיקאַנישע סוחרים האָבן פּראָטעסטירט קעגן די יידישע גאַסנהענדלער, זיינען זיי פאַרטריבן געוואָרן פון די גאַסן און אַריינ־געטריבן געוואָרן אין קראָמען. דאָס וואָס האָט געזאָלט זיין אַ רעה איז געוואָרן די גרעסטע טובה. געווירקט ווי אַ בומעראַנג. באָרקאַן איז פּאַמעלעך געוואָרן דער גרעסטער הורטאָוונער סוחר פון פרויען־זאַקן. פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער געוואָרן דער אויסשליסלעכער מעקסיקאַנישער פאַרטרעטער פאַר אַן אַמעריקאַנער פירמע פון נאַילאָן־זאַקן און זיין פאַרמעגן איז האַסטיק געשטיגן. אַזוי ווי ער איז שפּעטער געוואָרן אַ פאַרטרעטער פון אַ שווייצאַ־רישער זייגער־פירמע, האָט מען זיך וועגן אים געוויצלט, אַז ער האָט אַלע מעקסיקאַנישע פרויען אָנגעטאָן זאַקן און דורך אים וויסן זיי איצט די צייט...,

ער האָט חתונה געהאַט מיט אַן „אסתר המלכה״, וואָס איז אויסגעקליבן געוואָרן אויף אַ פּורים־באַל און מחמת געלט האָט אַ טבע קריכן צו געלט, האָט ער באַקומען אַ גרויסן נדן. געשמועסט האָט מען, אַז ער איז דער רייכסטער ייד אין מעקסיקאָ.

ביידע האָבן זייערע פּאָליטישע אידייען ניט געביטן. פונדעסטוועגן האָבן זיי אויף אַ ברייטן שטייגער מנדב געווען פאַר יידישע דערציערישע און קול־טורעלע אַקציעס פון פאַרשיידענע פּאָליטישע ריכטונגען.

זאַלקינד האָט גערן געגעבן געלט סיי פאַר זיינע פּאַרטיי־צוועקן און סיי פאַר די פון אַנדערע ריכטונגען. ער האָט דאָס געטאָן בשתיקה און האָט הנאה געהאַט ווען מען האָט אויסגעפונען וועגן זיין מתן בסתר. באַרקאַן האָט מנדב געווען, מחמת אין דעם וואָקאַבולאַר פון עטלעכע שפּראַכן, וואָס ער האָט גערעדט, האָט געפעלט דאָס וואָרט „ניין״. יעדע נאַציאָנאַלע, וועלטלעכע אָדער רעליגיעזע אַקציע איז פון אים געשטיצט געוואָרן. אַפילו לינקע קאָמפּאַניעס זיינען געווען אויף זיין ביישטייער־צעטל. „איך דאַרף ניט מסכים זיין מיט זייערע צילן,״ האָט ער געזאָגט, „אָבער די לינקע אָרגאַניזאַציעס פאַרשפּרייטן אויך יידישע קולטור.״

זאַלקינד איז געווען מער אויסגעהאַלטן אין דעם פּרט. דער שליח פון די לינקע, אַ באַוואוסטער פּאָעט, האָט אַפילו מיט זיין פּערזענלעכן חן ניט געקענט פועלן ביי זאַלקינדן, ער זאָל אָפּנויגן פון זיינע איינגעשטעלטע כללים. דעם דיכטערס ביכער האָט ער געקויפט און גוט באַצאָלט, אָבער פאַר לינקע קאָמפּאַניעס האָט ער ניט געוואָלט געבן קיין איין סענטאַוואָ.

יאָרן האָבן גאַלאָפּירט. אַ וועלט איז אונטערגעגאַנגען. נייע לענדער זיינען אויפגעקומען. ישראל איז געוואָרן אַ מדינה. גאַנצע טראַנספּאָרטן מיט בויטיקע מאַטעריאַלן און וויכטיקע אינסטרומענטן זיינען אַוועק פון מעקסיקאָ אין יענע בוי־יאָרן, אַ דאַנק דער באַמיאונג פון אשר באַרקאַן.

ווען דער „באָנד־קאַמפּעין״ פאַר ישראל האָט זיך אָנגעהויבן אין מעקסיקאָ איז באַרקאַן געווען דער ערשטער צו קויפן באָנדס אויף אַ גרויסער סומע. ער האָט אויך געזען, אַז זיינע פריינט און באַקאַנטע זאָלן קויפן און אַליין האָט ער געשאַפן מער ווי אַ מיליאָן דאָלאַר.

זאַלקינד האָט זיך אָפּגעזאָגט קויפן ישראל־באָנדס: „איך האַלט ניט פון דעם ענין. איך האָב געגעבן פאַר ישראל, אָבער אַריינלייגן געלט פאַר באָנדס וויל איך ניט.״ ווען דער פאַרשטייער פון די ישראל־באָנדס אַקציע האָט אים געזאָגט: „ווי עס איז מיר באַוואוסט, זאָגט איר זיך ניט אָפּ צו פירן געשעפטן מיט ישראל, וואו איר פאַרקויפט אייער סחורה.״

זאַלקינדס ענטפער איז געווען: „איך פאַרקויף אויך מיינע סחורות צו עסקימאָסן, מיינט דאָס אַז איך מוז אויך אַריינלייגן געלט צו בויען איגלוס?

צו שטעלן הייזער פון אייז?" דער שליח האָט דעם תירוץ ניט אָנגענומען. „איך קען סיי הי און סיי אין אַנדערע לענדער אַ סך געטרייע בתדיסטן וואָס זיינען איצט איבערגעגעבענע באַנדיסטן."

***

זאַלקינד האָט אַראָפּגעשלונגען דעם קיבעץ און מיט אַ שמייכל געזאָגט: „מעגלעך, אָבער אַנטשולדיקט מיר, איך בין שטאַרק פאַרנומען."

אַפילו דער משתדל זיין זיך פון זיינע געגנאָסן האָט ניט געהאָלפן. זיין עקשנות האָט אַ סך געשטערט אין דער באַנד־קאָמפּאַניע. רייכע, אָבער ניט־באַוואוסטזיניקע יידן האָבן געהאַלטן: „אויב זאַלקינד זאָגט זיך אָפּ קויפן איז עפּעס דאָ ניט גלאַטיק." זיין עסקימאָסן און איגלוס משל האָט געפונען אַ סך צוהערער.

דער נייער טעמפּל און צענטער וואָס מען האָט מיט אַ יאָר פריער אָנגעהויבן בויען איז פאַרטיק געוואָרן. כמעט יעדער מעקסיקאַנער ייד האָט ביי־געשטייערט צום אויפבוי פון טעמפּל און צענטער. מען האָט פשוט יעדן יידן טאַקסירט מיט אַ געוויסער סומע און די מערסטע האָבן באַצאָלט. געווען אַזעלכע וואָס האָבן אַביסל געוואָלט אַראָפּדינגען, אָבער זיי האָבן סוף־כל־סוף באַצאָלט. באַרקאַן און זאַלקינד זיינען געווען פון די ערשטע פרייוויליקע מנדבים. באַרקאַן האָט מנדב געווען סיי פאַרן טעמפּל און סיי פאַרן צענטער, און זאַלקינד האָט בלויז בייגעשטייערט פאַרן צענטער, — כאָטש דער טעמפּל און צענטער איז געווען איין אינסטיטוציע. זאַלקינד האָט מנדב געווען דעם מאַטעריאַל צו פאַרבן די געביידעס און טויזנטער ציגל. ער האָט אויך געקויפט די מעבל פאַרן צענטער. באַרקאַן האָט באַצאָלט פאַר אַ ביבליאָטעק פון טויזנטער ביכער אין יידיש, העברעאיש, שפּאַניש און העברעאיקאַ און יודאַ־איקאַ אין מערערע שפּראַכן. ער האָט אויך מנדב געווען אַ האַנט־געשניצטן ארון־קודש, עמוד, שולחן און אַ פּלושענעם פּרוכת, אויף וועלכן עס זיינען געווען צוגעפּעסטיקט מאַסיווע זילבערנע אותיות מיט זיין נאָמען.

דער פּרעזידענט פון טעמפּל, מנחם בערביטשאָוו, האָט פאַרבעטן די וויכטיקסטע מנדבים, צו זיין די ערשטע אָנצוקוקן דעם פאַרטיקן צענטער און טעמפּל. צווישן די געסט זיינען אויך געווען פאַרשטייער פון דער יידישער פּרעסע. די צוויי צענדליגג געסט האָט מען געפירט איבער די צימערן, פון זאַל צו זאַל און פון צענטער צום טעמפּל. די גבאים האָבן אַרומגעהאָוועט, די שטימונג איז געווען אַ יום־טובדיקע. דער אינסטיטוט, דער בנין, וועט זיין אַ כבוד פאַר יידן, פאַר דער מאָדערנער שטאָט מעקסיקאָ סיודאַד!

באַרקאַן האָט געשעפּט נחת פון אַלץ און פון אַלעמען. מיט די העכסטע

שבחים האָט ער געלויבט די אַרכיטעקטור וואָס איז יידיש, כאָטש זי האָט אויך אַ מאָדערניסטישן עלעמענט. ער האָט געהאַט בלויז לויב פאַר אַלץ און אַלעמען: „אויסגעצייכנט, גראַנדיאָז, וואונדערלעך, אַזוי מאַסיוו ווי באַנדס פאַר ישראל.״ ער איז ניט אויסן געווען קיינעם אַריינצוזאָגן, נאָר זאַלקינדן האָט דאָס פאַרדראָסן, כאָטש ער האָט זיך געמאַכט ניט־וויסנדיק. אויף אַלץ האָט ער געקוקט מיט ביטול. אַפילו די מאָדערניסטישע פענצטער מיט יידישע קאָליר־פולע סימבאָלן זיינען אים ניט געפעלן געוואָרן, כאָטש זיי זיינען געשאַפן געוואָרן לויט די צייכענונגען פון באַרימטן אַרטיסט מיכה אָפּענהיים, וועמען מען האָט גערעכנט ווי איינעם פון דיעגאָ ריוויעראַ׳ס טאַלאַנטירטסטע תלמי־דים. מיט אַ חוזק־אַנשטעל האָט ער געזאָגט: „אַמאָל זיינען בעלי־מלאכות געווען אַרטיסטן; היינט איז פונקט פאַרקערט.״ מיט שפּאָט האָט ער געקוקט אויף די טעמפּל־„שטעט״, וואָס וועלן באַזעצט ווערן מיט עם־הארצים, היפּאָ־קריטן, קאָמערסאַנטן. ער האָט נאָכגעפרעגט וועגן יעדן פון די מנדבים, בליק־שנעל דורכגעטראַכט דעם אופן פון יעדנס עשירות און פון זיין „אור־הום״ האָט אַרויסגעדונערט ביטול צו אַלץ און אַלעמען.

איינציקוויז האָבן די גבאים זיך אָוועקגעשאַרט פון אים און גענומען האַלטן זיך נאָענט צו באַרקאַנען, וועלכער האָט גערודערט מיט התלהבות. אים איז גאָר געוואָרן געפעלן וואָס דער באַלעמער איז ניט אין מיטן פון טעמפּל, נאָר צוזאַמען מיטן ארון־קודש. אַדרבא, זאָלן אַלע זען און הערן דעם חזן און דעם רב און אים ניט הערן ווי דעם רב.

זאַלקינד האָט כסדר געהאַלטן אָנגעשפּיצט זיינע אויערן, און אין יעדער פראַזע פון באַרקאַנען געזוכט אַ געלעגנהייט אים געבן אַ שטאָך. אים איז ניט געפעלן געוואָרן וואָס אַלע האָבן אַרום באַרקאַנען. מען איז צוגעגאַנגען צום ארון־קודש און זאַלקינד, מאַכנדיק אַ משונהדיקע העויה האָט זיך אַרויס־געזוקט פאַראויס און מיט אַ גראָטעסקן טעאַטראַלישן זשעסט אָנגעטאָן זיינע ברילן, פאַרריסן דעם קאָפּ צום פּרוכת און גענומען לייענען יעדן זילב: „נדבת אשר באַרקאַן ורעיתו. איי, איי, רבותי, סיניאָרעס,״ האָט ער זיך געווענדט מיט אַ סאַרקאַסטישער מינע צו די אַרומיקע, „דאָרט איז פאַראַן אַ טעות, אַ גראַנדיעזער טעות. עס וואָלט באַדאַרפט זיין: נדבת אשר באַרקאַן וועשיקסאָסוי !״

באַרקאַן, וואָס האָט שוין יאָרן ניט געהאַט קיין מגע ומשא מיט זאַלקינדן, איז געוואָרן בלייך. אַ פיינלעכע שטימונג האָט יעדן אַרומגעכאַפּט. ווי אַ פּאַראַ־ליטישער שטראַל וואָלט אַלעמען פאַרגליווערט. בלויז זאַלקינד׳ס אויגן האָבן אונטער די ברילן אַרומגעטאַנצט און האָבן אויפגעכאַפּט דעם רושם וואָס זיין באַמערקונג האָט געמאַכט. ער האָט בלויז אויף אַ רגע פון אַ רגע געוואָרפן אַ בליק אויף זיין קרבן, באַרקאַן, ביי וועמען די ליפּן האָבן געציטערט, האָט

עפּעס געוואָלט זאָגן, אָבער קיין קול איז נישט אַרויסגעקומען. ער האָט זיך אָפּגעווישט דעם קאַלטן שווייס פון שטערן און איז שנעל אַרויסגעגאַנגען פון טעמפּל. עטלעכע מענטשן זיינען אים נאָכגעלאָפן. די שמחה איז צעשטערט געוואָרן.

די מאכלים און משקאות אין פּראַכטיקע זילבערנע כלים אויפן געגרייטן טיש זיינען כמעט ניט אָנגערירט געוואָרן. די באַמיאונג פון פּרעזידענט בערע־ביטשאָוו, צו פאַרטרייבן די שווערע שטימונג, האָט זיך ניט איינגעגעבן.

כדי צו פאַרמיידן אַן עפנטלעכן סקאַנדאַל האָבן די פּרעסע־פאַרטרעטער באַשלאָסן צו פאַרשווייגן אין די באַריכטן דעם אינצידענט, אָבער צווישן יידן אין מעקסיקאָ האָט מען וועגן דער געשעעניש גערעדט און אין אַ צייט אַרום איז די געשיכטע פאַרגעסן געוואָרן.

אין עטלעכע חדשים שפּעטער, ווען דער ניו־יאָרקער שליח פון דער „ציקאָ", מר. פיינערמאַן, איז געקומען צו באַרקאַנען פאַר דער יאָריקער ביישטייערונג, האָט זיך באַרקאַן אָפּגעזאָגט געבן געלט פאַר דער אָרגאַניזאַציע. דער שליח איז פּשוט דערשטוינט געוואָרן. באַרקאַן איז תמיד געווען דער ערשטער מיט דער גרעסטער סומע. דער שליח האָט דערפילט, אַז זיין גאַנצע שליחות וועט זיין אַ דורכפאַל און דאָס וועט זיכער זיך אָפּרופן שלעכט אויף דער גאַנצער זאַמלונג. „מילא," האָט דער שליח געזאָגט, „ניט איז ניט, אָבער איך וויל אויסגעפינען די סיבה, וואָס איז זיכער ניט קיין פּרינציפּיעלע, נאָר איז פאַרוויקלט אין אַ רעטעניש."

„אַ פּרינציפּ," האָט באַרקאַן געענטפערט, „דאַרף מען האָבן צו געבן. אויף ניט געבן דאַרף מען ניט קיין פּרינציפּ. מען גיט ניט און שוין. ווי איר ווייסט, האָב איך דווקא יאָ אַ פּרינציפּ צו געבן, נאָר איצט גיב איך ניט, מחמת אין קאָמיטעט פאַר דער ציקאָ־אַקציע געפינט זיך דער נאָמען פון סעניאָר כאָזע זאַלקינד."

פיינערמאַן, וואָס האָט שוין געהאַט געהערט פון דער פּאַסירונג אין טעמפּל, האָט פאַרשטאַנען באַרקאַנ'ס שטימונג, נאָר ער האָט געזוכט אים באַוויַיזן, אַז די אַקציע איז וויכטיקער און איז איבער יעדן פּערזענלעכן קידער־ווידער, אַז מען איז ברוגז אויפן חזן, מיינט ניט אַז מען דאַרף ניט שפּרינגען קיין קדוש אָדער אויסשפּייען ביי עלינו. ובפרט ווען זאַלקינד איז ניט די וויכטיקסטע קליאַמקע פון דער ציקאָ־אַקציע.

באַרקאַן האָט אָבער זיך געהאַלטן ביי זיין באַשלוס: „כל זמן," האָט ער געזאָגט, „דער נאָמען פון דעם סעניאָר וועט זיך געפינען אין דעם קאָמיטעט, אָדער אין וועלכן ניט איז אַנדערן קאָמיטעט, וועט מען פון מיר ניט קריגן קיין איין גראָשן. איך בין ניט גייסטיק און ניט מאָראַליש מחויב זיך צו באַטייליקן אין אייער אַקציע."

אויף אַ זיצונג פון דער עקזעקוטיווע פון בונד, וואָס איז אויף שנעל צונויפגערופן געוואָרן, האָט פיינערמאַן געריידט וועגן דער וויכטיקייט פון דער אַקציע. אויך אַנדערע האָבן אונטערשטראָכן די וויכטיקייט. קיין נייעס אָבער איז נישט אַרויסגעבראַכט געוואָרן. דאָס וואָס איז געלעגן ביי יעדן אויף דער לונג האָט מען ניט אַרויסגעבראַכט אויף דער צונג. צום סוף האָט זאַלקינד גענומען אַ וואָרט: „פריינט," האָט ער געזאָגט, „מיר זיצן דאָ ווי אויף אַ כּעלעמער אַסיפה. קיינער פון אייך וויל ניט אַרויסברענגען דעם אמת, אַז איך, מיט מיין גרויס מויל, בין שולדיק." ביים ריידן איז ער געבליבן זיצן ווי פריער, מיטביידע עלנבויגנס אויפן טיש און דעם קאָפּ אין די הענט. צום סוף האָט ער אַוועקגענומען די הענט פון קאָפּ און האָט דערקלערט: „אויב באַרקאַן זאָגט זיך אָפּ בייצושטייערן בלויז צוליב מיין נאָמען אין קאָמי־טעט, זיינען פאַראַן דריי אויסוועגן ווי דעם ענין אויפפּלאָנטערן. ראשית, קען איך רעזיגנירן." עטלעכע האָבן גלייך אויסגערופן: „ניין, ניין, דאָס ניט."

„סעניאָרעס," האָט זאַלקינד ווייטער געריידט, „לאָזט מיך, איך בעט אייך. צווייטנס, אַז איך זאָל ביישטייערן די סומע וואָס סעניאָר באַרקאַן האָט זיך אָפּגעזאָגט מנדב זיין, און איך בין אַפילו גרייט צו באַצאָלן צוויי מאָל אַזויפיל."

דער שליח האָט אים איבערגעשלאָגן: „מיין ליבער זאַלקינד, דאָס איז זייער נאָבל, אייער ביישטייערונג וועט זיכער דעקן דעם פאַרלוסט פון באַר־קאַנ׳ס אָפּזאָג, אָבער ניט דעם מאָראַלישן. באַרקאַן האָט אַ גרויסע צאָל פריינט און דעם שאָדן פון זייער אָפּזאָגן זיך וועט קיינער ניט קענען דעקן..."

„האָב איך נאָך אַן אויסוועג," האָט זאַלקינד צוגעלייגט. „איך צוזאַמען מיט פריינט פיינערמאַן וועלן צוגיין צו באַרקאַנען."

אָט די דערקלערונג האָט אַלעמען פאַרגאַפט. מען האָט זיך איבערגע־קוקט, ווער מיט אַ שמייכל און ווער מיט אַ סקעפּטישן אויסדרוק. זאַלקינד האָט דאָס באַמערקט און צוגעלייגט: „זייט ניט פאַרוואונדערט, מיין כוונה איז ניט אויפרייצן, נאָר אַ סוף מאַכן צו אַ יינגלישער מחלוקת... איר פאַרשטייט, רבותי, מיין שפּיגל האָט לעצטנס פאַרלוירן זיין זכרון... ער צייגט מיר ניט מער דאָס וואָס ער פלעגט מיר ווייזן מיט יאָרן צוריק."

**
*

פיינערמאַן האָט געוואַרט ביים אַריינגאַנג פון האָטעל אויף זאַלקינדן, וועלכער איז, צו דער באַשטימטער רגע, צוגעפאָרן אין זיין אויטאָמאָביל. דער שליח האָט נאָך פון פריער מיט באַרקאַנען געהאַט טעלעפאָניש זיך פאַרשטענ־דיקט צו טרעפן, נאָר ער האָט אים ניט געזאָגט, אַז ער וועט ברענגען אַ גאַסט.

באַרקאַנ׳ס סעקרעטאַרשע האָט דערקענט פיינערמאַנען, אים געזאָגט, אַז סעניאָר באַרקאַן וואַרט און געפֿינט די טיר.

באַרקאַן איז געזעסן ביי זיין גרויסן מאָדערניסטישן שרייבטיש און אויף אַ געוויינלעכן שטייגער, אָן ענדערן דעם אויסדרוק אויפֿן פּנים, באַגריסט זאַלקינדן און האָט אים אָנגעוויזן אויף אַ שטול זיך צו זעצן.

„איך גלויב,״ האָט פיינערמאַן געזאָגט, „אַז מיין אָנוועזנהייט איז דאָ איבעריק. איך ווייס, אַז איך האָב געהאַנדלט נישט דיפּלאָמאַטיש, בעט איך אייך מיר מוחל זיין... איך וועל וואַרטן אין צווייטן צימער.״

יעדע רגע האָט זיך געצויגן ווי אַן אייביקייט. ביידע האָבן געשוויגן. זאַלקינד׳ס פּנים איז געווען פאַר׳צער׳ט. ער האָט געטראַכט און געזוכט די פּאַסיקע ווערטער אָנצוהויבן. באַרקאַן האָט אין דער צייט דורכגעוואַנדערט די אַמאָליקע רגע׳ס פון אויפרעגונג און פּיין.

זייער שווייגן איז ניט געווען קיין אויסדויער־קאָנטעסט. ביידע האָבן איבערגעלעבט פיינלעכע מחשבות און זיך געראַנגלט מיטן געוויסן. צום סוף האָט באַרקאַן אָנגעקוקט זאַלקינדן און מיט די אויגן אים געפרעגט: וואָס טוט זיך דאָ?

זאַלקינד האָט שווער אָפּגעאָטעמט און געזאָגט: „איך בין קעגן דיר באַגאַנגען אַ סקאַנדאַליעזע עוולה, און, עס וואָלט מיר שטאַרק ווײ געטאָן ווען דו וועסט מיך הייסן אַוועקגיין. איך בין געקומען דיך בעטן, דו זאָלסט מיר מוחל זיין.״

באַרקאַן האָט אין זאַלקינדן דערקענט, אַז ער איז געוואָרן אַ געענדערטער זינט יענער ווילדער סצענע אין טעמפּל. ער האָט אויסגעזען אָפּגעצערט און אַ מידקייט אויפֿן פּנים איז געלעגן איינגעקריצט מיט שווערע שטריכן. די ענדערונג, האָט ער פאַרשטאַנען, איז ניט בלויז אַ פיזישע, נאָר אַ גייסטיקע און דער צער האָט בפירוש זיך אָנגעזען.

„ביין,״ האָט באַרקאַן געזאָגט, „דו ביזט אַ גאַסט. איך באַדויער בלויז וואָס עס איז געשאַפֿן געוואָרן אַזאַ בייז צווישן אונדז. איך האָב אויך ניט געקאָנט איינרוען און האָב כסדר געזוכט אין מיין מחשבה די סיבות פון אונדזער פיינטשאַפֿט... יאָ, איך האָב גענומען אַנאַליזירן, אַזוי ווי דו טוסט... אָבער, איך בין איצט אינגאַנצן צעטומלט. אפשר, זאָלסטו מיר מוחל זיין, האָסטו איינגעשלונגען אַ באַשיידנקייט־פּיל... איך בעט דיך ענטפער מיר אַ פּער־זענלעכע שאלה... דו ביזט ניט קיין היפּאָקריט, ניט קיין עגאָאיסט, ניט קיין ציניקער... זאָגט מיר, פאַרוואָס טראָגסטו קעגן מיר אַזאַ ביטול?״

„איך וועל זיך מודה זיין. איך בין אַן אינטעלעקטועלער סנאָב. אפשר איז אַלץ געקומען פון מיין עגאָ, פון טראַומאַטישע סיבות, ווי פרויד וואָלט גע־טייטשט, אפשר פון מאַנגל אין עפּעס... אַן עפּעס וואָס האָט מיר אויסגעפעלט.

אָבער דאָס גייט דאָך שוין אָן יאָרן און יאָרן... אפשר האָט מיר געפעלט ליבשאַפט... ניין, ניט קיין פיזישע ליבשאַפט. ניט, אַז עמעץ זאָל מיך ליב האָבן ,נאָר אַז איך זאָל אַנדערע ליב האָבן... אַפילו מיין ניט וועלן קויפן קיין ישראל־באָנדס, איז געווען אַ פועל־יוצא פון דעם וואָס דו ביזט געווען דער גאַנצער אָנפירער פון קאָמיטעט. דו ביזט אָבער געווען מער אויסגעהאַלטן און די מעלה האָט מיך באַהערשט און מיך אויפגעוועקט פון מיין זעלבסטצופרי־דענער לעטאַרגיע.״

באַרקאַן איז פון שרייבטיש צוגעגאַנגען צו זאַלקינדן און אויסגעשטרעקט זיין האַנט. זאַלקינד האָט די האַנט אָנגענומען מיט וואַרעמקייט און דאַנקבאַר־קייט. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און מיט פרייד געקוקט באַרקאַנען אין די אויגן. באַרקאַן האָט אַראָפּגעדריקט דאָס קנעפּל פון וויטשפּרעכער־אַפּאַראַט און אַריינגערעדט: „מאַטילדאַ, פּאַר פאַוואָר, שיק אַריין סעניאָר פיינערמאַן. גראַציאַס.״ פון אַ שאַפקע אין דער וואַנט האָט ער אַרויסגענומען אַן אַלטע פלאַש פון „קאַרדינאַל מענדאָזאַ״ קאָניאַק, אויך דריי גלעזלעך און זיי אָנגעגאָסן. ווען פיינערמאַן איז אַריינגעקומען האָט באַרקאַן מיט אַ שמייכל געזאָגט: „פריינט פיינער מאַן, לאָמיר מאַכן אַ לחיים!״

***

„נו,״ האָט הערמעס זיך געווענדט צו זיינע פריינט, „פּאַפּאַקאַטעפּעטל און איקסטאַקסיוואַטל זיינען זיך ניט צוזאַמענגעקומען, אָבער מיינע צוויי בערג, יאָ!״

# דו ביזט דיין ברודערס היטער

די ריכטער זיצן ביי די טישן פון משפּט.
אַריינגעשלעפּט ווערן די קליינע רוצחים,
די וואָס געהרגעט בלויז צו צען און צו פופציק
און געשמיסן זקנים און באַרויבט געשעפטן.
באַלד וועט מען אַריינברענגען די גרעסערע מערדער,
די וואָס האָבן געקוילעט צו הונדערט און צו טויזנט
און חרוב געמאַכט דערפער און קליינע שטעטלעך.
באַגלייט פון היטער וועט מען מיט אָפּשיי אַריינפירן
די הויפּט רוצחים, וואָס האָבן וויסנשאַפטלעך
געמאָרדעט צו צען און צו הונדערט טויזנט
און פאַרוויסט גרויסע שטעט און בליענדע געגנטן.
און עס וועט באַלד קומען דער טאָג ווען עס וועט
מיט טרומייטן, פּאַנפּאַרן און גלאָקן געקלאַנג
און מיט הללויה'ס אין מיליטערישן שפּאַן
פאָרגעפירט ווערן פאַר די שופטים דער מייסטער
מערדער,
דער וואָס האָט געשאָכטן מיליאָנען, אַ צענדלינג
מיליאָנען,
און מיטן וואָרצל אויסגעריסן און אָפּגעווישט
די ציוויליזאַציע.
דער וואָס איז געווען מעכטיקער ווי גאָט,
ברוטאַלער ווי דער מלאך המות ;
דער וועמען מען האָט גע'האַיל'ט אין פרימאָרגן,
גע'האַיל'ט בייטאָג,
גע'האַיל'ט ביים געבוירן
און גע'האַיל'ט ביים שטאַרבן.

און הערן וועט מען ביים משפּט חריפות און קענטעניש
וועגן געזעצן און געבאָטן,
נאַציאָנאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע,
אַלטע און מאָדערנע.
ליידנשאַפטלעכע אָנקלאָגן וועט מען פאַרנעמען,
און שטורעמדיקע אָראַטאָרן וועלן בעטן מענטשלעכקייט.

אַדוואָקאַטן מיט פאַרגלייזטע אויגן וועלן וואָרענען,
און באַווייזן מיט פּרעצעדענטן,
און פּרעס־פּאַטשקונעס און וואָרט־הענדלער
וועלן לאַמענטירן וועגן יושר, רחמנות און תשובה,
און ענדלעך וועט מען הערן דעם אורטייל.
אַ טייל וועלן געמשפּט ווערן צו תפיסה,
אַ טייל וועלן געשאָסן ווערן ביי אַ ווענטל,
אַ טייל וועט מען אויפהענגען.

מענטשלעכע גערעכטיקייט ווערט געמאָסטן בלויז
צווישן איין מענטש און אַ צווייטן. —
מענטשלעכע גערעכטיקייט איז קליינלעך, נישטיק
און לעכערלעך. אַן אויג פאַר אַן אויג?
אַ גליד פאַר אַ גליד? אַ לעבן פאַר אַ לעבן?
ווי אַזוי קען מען איינעם טויזנט מאָל די אויגן
אויסשטעכן?
ווי אַזוי קען מען איינעם אַ הונדערט טויזנט מאָל
די גלידער אָפּרייסן?
ווי אַזוי קען מען איינעם אַ מיליאָן מאָל,
זעקס מיליאָן מאָל אויפהענגען?
די וואָס וועלן זיצן אין תפיסה וועלן זאָגן:
„וואָס זיינען פינף אָדער צען אָדער צוואַנציק יאָר
פון אונדזער לעבן אין פאַרגלייך מיט
די פינף טויזנט יאָר, צען טויזנט יאָר,
צוואַנציק טויזנט יאָר פון די וואָס מיר האָבן
פאַרמוטשעט
אין תפיסה?"
און די וואָס דאַרפן דערשאָסן ווערן אָדער געהאַנגען
ווערן
וועלן זיך טראַכטן: „איינער מוז דאָך שטאַרבן פריער
אָדער שפּעטער. וואָס מיינט איין שעה פון ליידן אין
פאַרגלייך
מיט די מיליאָנען טעג פון מאַטערניש און פּיין
וואָס מיר האָבן דורכגעפירט?
עס איז ווערט געווען!"

און די מערדער פון דער צוקונפט וועלן לייענען דעם משפט
און לאַכן ס׳גרעסטע געלעכטער, און גורטן זייערע לענדן,
שאַרפן זייערע מעסערס, טונקען זיי אין סם.
„אַזויפיל פאַר אַזוי ווייניק.
עס איז ווערט געווען, עס איז ווערט געווען דער שפּיל.״

נאָר פאַר דעם הימלישן בית־דין וועלן
זעקס מיליאָן נשמות,
נשמות פון פאַרברענטע אין ריזיקע אויוונס,
נשמות פון דערשטיקטע אין וואַגאָנען און היילן,
נשמות פון פאַר׳שרפה׳טע אין קאַלך און
לעבעריקערהייט באַגראָבענע.
נשמות פון פאַרהונגערטע, פאַרגאַזטע, פאַרשמיסענע
און זייער אינגעווייד אַרויסגעריסענע.
נשמות פון קינדער,
נשמות פון יינגעלעך און מיידעלעך
לעכצענדיק נאָך שטיפעריי.
נשמות פון פרויען, יונגע און עלטערע,
אָנגעפילט מיט לוסט און לעבנסבאַגער.
נשמות פון מענער, גרייז־גרויע מענער און מיטליעריקע,
זיידעס און טאַטעס און זין.
זעקס מיליאָן נשמות וועלן אָנקלאָגן
פאַר דעם אייביקן שופט די וואָס האָבן געזאָגט:
„וואָס קימערט אונדז דער ייד? זאָל דער ייד שטאַרבן.״
און די וואָס האָבן געזאָגט:
„דער ייד האָט געטויט אונדזער גאָט, זאָל דער ייד שטאַרבן.״
און די וואָס האָבן געזאָגט:
„דאָס איז בלויז פּראָפּאַגאַנדע, זאָל דער ייד שטאַרבן.״
און די וואָס האָבן געזאָגט:
„מיר האַלטן זיך נייטראַל, זאָל דער ייד שטאַרבן.״
און די וואָס האָבן געזאָגט:
„זאָל דער מייסטער־מערדער זיין אונדזער פירער,
זאָל דער ייד שטאַרבן.״
און די וואָס האָבן געזאָגט:

„מיר האָבן אַ געפּלאַנטע עקאָנאָמיע, זאָל דער ייד
שטאַרבן.“
און די וואָס האָבן געזאָגט:
„מיר האָבן אַן אימיגראַציע־קוואָטע, זאָל דער ייד
שטאַרבן.“
און די וואָס האָבן געזאָגט:
„מיר האָבן אַ ווייסן־פּאַפּיר, זאָל דער ייד שטאַרבן.“
און די וואָס האָבן גאָרניט געזאָגט:
נאָר אַוועקגעדרייט זייערע פּנימ'ער וואָס האָבן געפלאַמט
פון בושה און גאָרניט ניט געזאָגט
און געלאָזט דעם יידן שטאַרבן.

אָט אַזוי זיינען אָנגעקלאָגט געוואָרן די גרויסע פעלקער,
די מעכטיקע, רייכע און קולטורעלע פעלקער,
וואָס האָבן פּראָקלאַמירט:
„פרייהייט!
גלייכהייט!
ברידערלעכקייט!“
פעלקער וואָס האָבן פּראָקלאַמירט:
„אַלע מענטשן זיינען גלייכבאַרעכטיקטע.“
פעלקער וואָס האָבן געדינט צום „גאָט פון ליבשאַפט“
און האָבן אים גערופן: „דער פאָטער פון אַלע!“
פעלקער מיט צער־בעלי־חיים אָרגאַניזאַציעס;
פעלקער מיט שפּיטאָלן און היימען פאַר יתומים,
און מושב־זקנים'ס,
און וואוילטעטיקע אינסטיטוציעס.
פעלקער מיט רויטן קרייץ און צלמים אויף
זייערע קירכעס און געבעטהייזער —
גוטע פעלקער, פרומע פעלקער, ציוויליזירטע פעלקער.
זיי זיינען געווען די פעלקער, וואָס האָבן פאַרבראָכן
קעגן דעם הייליקן געזעץ, —
אַזוי לויטער ווי די שטראַלן פון די שטערן,
אַזוי ברויזנד ווי די כוואַליעס פון ים, —
„דו ביזט דיין ברודערס היטער!“

און דער אייביקער שופט האָט געמשפּט און געזאָגט:
„עס זאָל ווערן גערעכטיקייט!“

און איצט פאַרשטייען שוין די מתים,
די טויטע פון אַלע פעלקער —
די טויטע פון פאָלק פון ווייסן פאַפיר,
די מתים פון פאָלק פון דער קוואָטע,
די טויטע פון נייטראַלע פעלקער, —
די מתים פון פאָלק וואָס האָט געוואָלט דעם
מייסטער־מערדער,
די מתים פון די פעלקער וואָס האָבן פאַר בושה
געשוויגן, —
די מתים פון פעלקער וואָס האָבן זיך נוקם געווען
פאַר דער קרייציקונג מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק, —
די טויטע פון די דערפער און די שטעטלעך און
פון די גרויסע שטעט,
אַלע מתים פאַרשטייען אַצינדער.
די וואָס זיינען באַגראָבן אין זומפּן,
און די וואָס דערטרונקען אין טייכן און ימ'ען
און די וואָס זיינען צעשאָסן און צעריסן געוואָרן,
און די ווענעמס אַש עס ווערט צעטראָגן פון די ווינטן,
זיי אַלע, אָט די אַלע מתים שרייען איצט
צו די לעבנגעבליבענע:
„דו ביזט דיין ברודערס היטער!"



# זלמן קיבאָט און סאַנטשאָ נערקור

וואָס ס׳האָט אַן אָנהויב האָט אַן ענד ;
פאַר יעדן נאָכדעם קומט אַ קודם.
טאָ ווער פון אָנהויב ניט פאַרבלענדט,
אָפטמאָל לאָזט זיך אויס אַ בוידעם.



אין יאָר 1922 בין איך פאַרוואָגלט געוואָרן מיט אַ טעאַטער־טרופּע אין דער שטאָט שיקאַגאָ און בין שוין דאָרט געבליבן שטעקן. דאָס איז געווען מיין צווייטער סעזאָן אין יידישן טעאַטער אין אַמעריקע. דעם ערשטן האָב איך דורכגעמאַכט אין „ליבערטי״־טעאַטער אין ברוקלין, וואו איך האָב געהאַט די זכיה מיטצושפּילן מיט רודאָלף שילדקרויטן אין „שאַילאָק״ ; אין שיקאַגאָ, אין דעם צווייטן סעזאָן, האָב איך בלויז צוויי מאָל געפונען דעם מין טעאַטער נאָך וועלכן איך האָב געגאַרט.

אין סאַמע מיטן פון די ווינטיקסטע שיקאַגאָער זאַווערוכעס איז אויפגע־פירט געוואָרן שלום אַש׳ס „מאָטקע גנב״, וואו איך האָב זיך אויסגעצייכנט אין אַ מיזאַנס ראָל „דער שוסטער״. שפּעטער־צו, שוין ביים סוף פון סעזאָן, זיינען געקומען צוויי גאַסטראָלאָרן, יעקב בן־עמי און בערטאַ גערסטין, מיט דער אויפפירונג פון פּרץ הירשביינ׳ס „גרינע פעלדער״ און מיר איז צוגע־טיילט געוואָרן די ראָל פון ייִנגל אברהם יעקב. די קריטיק האָט שטאַרק געלויבט די צוויי געסט און מיר אויך געגעבן אַ האַרציקן קניפּ אין בעקל.

אין לעמבערגער פּוילישן טעאַטער און אין ווינער דייטשע טעאַטער איז אין מיר אַריין דער טעאַטער־באַציל. דער באַציל האָט אַפילו ניט קיין לאַטיי־נישן נאָמען און האָט אויך ניט קיין רפואה, — און איך האָב ניט געוואָלט ווערן אויסגעהיילט. מיין שוועסטער ביילע, די פרוי פון בערנאַרד האַרט, סופלער, דראַמאַטורג און טעאַטער־דירעקטאָר, האָט פאַר מיר דערמעגלעכט אַ פרייען אַריינגאַנג צום יידישן טעאַטער אין ווין, און אַן שום ווייטיק האָב איך גענומען ריכטיק אונטערקרענקען אויף דער מגפה.

ווען פאַניע איז פאַרטריבן געוואָרן פון גאַליציע, האָב איך אין דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צעירי יהודה״ אין לעמבערג אויף אַ ליטעראַרישן אָוונט אויפגעפירט שלום־עליכמ׳ס „אַן עצה״ און געשפּילט דעם יונגנמאַנטשיק, און

הערש האַרט, וואָס איז שפּעטער געוואָרן אַן אָנגעזעעענער שוישפּילער, די ראָל פון שלום־עליכם. מיט עטלעכע חדשים שפּעטער האָב איך מיט דער דראַמאַ־טישער גרופּע פון „צעירי יהודה" אויפגעפירט שלום אַש׳ס „צוריקגעקומען" און יהואָש׳ס ביבלישן פראַגמענט „שאול המלך" מיט דעם שפּעטער באַרימטן קאַנטאָר ישראל אַלטער ווי „שאול".

ווען עמיל גימפּעל האָט אַוועקגעשיקט האַלב פון זיין טרופּע צו שפּילן אין פּשעמישל, בין איך צוגעצויגן געוואָרן צום פּראָפעסיאָנעלן יידישן טעאַטער אין לעמבערג. ווען די פּראָווינץ־טרופּע איז צוריקגעקומען, האָב איך זיך אָנגעשלאָסן אין דעם קליינעם יידישן קונסט־טעאַטערל אין לעמבערג, אונטער דער רעזשי פון ראָלף בעלסאָן־ציטריק, און אויפגעטראָטן אין „אָרימקייט" פון אַנטאָן ווילדגאַנס און אין פישל בימקאָ׳ס „גנבים". מיטגעשפּילט האָבן ציטריק, לעאָן דרייקורס, זאַק, אַרדען און איך.ביידע אויפפירונגען זיינען געלויבט געוואָרן פון דער יידישער און פויליש־יידישער פּרעסע. די אומרואיקע צייטן האָבן ניט דערלויבט דעם טעאַטער זיך צו אַנטוויקלען, די טרופּע איז זיך צעפאַלן און פאַרפאַלן געוואָרן און איך בין אַריינגעפאַלן צום טעאַטער פון מיין שוואָגער בער האַרט אין דראָהאָביטש, וואו איך האָב שפּעטער דער־האַלטן מיין אַפידעיווויט צו פאָרן קיין אַמעריקע.

אויב ליידן פון חולאת, צו וועלכער עס איז ניט פאַראַן קיין רפואה, דאַרף מען, ווי שלום־עליכם זאָגט, הנאה האָבן ווי פון קראַצן זיך אין אַ מכה, צום באַדויערן, איז אַפילו דאָס אויך ניט געווען, סיידן אַנטלויפן. איך בין געבליבן שטעקן אין שיקאַגאָ און נאָך די צוויי דאַרטיקע סעזאָנען האָב איך גענומען די פיס אויף די פּלייצעס און געלאָפן און אַריינגעלאָפן אין ראָמאַנטישע איב־טערלודן, אין גראַשנדיקע מסחרים, אין לינקע און רעכטע פּועלי־ציוניסטישע ראַנגלענישן. איך האָב געלעכצט נאָך עפּעס אַ סימן פון אַן אינהאַלט, אַן אָנהאַלט. יאָרן זיינען אַוועק, קיינמאָל ניט צוריקצוקומען, נאָר די טעאַטער־באַצילן זיינען ניט פאַרטיליקט געוואָרן דורך דער צייט. איך האָב קיינמאָל ניט פאַרלוירן מיין ליידנשאַפט און גרויסע ליבשאַפט צום טעאַטער.

מיינע יום־טובים זיינען געווען די טעג און וואָכן ווען מאָריס שוואַרץ און דער יידישער קונסט־טעאַטער האָט גאַסטראָלירט אין שיקאַגאָ. אין עטלעכע פון די פּיעסן וואָס ער האָט דורכגעפירט האָב איך מיטגעשפּילט, ווי אין גאָגאָל׳ס „דער רעוויזאָר" און אין אַ סך אַנדערע אַרויסגעהאָלפן שוואַרצ׳ן מיט צושטעלן סטאַטיסטן פאַר די מאַסן־סצענעס. דער קלימאַקס פון די גאַסט־ראָלן איז תמיד געווען די שמחה אין מיין הויז פאַר די מיטגלידער פון דער טרופּע. די הבדלה איז אויסגעלאָשן געוואָרן אין פאַרבאָטענע משקאות, און וואָכנדיקע יאָרן זיינען ווידער אויפגעשוואומען. ביכער און ענגליש טעאַטער זיינען בלויז געווען סעדאַטיוון, אָבער ניט קיין רפואה צו מיין בענקשאַפט

נאָך טעאַטער. אַפילו מיין מיטאַרבעט אין זשורנאַל „שיקאַגאָ" איז פאַר מיר געווען אַ קנאַפּע טריסט. די מסחרים מיט וועלכע איך האָב זיך פאַרנומען פון 1924 זיינען צוליב מיין גוואַלדאַוונעם גלייכגילט געוואָרן קלענער און ערגער און אין 1929 דורכאויס מיקראָסקאָפּיש.

איך האָב ווידער גענומען פאַנטאַזירן, אַז אויף מיין קאָפּ זיינען פאַראַן פעטאַסן און אויף מיינע פיס טאַלאַריעס, פונקט ווי ביי מיין אָפּ־געטלעכן גריכישן עלטער־עלטער־עלטער־זיידן מערקור, און מיין רוקנביין, וואָס איז שוין געווען אַזוי ווייך ווי פּעטשאַ, האָט פּאַמעלעך גענומען שטייף ווערן... גאַנצע אַכט יאָר בין איך געווען אומטריי דער געטין מעלפּאָמענע און פלוצים איז אַ יידישער שרייבער, זלמן זילבערצווייג, וואָס האָט שוין ביז יענער צייט אויסגעוואַנדערט אַלע פּאַלישן און הינטערקוליסן פון יידישן טעאַטער איבער גאָר דער וועלט, געקומען צו גאַסט קיין שיקאַגאָ און מיר אָנגעבאָטן אַ תיקון... איך זאָל מיט אים אין מיין אויטאָמאָביל מאַכן אַ נסיעה קיין לאָס־אַנדזשעלעס, און צוריק ביז ניו־יאָרק.

מיין עובדה וועט דאַרפן זיין: צושטעלן מיין אויטאָ און זיך אַליין, ווי דעם טרייבער; פאַרקויפן לעקסיקאָנען, שאַפן נייע אַבאָנענטן, העלפן אויפזוכן אַלטע און נייע פאַקטן און דאַטן, היסטאָרישע דאָקומענטן, זיין דער סעקרעטאַר פון לעקסיקאָן־קאָמיטעט. בכלל און בפרט טאָן אַלץ וואָס מען וועט דאַרפן אין משך פון פיר און צוואַנציק שעה, זיבן טאָג אין דער וואָך, אין דריי אָדער פיר חדשים פון דער נסיעה.

פאַר דעם האָב איך געדאַרפט קריגן: האַלב פון די אַריינקומענדיקע געלטער פאַר ביכער אָדער פון אַנדערע הכנסות דורך דער גאַנצער צייט פון אונדזער קאַראַוואַנעווען איבערן לאַנד.

איך האָב באַטראַכט זילבערצווייגן, ווי מען זאָגט, פון דריבען און פון דרויסן און האָבן איינגעזען, אַז ער מיינט דאָס באמת ערנסט און האָב גע־ענטפערט: „איר זיינט אַ דאָן קיכאָט."

„אמת," האָט ער געזאָגט, „און טאַקע מחמת איך בין אַ בעל־חלום, איז שוין פאַראַן דער ערשטער באַנד לעקסיקאָן, וועגן וועלכן איר האָט אַזוי טרעפלעך געשריבן אין זשורנאַל „שיקאַגאָ", און טאַקע דערפאַר דאַרפט איר איצט ווערן מיין סאַנטשאָ פאַנטשאָ."

„איר מיינט טאַקע, אַז יידן איבערן לאַנד וואַרטן מיט אָפענע אָרעמס און קעשענעס?" אין דער מחשבה האָב איך אָפּגעשאַצט מיין איצטיקע לאַגע און איינגעזען, אַז איך האָב במילא ניט וואָס צו פאַרלירן. איך האָב גענומען שטעלן אויף דער וואָג מיין שטימונג קעגן זיין חלום, און צום סוף, דערפאַר וואָס די אַרבעט, טעאַטער, איז מיר געווען באַענגט צום האַרצן, צוגעשטימט.

„גוט, מיין ליבער דאָן קיכאָט, לאָמיר זיך פאַרמעסטן קעגן די ווינטמילן. אָט איז מיין האַנט!"

איך האָב אָנגעסטראָיעט מיין אויטאָ, אים אָפּגעצוואָגן, אָפּגערייניקט און אָנגעהויפּט אַכט הונדערט פונט לעקסיקאָנען, צוגעדעקט מיט אונדזערע פער־זענלעכע פּאַראַפענאַליעס און מטלטלים און זינגענדיק פון „שולמית" „אָנגע־לאָדן מיט אַלדאָס גוטס", האָט זיך אָנגעהויבן די אַוואַנטוריסטישע עקספּעדיציע און סאַפאַרי איבער אַמעריקע.

באַלד פון אָנהויב אָן איז די נסיעה געווען אַ זיגזאַגעוודיקע. צוערשט זיינען מיר געפאָרן קיין דעטראָיט און נאָכן אָפּזיין דאָרט צוויי וואָכן, צוריק־געפאָרן קיין שיקאַגאָ, וואו איך האָב געדאַרפט דערליידיקן פערזענלעכע ענינים און הויפּטזעכלעך איבערגעבן מיין רעדאַקטירן דעם זשורנאַל „פעך און שוועבל", וועמענס ערשטער נומער איז דערשינען בלויז צוויי טעג פאַר אונדזער אָפּפאָרן קיין דעטראָיט. ביי מיין צוריקקום האָט מען מיר איבער־געגעבן, אַז דער צווייטער נומער איז שוין כמעט ווי פאַרטיק. איך האָב געהאַט איבערגעלאָזן אויף דרוקן אַ פעליעטאָן פון ד"ר אברהמ'ל מאַרגאַלין, אַ פּאָעמע פון העניך אַקערמאַן, צייכענונגען פון דוד בעקער און אַ צאָל אַנדערע זאַכן. זילבערצווייג און איך האָב בשותפות צוזאַמענגעשטעלט אַן איבערבליק וועגן יידישן טעאַטער. דער פּאָעט בן־שלום האָט געוואָלט אָנשרייבן אַ קריטיק וועגן יונה ספּיוואַק'ס „רבי נחמן בראַצלאַווער", צו וועלכן שמואל ניגער האָט געשריבן אַ הקדמה, וואָס האָט פאַרנומען כמעט אַזויפיל ווי דאָס בוך. אַן אַנדערער האָט געוואָלט שרייבן וועגן שיקאַגאָער ליטעראַרישע פּראָבלעמען. אין דער דרוקעריי האָב איך געפונען צען לאַנגע גאַליס, גרויס ווי דער גלות. ספּיוואַק'ס דראַמע האָט פאַרדינט אַן ערנסטע אָפּשאַצונג און אַנאַליז, אָבער סיי וועגן דער דראַמע און סיי וועגן ניגער'ס הקדמה איז ניט געווען קיין איין לאַגיש וואָרט. וואָס עס איז יאָ געווען איז ניט געווען קיין סאַטירע, ניט קיין הומאָר, נאָר אַ וואולגאַרע, חוזקדיקע באַשרייבונג וועגן דעם, אַז יונה ספּיוואַק זיצט אין „פּאַרוועטס"־אָפּיס אונטער אב. קאַהאַנ'ס בילד און אַז ספּיוואַק'ס טאָכטער האָט אַ ניט־יידישן נאָמען; אַז ספּיוואַק גייט ניט אין די דרכים פון די באַרימטע נחמנ'ס: חיים נחמן ביאַליק, נחמן קראָכמאַל און נחמן בראַצלאַווער, אַז זיין חסידות און התלהבות גייט „ריקוועדטס" און ניט פאָרווערטס. אַן אינפאַנטילער טענה־לאַג, אָן שום פּאָזיטיוון ווערט. וואָס שייך ליטעראַרישע ענינים, האָט דעם שרייבערס אָנגריף אויף מאיר זאַלאָטאַרעף, רעדאַקטאָר פון „שיקאַגאָ", ניט געהאַט קיין שום טעם. אָן אַ פּאַרוואָס האָט ער זיך אויף אים אַרויפגעוואָרפן... נודנע, קליינשטעטלדיק, באַנאַל. יעדע שורה האָט מיך אויפגערעגט און מיין צאָרן איז געשטיגן. צום סוף האָב איך צעשאָטן דעם גאַנצן זאַץ און בין אָנגעלאָדן מיט צער און פאַרדרוס אַוועק.

שפּעטער, ווען איך האָב זיך געטראָפן מיט זילבערצווייגן, האָב איך פאַר אים זיך מודה געווען, אַז „איך בין נאַר־וואָס באַגאַנגען אַ מאָרד, איך האָב דערהרגעט דעם זשורנאַל ‚פּעד און שוועבל'.“ איך האָב אָפּגעשניטן דעם אומביליטשן שנור מיט שיקאַגאָ, און איך בין איצט פריי צו טאָן וואָס איך וויל. איך האָב אים דערציילט די סיבה פון מיין האַנדלונג, געזוכט אַ תשובה, אָבער ער האָט נאָר געזאָגט: „לאָמיר זאָגן קדיש און זיך לאָזן אין וועג אַריין.“

פאַר מיר, אַ כמעט געוואָרענעם איינגעזעסענעם באַלעבעסל, איז די רייזע געוואָרן אַ גראַנדיעזע אַנטפּלעקונג און אַ פיינלעכע עקספּעדיציע. איך האָב גענומען נאָסטאַלגיש טראַכטן וועגן אייגענע, נאָענטע פריינט. איך האָב גענומען בענקען צוריק, אָבער געפאָרן בין איך ווייטער און ווייטער.

מיר האָבן אָנגעהויבן נישטערן, זוכן, זיגזאַגעווען, עקספּלאָרירן, בלאָנ־דזשען, בודק זיין, צו געפינען גאַנצע, האַלבע, פערטל, אַכטל און פיר־און־זעכציקסטל אינטעליגענטן מיט ווייטאַלע חושים פאַר דעם יידישן וואָרט, מיט אַ ליבשאַפט פאַר דעם יידישן טעאַטער, לייענער פון יידישע ביכער, און, למאי זאָל איך לייקענען... מיר האָבן אין פּראָפּאָרציע געפונען קוים־קוים באַרעכטיקונג אַז קיין שטאָט זאָל ניט מעגן פאַרברענט ווערן. די קויפער און די ווינציקע אַבאָנענטן האָבן מיר, לויט אונדזער סטאַטיסטיק, געפונען צווישן דאָקטוירים, פעדלערס פון אַלטוואַרג, דענטיסטן, געשעפטסלייט, אַדוואָקאַטן, ראַבאַיס, מוהלים, זייגערמאַכערס, — אַ צאָל פון זיי געוועזענע, רעפאָרמירטע און געראַטעוועטע קרבנות פון טעאַטער, געוועזענע אַמאַטאָרן און אַפילו געוועזענע שוישפּילער.

אונדזער רייזע איז איינגעטיילט געוואָרן על התורה ועל העבודה. עס האָט געדאַרפט זיין, אַז זילבערצווייג זאָל צושטעלן די תורה און איך די עבודה, נאָר ביי יעדן קער און ווענד האָב איך זיך געוואונדערט און ניט געקאָנט משיג זיין ווי אַזוי מיר זיינען אָנגעגאַנגען מיט אונדזערע חלקים און ניט אַריינגע־פאַלן אין אַ יאוש. „זאָגט מיר,“ האָב איך אים איינמאָל, נאָך פיר אַנטוישנדיקע טעג, אַ פרעג געטאָן, „וואו זיינען די וויכטמילן, וואָס מיר דאַרפן איינגעמען? וואָס פאַר אַ קראַפט טרייבט אייך זיך צו וואַלגערן אין אַזאַ אַפּאַטיע, אין אַזאַ דזשאַנגל פון וויסטע חלומות, כדי איר זאָלט אויפשטעלן אַ פאַנטעאָן פאַרן יידישן טעאַטער? ווער וועט אייך באַצאָלן פאַר אייער מי, אַרבעט, התלהבות, אַמביציע?“

זילבערצווייג האָט זיך פאַרטראַכט און געענטפערט: „קיינער ניט און אַלע. אָט באַצאָלט איר שוין מיט אייער עקשנות, מיט אייער ליבשאַפט צו דער אידייע, און עס זיינען פאַראַן טויזנטער וואָס זיינען פונקט אַזוי ווי איר און איך. אין דעם ליגט מיין שכר הליכה, שכר לימוד, שכר טרחה און שכר מלאכה.

אמת, מיר וועלן באַגעגענען ווינטמילן און בלאָזזעק, אַפּאַטיע און אַפּילו שנאה, אָבער אַלע בענד פון לעקסיקאָן מוזן געשאַפן ווערן."

אין ביליקע, שפּיץ־באַוואוינטע קאַבינען, אין גראָשנדיקע האָטעלן און מאָטעלן, אין אונדזער אויטאָ, און אַמאָל אויך אין פרעמדע אָבער פריינטלעכע הימען, האָבן מיר זיך געפּלאָגט און געוואַלגערט. איך האָב געגאַרט צו פאַר־היטן זילבערצווייגן פון דער אומרייניער אַרבעט פון פאַרקויפן ביכער, אָבער צו אָפט איז נויטיק געווען אים מיטצופירן, כדי די קויפער זאָלן חוץ דעם ספר אויך באַניוכען, באַטאַפּן און צעבלעטערן דעם סופר. ער האָט סטאָאיש דאָס אָנגענומען באהבה, טראָגנדיק מיט זיך די שווערע משא פון זיין חלום.

למען האמת, די הוּוער־„פּראָספּעריטי" האָט געבושעוועט אומרחמנות־דיק. צוזאַמען מיט דער בירזשע און דער גאַנצער אַמעריקאַנער עקאָנאָמיע איז אויך געפאַלן דער באַגער און די פּאָטענץ צו קויפן ביכער, — ובפרט נאָך אַזאַ בוך, וואָס האָט ניט געקאָנט פאַראינטערעסירן יעדן לייענער. ניט קיין ראָמאַן, ניט קיין נאָוועלע, ניט קיין דערציילונג, — כאָטש טויזנטער ראָמאַנען, נאָוועלן, ביאָגראַפיעס, טראַגעדיעס און קאָמעדיעס זיינען געווען אין די בלע־טער פון דעם בוך. בלויז אינטעלעקטואַלן, פאַלקלאָר־זאַמלער און טעאַטער־ליבהאָבער, אויב זיי זיינען ניט געווען קיין קרבנות פון דער עקאָנאָמיע, האָבן זיך געקאָנט פאַרגינען דעם לוקסוס און זיך איינשאַפן דעם בוך.

גאָר אָפט זיינען מיר אַרויס פון אַ שטאָט מיט דערזעלבער צאָל ביכער ווי מיר זיינען אַריין, נאָר מיט פוסטערע קעשענעס. איין ייד אין אָמאַהאַ האָט אונדז אויפגענומען זייער וואַרעם, אונדז באַוויזן זיין פיינע ביבליאָטעק, אָבער... קיין בוך האָט ער ניט געקויפט. אמת, מיר זיינען ניט צוגעשטאַנען, כאָטש ער האָט געהאַלטן אין איין בלעטערן די זייטן און ריידן וועגן דעם און יענעם אַקטיאָר אָדער שרייבער, וואָס ער האָט געטראָפן אויף די בלעטער פון לעקסיקאָן. מיר האָבן זיך אָנגעשטויסן, אַז עפּעס איז ניט גלאַטיק און אויף זילבערצווייגס וואונק, האָב איך פאַרגעסן דעם לעקסיקאָן אויפן טיש. ווען מיר האָבן זיך געזעגנט. נאָר איידער מיר זיינען אַריין אין אויטאָ, איז דער ייד צוגעלאָפן און אונדז צוריקגעגעבן דעם פאַרלוסט.

ניט קיין גרויסע, אַפילו ניט קיין קליינע מאַטעריעלע גליקן האָבן מיר דערוואַרט. אין געוויסע שטעט האָבן מיר פאַרקויפט אַ צאָל עקזעמפּלאַרן פאַר בלויז דעם איינגעשטעלטן פּרייז. נייע אַבאָנענטן און נדבנים האָבן מיר זעלטן ווען באַקומען. דאָס געלט איז באַלד פאַרנוצט געוואָרן. אַ דאָלאַר פון איין שטאָט האָט ניט באַגעגנט קיין דאָלאַר פון אַ צווייטער שטאָט. מיט מיין חלק האָב איך געניערט דעם אויטאָמאָביל און זיך, און זילבערצווייג האָט זיין חלק איינגעטיילט: ראשית, פאַר דעם צווייטן באַנד; שנית, פאַר זיין משפּחה און מיט דעם איבערגעבליבענעם פאַר זיינע קאַרגע און מאָגערע טעג. צוליב

כשרות האָט ער געגעסן בלויז פּרוכטן און גרינסן, האַרטע אייער און קאַווע אָן מילך, אָדער טיי.

אויך זילבערצווייג איז געווען אָנגעשטעקט מיט די באַצילן פון טעאַטער און אַפּילו איינמאָל אויפגעטראָטן ווי אָסוואַלד אין הענריק איבסענ׳ס „די גייסטער". אָבער דער גייסט פון שפּילן האָט זיך פון אים אָפּגעטאָן ווען ער איז באַגייסטערט געוואָרן פאַר זיין אידייע פון לעקסיקאָן.

איך האָב ניט בדעה אין די עפּיזאָדן פון דער נסיעה אָפּצומאָלן די לאַנד־שאַפט, די פאַונאַ און פלאָראַ, באַצייכענען די גראָזן אוןביימער, די טייכן און אָזיערעס, די אַרכיטעקטורן פון די הייזער און בריקן, די הויכקייט אָדער טיפקייט פון יעדן באַרג און טאָל. ס׳איז געווען אַ מחיהדיקער זומער און אַ ברכה צו לעבן. די טייכן זיינען גערונען זיך צו באַגעגענען מיט אַ ים און מיר האָבן זיך געשלעפּט איבער גאַס שיינער וועלט זיך צו באַגעגענען מיט לאָס־אַנדזשעלעס. בלויז ערטערווייז זיינען מיר אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרן פון פענאָמענאַלע פייזאַזשן, פון בעכט מיט באַשטערנטע הימלען, פון שטערן אַזוי באָענט, אַז מיר האָבן בלויז געדאַרפט אויסשטרעקן די הענט און זיי אָננעמען. געוויסע געגנטן האָבן מיט זייער פּראַכט ביי אונדז אַזוי אָפּגענומען דאָס לשון, אַז מיר האָבן לאַנג, לאַנג גערעדט וועגן זיי — און תמיד געפונען אַ פּאַראַלעל אין טעאַטער.

„שטעלט איך פאַר," האָט זילבערצווייג געזאָגט, „אַזאַ אָפּגעמאָלענע הינ־טערגרונט־דעקאָראַציע מיט אַ הימל, וואַלד און בערג און פּלוצים גייט הינטער איר פאַרביי אַן אַקטיאָר און אַלץ בעמט זיך שאָקלען: דער הימל, דער וואַלד, די בערג."

„דאָס איז טאַקע אומגעלומפּערט," האָב איך געענטפערט, „און עס באַ־ווייזט בלויז, אַז אין אַזאַ טעאַטער פעלט דיסציפּלין און דער רעזשיסער ווייסט פונקט אַזויפיל וועגן דעקאָראַציע, ווי ער ווייסט וועגן קאָסטיומען, אָדער וועגן וואָס ניט איז אין טעאַטער."

„מיר איז אַמאָל אויסגעקומען צו שפּילן אַ פּוילישן סאָלדאַט, אַ האַלער־טשיק פון יאָר 1918 מיט אַ קאָסטיום פון אַ שליאַכטשיץ פון 15טן יאָרהונדערט. אין מיינע אברים ליגט איינגעגעסן אַ שאַפּעכץ פון אַ פּאַטענטירטן שונדאָוניק, אַ שטיק וועגן יידישן לעבן אין פּוילן אין יאָר 1918. דאָס איז געווען אַ קלאָסישע אויפפירעכץ, אַ פאַרפאַסעכץ געשפּילט פון אַ צווייטקלאַסיקער טרופּע, אין אַ דריט־קלאַסיקן טעאַטער, אונטער אַ פערט־קלאַסיקן רעזשיסער. דער ׳רעזשיסער׳, סעם אויערבאַך, איז געווען אַ שותף אין געשעפט און געהאַט די גאַנצע דעה. און כאָטש איך האָב ביים גאַרדעראָבער באַשטעלט אַ מונדיר פון אַ האַלערטשיק, האָב איך פאַר דער פּרעמיערע פּלוצים דערזען אַ בגד פון אַ שליאַכטשיץ פון דריי הונדערט יאָר צוריק. איך האָב גענומען פּראָ־

טעסטירן, אַרגומענטירן, אַנגעוויזן ווי פֿאַלש און אומגעלומפּערט דאָס איז, אַ קוקלע־קאָמעדיע, אַן אידיאָטיש פּורים־שפּיל. איך האָב געפֿרעגט: זאָגט מיר, מר. אויערבאַך, האָבן אַמעריקאַנער סאָלדאַטן אין יאָר 1918 געטראָגן מלבו־שים פֿון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע פֿון 1776?

„׳מאַכט ניט קיין רעוואָלוציע,׳ האָט זיך אויערבאַך געבייזערט, ׳איר ווייסט ניט וואָס טעאַטער איז. דאָס איז אַ קאָלירפֿולער קאָסטיום!׳

„׳אמת,׳ האָב איך צוגעגעבן, ׳אָבער ער פּאַסט זיך ווי אַ פּאַטש צו גוט־שבת. ווי איר זאָגט, ווייס איך גאָרנישט וועגן דינאַמיזם פֿון טעאַטער, דערי־בער וועל איך גאָרנישט ניט זאָגן וועגן לאָגיק אָדער אַנאַכראָניזם. איר ווילט פּשוט איך זאָל זיין פּונקט אַזוי לעכערלעך ווי פּוטיפֿר, וואָס רויכערט אַ ליולקע אין גאָלדפֿאַדענס „יוסף מיט די ברידער“.׳

„׳פֿאַרוואָס איז דאָס אַזוי לעכערדיק?׳ האָט ער געפֿרעגט, ׳און דאָס וואָס איר זאָגט וועגן דינאַמיזם, רומאַטיזם און אַנאַרכיזם איז גלאַט געבעבעט. איך אַליין האָב געשפּילט פּוטיפֿר און גערויכערט אַ ליולקע. וואָס־זשע, איר ווייסט בעסער?׳

„׳ווי קומט אַ ליולקע קיין מצרים מיט טויזנטער יאָרן צוריק? מענטשן האָבן ערשט אָנגעהויבן רויכערן אין 16טן יאָרהונדערט. אין דער צייט ווען מען האָט געטראָגן אַזאַ קאָסטיום ווי איר האָט פֿאַר מיר אָנגעגרייט.׳

„׳אין אַלע צייטן,׳ האָט אויערבאַך באַוויזן זיין ערודיציע, ׳פֿון מצרים ביז וואַרשע זיינען פֿאָליאַקן געווען האַלערטשיקעס, ערגער ווי פּרעה, און געריסן בערד ביי יידן. אָט דאָס וויל איך אַרויסברענגען מיט דעם קאָסטיום, איר פֿאַרשטייט?׳

„׳ניין,׳ האָב איך געענטפֿערט, ׳אָבער איך פֿאַרשטיי, אַז איר ווילט מיט דעם שאַפֿן אַ סימבאָל. זאָג איך אייך, אַז עס איז אַן עטנאָגראַפֿישער קאַלאַמבור־מדאורייתא, אַ דיסאָנאַנס און פּונקט אַזוי לאָגיש ווי אייער ליולקע אין מצרים.׳

„הכלל, איך האָב געטראָגן דאָס מלבוש מיט אַ הוט מיט שטרויספֿעדערן פֿון ׳די דריי מוסקעטערן׳ און געקייעט די קליאַטשע, נאָר צו מיין מזל איז דאָס ווערק געשפּילט געוואָרן בלויז דריי מאָל, אָבער געערגערט האָט עס מיר ביז צום היינטיקן טאָג.“

***

באַלד ווי מיר זיינען אַריין קיין דענווער, קאָלאָראַדאָ, האָבן מיר צוליב פֿינאַנציעלע טעמים געזוכט דעם ערשטן קויפֿער און ביי אים טאַקע געפֿרעגט דעם בעסטן אופֿן צו דערגרייכן דאָס שטעטל ספּיוואַק, וואו עס האָט זיך געפֿו־נען דער באַרימטער סאַנאַטאָריום, אין וועלכן דער דיכטער־דראַמאַטורג ה. ליוויק איז דעמאָלט געווען אַ פּאַציענט.

אין אַ קליינעם באַקוועמען צימער האָט ליוויק אונדז וואַרעם אויפֿגענומען.

ער האָט געזאָגט: „איך האָב געלייענט אין ׳פאָרווערטס׳ וועגן אייער רייזע און געהאָפט, אַז איר וועט דאָ פאַרבייפאָרן, כאָטש עס מיינט אָנלייגן וועג. עס פרייט מיך איך צו זען.״

מיר זייבען געווען געריסט פון זיין אויפנעמען אונדז און זיינען אויך געווען צופרידן צו פאַרברענגען מיט אים אייניקע שעה, און ריידן וועגן צושטאַנד פון יידישן טעאַטער און וועגן ליטעראַרישע ענינים. ער האָט אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אינטערעס אין לעקסיקאָן און געלויבט זילבערצווייגן פאַר זיין אַרבעט.



ה. לייוויק און ז. זילבערצווייג ה. לייוויק און וו. מערקור

פון שיקאַגאָ ביז דענווער איז דער וועג אַזאַ, אַז די העכערונג ביז צו זעקס טויזנט פוס איבער דעם ים־פלאַך איז ניט געווען אַזוי שאַרף אָנמערקבאַר ווי עס איז פון דענווער קיין לאָס־אַנדזשעלעס, איבער די ראָקי־בערג. די בערג האָבן זיך געהויבן העכער און אונדזערע אָקציעס זייבען געפאַלן נידעריקער. אונדזער רעדלדיקע אַכסניה האָט זיך אָפט געקאַטשעט איבער גרודיקע שאָסייען, וואָס זייבען געווען אונטער קאָנסטרוקציע, — און איבער וועלכע עס איז געווען דערלויבט צו פאָרן, אָבער בלויז אויף אייגענער אַחריות.

ווען מיר האָבן אַראָפּגעקוקט אין די שווינדלענדיקע, טיפע טאָלן און אָפּגרונטן, האָב איך געטראַכט, אַז אונדזערע נשמות ליגן אין מיינע צוויי הענט און אין די פינף רעדער. דעמאָלט האָב איך ווידער געטומען אַפּיקורס׳ע־ווען: „איז טאַקע נויטיק אָדער וויכטיק צו ברעכן האַלדז און נאַקן און הונגערן און וואָגלען, כדי די ביאָגראַפּיעס פון דעם אָדער יענעם גאָרנישט, אָדער טאַלאַנטלויזיקייט, זאָל פאַרשריבן ווערן לעולם ועד?״

דעם לינקן פאָדערשטן ראָד האָט פּלוצים אָנגעהויבן אויסצופּעלן לופט. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט און זילבערצווייג איז אויך אַרויס און געזוכט אַ שטיין אונטערצולייגן אונטער דעם הינטערשטן ראָד, כדי די מאַשין זאָל זיך ניט אַראָפּגליטשן צוריק פון באַרג... איך האָב איבערגעביטן דעם ראָד מיט אַן אָנגעלופטערטן און ווען מיר זיינען באַכדעם געפאָרן ווייטער, האָט זילבערצווייג געזאָגט: „אַנטקעגן דעם וואָס איר האָט פריער געבולבעט. ווען איך זאָל ניט געדענקען ווי איר האָט ערשט מיט צוויי שעה צוריק געפילט, ביים טרעפן זיך מיט לייוויקן, וואָלט איך אייך גענומען ערנסט... איצט וועל איך אייך ענטפערן: אויב כאָטש איינער אָדער צוויי אָדער דריי פון צווישן די הונדערטער ביאָגראַפיעס זיינען וויכטיק, מוזן אַלע ווייטערדיקע בענדער געשאַפן ווערן. און פאַרגעסט ניט, די קליינע און אומוויכטיקע זיינען די שרייפלעך און רעדלעך וואָס מאַכן די גרויסע מאַשין, וואָס הייסט — יידיש טעאַטער, זיך באַוועגן און רוישן."

דעמזעלבן תמוז־טאָג, אַרום 8 אַזייגער אין אָונט, ווען דער אויטאָ האָט זיך גענומען קאַטשען ווי אַ שיכור אין טיפע בלאָטיקע גרודעס אויף דער הויך פון עלף טויזנט פוס פון די „ראָקיס", האָט די פינצטערניש אונדז פּלוצים איינגעהילט. אָבער איך האָב עקשנותדיק ווייטער געטריבן דעם אויטאָמאָביל.

פון אַנטקעגן־איבער האָט אַן אָנקומענדיקער אויטאָ גענומען טרובען און די אויטאָמאָביל־לאָמפּן האָבן גענומען ווינקען. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער וויל מיר זאָלן זיך אָפּשטעלן. צי מען וויל אָדער ניט, אונטערוועגנס מוז מען זיין פריינטלעך... „עפּעס וויל ער," האָב איך געזאָגט. „אפשר וויל מען אונדז באַראַבעווען?"

„ביין," האָט זילבערצווייג געענטפערט, „ער וויל ביי אונדז קויפן אַ לעקסיקאָן."

ביידע אויטאָס זיינען געבליבן שטיין אין די טיפע גרודעס. אַ הויכער טיפּישער אַמעריקאַנער איז צוגעגאַנגען צו אונדז. „עס איז ניט מיינע ביזנעס," האָט ער געזאָגט, „אָבער ווי אַ מענטש צו אַן אַנדערן וויל איך אייך וואָרענען איר זאָלט ווייטער ניט פאָרן ביז מאָרגן. פאָרט איצט צום נעקסטן מאָטעל אָדער בלייבט דאָ. איר קענט זיך גאָרנישט פאָרשטעלן די געפאַר פון פאָרן ווייטער אין דער פינצטערניש..."

איך האָב אים געדאַנקט פאַר זיין הומאַניטאַרישער עצה און האָב צוגע־זאָגט, ניט צו פאָרן ווייטער היינט ביינאַכט. מיט אַ „גוד לאַק" איז ער אַוועק און איך האָב פאַרקירעוועט די רעדער אין אַ זייט אין טיפן שניי און מיר האָבן באַשלאָסן צו פאַרבלייבן ביז עס וועט ליכטיק ווערן. מיר האָבן זיך איבערגעדעקט מיט די ביאָגראַפיעס פון „א" ביז „ח" איבער אונדזערע קליי־דער און פאָרן אַנטשלאָפן ווערן געמאַכט אַ חשבון פון אונדזערע פינאַנצן און

דער סך־הכל איז געווען, אַז בלויז אַ נס וועט אונדז אַריבערפירן די דזשאַנגלס און מדבריות פון קאָלאָראַדאָ, אַריזאָנאַ, יוטאַ, נעוואַדאַ, ביז צו דעם זוניקן קאַליפאָרניע.

דריי אַזייגער פאַרטאָג האָט אונדז אויפגעוועקט די קעלט און די ליכטי־קייט, וואָס איז אויפגעגאַנגען אַזוי פּלוצים ווי עס האָט זיך אַראָפּגעלאָזן די פינצטערניש לעצטן אָוונט. פאַרנדיק האָבן מיר ערשט איינגעזען די גרויסע טובה וואָס דעם פרעמדנס עצה האָט פאַר אונדז געטאָן. מיר זיינען געפאָרן אַרום דרייסיק מייל באַרג־אַראָפּ איבער גרודיקע, געשלענגלטע וועגן, וואָס זיינען אָפט געווען אַזוי שמאָל, אַז איך האָב זיך געמוזט אָפּשטעלן, צוריק־קירעווען, כדי צו קריגן אַ בעסערן שטח צו פאָרן ווייטער אויף די ענגע זייטן פון הויכע בערג. מיט אַ סך האַרץ־קלאַפּעניש זיינען מיר אַריבער דעם אַמע־ריקאַנער עוועריעסט און זיינען אַריינגעפאָרן קיין אַריזאָנאַ. מיר, די דוד׳לעך, האָבן מנצח געווען דעם גלית, די ראָקיס, אַריבער דעם „גרעיט דיוואַיד״, אָבער מיר האָבן ניט געהאַט וואָס איינצוטיילן. איבער דער קאַרג־באַפּעלקער־טער געגנט זיינען די פרייזן געשטיגן צוזאַמען מיט אונדזער דלות.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביים ברעג פון „פּעינטעד דעזערט״ ביי דעם „פּעטריפאַיד פאָרעסט״. דער פאַרשטיינערטער וואַלד איז אינגאַנצן אַנדערש ווי אַנדערע וועלדער. אַלע ביימער ליגן אויסגעצויגן און פאַרשטעלן ביט די קאָלירפולע, פאַרבלענדנדיקע פּאַנאָראַמע פון אַ גרויס מייסטערווערק, וואָס די נאַטור האָט אין דער אומענדלעכער צייט געמאָלן. אַ שלל מיט נאָמענלאָזע פאַרבן מיט דאָמינירנדיקע רויטע און געלע קאָלירן. אַ מאָלעריי וואָס האָט אַ באַדייט און אַ ריטם. אַ באַרוישנדיקער געמיש פון פּאַסטעל־קאָלירן, ווייט און ברייט איבער דעם האָריזאָנט, מיט קיין אויג ניט צו דערגרייכן. אַ בילד וואָס איז לויט די אויסרעכענונגען פון געאָלאָגן מיליאָנען יאָרן אַלט.

אַזוי ווי ס׳האָבן זיך דאָרט געפונען שלאַנגען און עקדישן, האָט מען ביט דערלויבט אַריינצוגיין אָן באַגלייטונג פון אויטאָריזירטע וועג־וויזער. אָבער מיר האָבן זיך געמוזט אָפּזאָגן פון דעם פאַרגעניגן, מחמת מיר האָבן ביט געהאַט קיין געלט, האָבן מיר זיך צופרידנגעשטעלט מיט באַזוכן דאָרט דעם מוזעאום און באַוואונדערן די געאָלאָגישע אַרטיפאַקטן און די מאָדערנע קינסטלערישע חפצים, וואָס זיינען באַשאַפן געוואָרן פון די פאַרשטיינערטע העלצער. ביים אַרויסגיין האָב איך געזאָגט צו זילבערצווייגן: „איר ווייסט, מיר וואָלטן אויך באַדאַרפט צופאָרן צום ׳גרענד קעניאָן׳.״

„אמת,״ האָט זילבערצווייג געענטפערט, „מיר וואָלטן אויך געדאַרפט צופאָרן צו אַ גרענד פרישטיק, אַ גרענד האָטעל און נאָך אַ סך גראַנדיאָזע זאַכן. מיר קענען דאָרט פאַרקויפן לעקסיקאָנען ?״

„זע איך דאָך שוין מיט וועמען איך האָב צו טאָן,״ האָב איך מיט גע־

קינצלטן חידוש געזאָגט, „ווייזט אויס, אַז ניט איצט איז די צייט צו באַוואונ־דערן גאָטס שיינע וועלט, אַ וועלט וואָס איז מיליאָנען יאָרן אַלט.“

„די תורה לערנט אונדז, אַז די וועלט שטייט בלויז אַרום זיבן טויזנט יאָר!“ האָט זילבערצוויין געזאָגט.

„ווייסט איר וואָס?“ האָב איך זיך געווענדט צו אים, „לייגט עפּעס צו צו דער טעאָלאָגיע, וועל איך עפּעס אַראָפּלאָזן פון דער געאָלאָגיע.“

פעלדמייז און פעלדזן, קאַקטוסן און אינדיאַנער אין זייערע וויגוואַמס אָדער אין געצעלטן האָבן פאַרנומען די געזאַנגען פון די צוויי מוכר־ספרימ־ניקעס. מיר האָבן בשעת דער נסיעה געזונגען און פאַראַדירט דעם גאַנצן רעפּערטואַר פון יידישן טעאַטער פון גאָלדפאַדען ביז עלשטיין. מיר האָבן אַנאַליזירט די פאַרשיידענע מינים בולבעס פון די פּאַטענטירטע בולבעניקעס. מירן זיך פּראָזאַ־איקעט וועגן מאָריס שוואַרץ, דוד קעסלער, גאַזאָלין, גוסקין, וואַסער, מאָריס שוואַרץ, אויל, אַקטיאָרן, דראַמאַטורגן, שרייבער, קאָמפּאָ־זיטאָרן, קריטיקער, מאָריס שוואַרץ...

ווען מיר זיינען אַריינגעפאָרן קיין פלאַגסטאַף, אַריזאָנאַ, וואו עס איז פאַראַן אַן אַסטראָנאָמישע אָבסערוואַטאָריע, האָב איך באַמערקט: „דאָ דאַרפן מיר חוקר ודורש זיין וועגן דעם בייעם סטאַר!“

זילבערצוויין, וואָס האָט גראָד דעמאָלט געבלעטערט זיינע פּאַפּירן, זוכנ־דיק אַן אַדרעס פון אַ יידן, האָט געפרעגט: „סטאַר? וואָס פאַר אַ סטאַר? וואו שפּילט ער?“

„דער סטאַר,“ האָב איך צוגעלייגט, „שפּילט איצט ערגעץ ביליאָנען מיילן ווייט אַוועק אין די רוימען. זיין נאָמען איז ׳פּלוטאָ׳ און דאָ אין דער ׳לאָוועל אָבסערוואַטאָריע׳ האָט אים אַן אַסטראָנאָם אַנטדעקט. אַגב, ער האָט ניט קיין שום שייכות מיט מיין קרוב פּלוטאָ, דער גאָט פון דער אונטערוועלט.“

„איצט ווייס איך אייער יחוס,“ האָט זילבערצוויין געזאָגט. „איך קען אים, דאָס איז אַ שטערן וואָס מ׳קען מיטן בלויזן אויג ניט זען. פאַראַן אַ היפּשע צאָל פון זיי אין לעקסיקאָן. עס נעמט ביליאָנען יאָרן ביז זיי דערגרייכן אַן עולם.“

פריינט קיכאַט,“ האָב איך אויסגערופן, „ווען מיינע הענט וואָלטן איצט ניט געווען פאַרנומען מיט דעם ראָד, וואָלט איך אייך אַפּלאָדירט. איר האָט זייער גוט געדרשנט. דאָס איז צום ערשטן מאָל וואָס מיינע אויערן האָבן פאַרנומען אַ קריטיק פון אייערע לעפצן וועגן די לעקסיקאָן־העלדן.“

„מיין ליבער סאַנטשאָ,“ האָט זילבערצוויין געגומען סילאַביזירן, „אַסטראָ־נאָמיע איז מיר פּונקט אַזוי נאָענט ווי עס איז פאַר אייך די כינעזישע גראַמאַטיק אָדער ווי די קבלה.“

„דאָס," האָב איך באַהויפּטעט, „איז אויך קריטיק, אָבער אַזאַ אַטמאָ־ספּירה בין איך ניט מקבל באהבה."

אָפטמאָל פלעגן מיר פירן אַזעלכע שפּאַסיקע שמועסן, אָבער געווען איז דאָס תמיד אַ פריינטלעכער ווערטער־געפעכט. באַזיגן איינער דעם אַנדערן האָבן מיר ניט געוואָלט. אַ שפּאַס האָט אַ גרענעץ און מיר זיינען אים קיינמאָל ניט אַריבער. אָבער אונדזער דלות איז ניט געווען קיין שפּאַס און איז אַריבער אַלע גרענעצן. מיר האָבן אים בלויז גובר געווען מיט אונדזערע יונגע יאָרן און מיט אונדזער מוט און עקשנות. מיר האָבן זיך שוין געפונען אין טראָפּישן טייל פון קאַליפאָרניע. די הונדערטער און צוואַנציק גראַדיקע היץ, וואָס זויגט אויס דעם זאַפט פון דער ערד, האָט פלוצים, אין דער מדבר, פאַרלוירן איינציקע טראָפּנס, וואָס זיינען אַרויף אויפן ווינטשויץ פון אויטאָמאָביל. „זעט, עס טראָ־פּעט," האָט זילבערצווייג אויסגעשריגן.

„וואָס־זשע איז דער וואונדער?" האָב איך רואיק געענטפערט, „עס איז דאָך אַ טראָפּישע געגנט."

ווען מיר האָבן זיך שוין געפונען אין קולטיווירטן טייל פון קאַליפאָרניע און באַוואונדערט די זוניקע שיינקייט, איז אונדז פלוצים פינצטער געוואָרן אין די אויגן. די גראַציעזע פאַלמען פוןביידע זייטן שאָסיי, די פראַכטיקע באַבלימטע גערטנער נעבן מאָדערנע הייזער האָבן גאָרנישט געהאָלפן. מחמת אין סאַמע מיטן סאַן בערנאַדינאָ, בלויז זעכציק מייל פון לאָס־אַנדזשעלעס, האָט זיך דער אויטאָ צעבונטעוועט און האָט זיך ניט געוואָלט רירן פון אָרט.

אַן אויטאָ איז אַ גרעסערער עקשן ווי אַן אייזל. עס האָט ניט געהאָלפן אַפילו אונדזער טענה צו אים, אַז מיר האָבן שוין דריי טעג ניט געגעסן. „וואָס טוט מען? . . . יאָ, מיין זייגערל," איז מיר איינגעפאַלן, „וועט אונדז ראַטעווען." איך האָב זיך פאַרנומען שפּאַצירן צום שטעטל און דערזען איבער אַ מעבל־געשעפט אַ יידישן נאָמען און איך בין אַריינגעגאַנגען.

איך האָב צופעליק אַ קוק געטאָן אין אַ שפּיגל און געזען, אַז איך האָב אויסגעזען ווי נאָך שלושים, און מיינע קליידער זיינען געווען פון זעלבן קאָליר ווי קיי־טאַבאַק. איך האָב דעם מעבל־געשעפט־אייגנטימער געוויזן מיין זייגערל און געבעטן אויסצובאָרגן מיר בלויז צוויי דאָלאַר. דער פעט „טאַפּעצירטער" און מיט געלט מעבלירטער „פּישוין", האָט מיך גענומען באַטראַכטן פון אַלע זייטן. איך האָב אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ער דאַרף נאָר באַטראַכטן מיין זייגער און ניט מיך — און דאָס האָט אַלץ קאַליע געמאַכט.

צוריק ביים אויטאָ האָבן מיר ביידע געגומען נישטערן, אפשר וועלן מיר זיך ערגעץ אָנשטויסן אויף אַ פאַרוואַלגערטן אוצר . . . און מיר האָבן טאַקע געפונען . . . אַרום אַכציק סענט אין פּאָסט־מאַרקעס. מיר האָבן אונדזער פאַר־צווייפלטע לאַגע איבערגעגעבן צו אַ גאַזאָלין־סטאַנציע־אָנגעשטעלטן און דער

אויטאָ־רעוואָלט איז אָפּגעשטעלט געוואָרן. דער אויפשטאַנד איז אונטערדריקט געוואָרן און מיט צוויי שעה שפּעטער זיינען מיר אַריין אין דער מאָנטאַזשירטער שטאָט פון חלומות. מיר האָבן דערגרייכט אונדזער ציל, לאָס־אַנדזשעלעס, אָבער...

# די שטאָט פון חלומות

(צווייטער קאַפּיטל)

כאָטש מיר זיינען געווען פאַרמאַטערט און הונגעריק, האָט דאָס ניט פאַרמינערט אונדזער באַוואונדער און שטוינען פון דעם קולטיווירטן צויבער וואָס מען האָט אַרויסגעכישופט פון דעם דזשאַנגל און מדבר דורך טראַקטאָרס, דורך מענטשלעכער מי און אינספּיראַציע. איך האָב מעדיטירט: „אַ צויבער אַנטפּלעקט זיך אויף דער אדמה, נאַטור איז דער גוף און גאָט די נשמה." „איר ווייסט," האָב איך זיך געווענדט צו זילבערצווייגן, וואָס האָט געגומען איינדרימלען, „עס איז אַפּנים אמת, אַז די גראָז איז תמיד גרינער ערגעץ אַנדערש. איר האָט מיך פאַרשלעפּט אין גן־עדן אַריין."

„איר זיינט אַן עפּיגראַמאַטנער מענטש," האָט ער געענטפערט, „און איר דערמאָנט מיר אָן דעם פילאָסאָף וואָס האָט זיך פאַרקוקט אויף די הימלען און דערווייל אַריינגעפאַלן אין אַ קאַלוזשע. איר ווייסט וואָס קאָלעגע שעקספּיר האָט געזאָגט וועגן אייך? ס'איז נאָך קיינמאָל ניט געווען קיין פילאָסאָף, וואָס האָט געקאָנט געמיטלעך אַריבערטראָגן אַ צאָן־ווייטיק. הונגעריק זיינט איר? זאָגט מיר בעסער, איידער מיר זיינען אַריין אין גן־עדן האָב איך געזען אייניקע שילדן מיט דער אויפשריפט לאָס־אַנדזשעלעס. אפשר דרייען מיר זיך אין אַ פאַרכישופטן קרייז און עס דרייט זיך ביי אייך דער קאָפּ פון הונגער?"

„טוט אָן אייערע ברילן, סעניאָר קיכאָט, און לייענט וואָס די קלענערע שריפט אויף די שילדן זאָגט. די קלענערע שריפט זאָגט אַן די מיילן ביז צום צענטער פון דער שטאָט."

„צענטער? איך ווייס בלויז פון אַ צענטער צו אַ מנין. וואָס עפּעס צענטער?" האָט ער געפרעגט. „דענקט איר, אַז דאָרט וואַרט אויף אונדז עמעץ?"

„עס וואָלט גאָרנישט געשאַדט," האָב איך געשמייכלט. „מילא, איך ווי איך, אָבער עס וואָלט גאָרנישט געווען קיין עוולה, אַז יידישע קולטור־מענטשן זאָלן פאַר אייך אויסשפּרייטן אַ רויטן טעפּיך און אַוועקשטעלן געדעקטע טישן מיט געבראָטענע הויפּנס געלט."

„איר זיינט אַ פאַנטאַזיאָר," האָט ער מבטל געמאַכט מיין מחשבה. „ווי,

אין הימלס ווילן, וואָס וועט טאַקע געשען דאָ אויף דער ערד? איך בין בטבע אַן אָפּטימיסט, אַ בעל־בטחון, אָבער איך האָב עפּעס מורא...״

„איצט איז שוין צו שפּעט מורא צו האָבן, מיר זיינען שוין דאָ. מורא?״ האָב איך געפּאָרשט, „ווייסט איר, אַז דער אַנטאָנים פון אָפּטימיזם האָט אַ העברעאישן שורש, פּתי־מיסט!״

„אַהאַ! איר האָט זיך שוין צעוואָרטשפּילעוועט! מיר דאַרפן איצט ניט קיין לינגוויסטיק, נאָר עססס־טעטיק, טאַקע גאָר טעטיק, ווי דער פּסוק זאָגט ׳אם לא יועיל לא יזיק׳. מעגלעך אַז עסן וועט ניט העלפן, אָבער ענדערן די שטימונג וועט דאָס זיכער.״

מיר זיינען אַריינגעפאָרן אין אָרעמסטן געגנט פון לאָס־אַנדזשעלעס און אַריין אין האָטעל „קבצנ־יאַ״ מיט טעלעפאָנען אין יעדן צימער. מיר האָבן זיך איינציקוויז אָפּגעבאָדן, אָפּגעראַזירט, אויסגעצוואָגן און איבערגעטאָן און זיך אַ נעם געטאָן טעלעפאָנירן. דער סאַמע ערשטער אויף זילבערצווייג׳ס ליסטע איז געווען לעוויט, דער רעדאַקטאָר פון דאָרטיקן „פאָרווערטס״. געענטפערט האָט מען, אַז ער איז נישטאָ אין שטאָט, אַז ער וועט זיין מאָרגן אין אָפיס. אַנדערע וואָס מיר האָבן אָנגעקלונגען זיינען אָדער ניט געווען אין דער היים, אָדער ניט אין שטאָט, ווי מען וואָלט זיך אומישנע אָפּגערעדט, כדי מיר זאָלן, אַן פאַנפאַרן אָדער קלאַפּערגעצייג, קענען אויסגיין פון הונגער. צום סוף האָט איינער פון די אויפגערופענע, מיט אַ טעלעפאָטישער מחשבה, אונדז גע׳עצה׳ט, מיר זאָלן אויפזוכן טעאַטער־מענטשן אין יידישן קלאָב אויף באָיל האַיטס, דעמאָלט די יידישע געגנט פון שטאָט. זילבערצווייג האָט פון טעלעפאָן־בוך פאַרשריבן דעם אַדרעס און מיר קאָמאַנדירט: „אויב שוין אויסגיין פון הונגער, איז בעסער צווישן אייגענע.״ מיר זיינען ווידער אַריין אין אויטאָ זוכן ווינטמילן. מיט אַ האַלבער שעה שפּעטער זיינען מיר אַריין אין יידישן קלאָב... און דאָס ערשטע וואָס האָט אונדז גענומען שטעכן אין די אויגן, ביים אַריינקומען, איז געווען דער רייכער בופעט... אַ מין יידישער „סמאָרגאַרסבאָרשט״, דער שור הבר מיטן לויתן, פויגלמילך מיט מאַרצי־פּאַנעס, כאַלעמאָנקעס און כאַלעמיטקעס... פּשוטע יידישע מאכלים, נאָר, מחמת אונדזערע קעשענעס זיינען געווען אַזוי פּוסט ווי אונדזערע מאָגנס, האָבן מיר זשעדנע פאַנטאַזירט פון אויסטערלישע שפּייזן און מיט אַלע כוחות זיך צוריקגעהאַלטן פון פּלינדערן דעם בופעט און ר׳ זלמן האָט מיר שטיל צוגעשושקעט: „איזהו גיבור הכובש את פויגלמילך, און קוקט ביט וואו מען דאַרף ניט.״

מיר האָבן זיך באַקאָנט מיט מענטשן וואָס האָבן געלייענט וועגן זילבער־צווייגן אין די יידישע צייטונגען. מיין נאָמען איז אין די נאָטיצן ניט דער־מאָנט געוואָרן.

חנה פריינטלעך, אַ יונגע אַספּיראַנטקע פאַרן יידישן טעאַטער, מיט וועלכער מיר האָבן זיך באַקאַנט, האָט אונדז פריינטלעך צוגעפירט צו דער היים פון יידישן אַקטיאָר אַמאַסיאַ. פאַר וועמען מיר האָבן מיט מוזיקאַלישע טערמינען אַנטפּלעקט וואָס מיר זיינען אויסן, איצט, באַלד. „ווי געוויינלעך זיינען פאַראַן דריי מוזיקאַלישע לאַגעס: אַן אויבערשטע, אַ מיטעלע און אַ נידעריקע... מיר זיינען איצט אין דער נעבעכדיקסטער לאַגע.“ אַמאַסיאַ האָט אונדז קלאָר פאַרשטאַנען. זיין פרוי האָט שנעל געשפּרייט אַ טיש, פון וועלכן מיר האָבן געגעסן מער מיט די אויגן ווי מיט די מיילער. נאָכדעם האָט ער אונדז געגעבן צען דאָלאַר, וואָס ער האָט צונויפגעקליבן פון אַ צוויי־דריי טעאַטער־מענטשן, וואָס זיינען צוגעקומען צו אים.

זאַטע זיינען מיר אַריין אין אויטאָ צוריקצופאָרן צו אונדזער „קבצנ־יאַ“ אויסצולייזן אונדזערע זאַכן און מיט איין שעה שפּעטער זיך איינגעשריבן אין אַ ציכטיקן קליינעם האָטעל אויף באַיל האַיטס.

ס׳האָט ניט גענומען לאַנג און אַקטיאָרן און שרייבער זיינען געקומען אונדז באַזוכן. מיר האָבן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין געשמועסט וועגן פּלענער און סוף־כל־סוף זיינען מיר אויסגעשעפּטע אַוועקגעפאַלן אין אונדזערע בעטן.

דעם ערשטן באַזוך אויף מאָרגן האָבן מיר געמאַכט אין „פאָרווערטס“. דער רעדאַקטאָר לעוויט האָט אונדז פלעגמאַטיש אויפגענומען, און זילבער־צווייג האָט פאַר אים גענומען אָפּמאָלן אונדזערע לעצטע טעג פון הונגער און דלות.

אויף לעוויטן האָט דאָס ניט געמאַכט קיין שום איינדרוק און אָן שום עמאָציע האָט ער זיך אָנגערופן: „זאָגט מיר, איז טאַקע נויטיק, אַז איר זאָלט דערציילן אַזעלכע בבא־מעשיות, מיט אַקטיאָרישע דריידלעך, כדי איר זאָלט דאָ עפּעס דערגרייכן?“

זילבערצווייג האָט אַ וויילע געשוויגן, זיך איבערגעקוקט מיט מיר און שטיל געענטפערט: „וואָלטן מיר מיט אַ שעה צוריק געווען געוואויסט, אַז איר וועט אונדז באַגיסן מיט קאַלט וואַסער, וואָלטן מיר געווען איינגעשפּאָרט אַ טוש. פסיכאָלאָגיש פאַרשטיי איך פון וואַנען עס קומט צו אייך אַזאַ ספיקות, אַזאַ סקעפּטיציזם. אַזוי ווי מיר האָבן אַ שייכות מיטן יידישן טעאַטער, מיינט איר, אַז מיר, ווי געוויסע באַלאַגאַנעס, ווי הפקר־יונגען, זיינען געקומען צו אייך, אייך אָפּנאַרן און אַנטלויפן. איר האָט זיכער געמוזט האָבן ניט קיין אָנגענעמע דערפאַרונגען...“

לעוויט האָט זיך אַזוי ווי פאַרלוירן און האָט גענומען זיך פאַרטיידיקן: „איך האָב אייך חלילה ניט געמיינט פּוגע בכבוד זיין... נאָר לאָמיר ניט

ריידן איצט פון מיינע דערפאַרונגען מיט געוויסע טעאַטראַלן... ניט כדאי צו ריידן וועגן זיי."

„אדרבא," האָט זיך זילבערצווייג געשטאַרקט, „מ'דאַרף יאָ ריידן. טאַקע צוליב אייער פאַרשווייגן און שווייגן די דאָזיקע 'פישווינען' ליידן מיר אָפּט בושות. אין ים פון יידישן טעאַטער זיינען פאַראַן פאַרשיידענע פיש. קעגן יעדן פון די וואָס האָבן ניט קיין יידישן טעם, וואָס מען קען ניט זען און הערן, וועל איך אייך אַוועקשטעלן הונדערטער אָנגעזעענע, פּראָמינענטע, באַגאַבטע קינסטלער וואָס דערהויבן דעם טעאַטער און די יידישע ליטעראַטור... און איר ווי אַ געזעלשאַפטלעכער מענטש דאַרפט דיסקרימינירן..."

לעוויט איז געבליבן ווי אין אַ פאַרלעגנהייט און איך האָב איינגעזען, אַז דער שמועס וועט צו גאָרנישט דערפירן. דער פּראָבלעם פון הפקרות פון געוויסע אַקטיאָרטשיקעס, מאָטיווירט פון אַ מאַנגל אין טאַלאַנט, פאַראַנט־וואָרטלעכקייט און פינאַנצן, קען דאָ נישט געלייזט ווערן, און איך האָב זיך אַריינגעמישט: „פריינט לעוויט, פון זייער זינגען און זאָגן האָבן מיר אָפּט געהאַט צו זינגען און צו זאָגן. זילבערצווייג און איך זיינען געקומען אַהער מיט אַ שליחות, מיט אַ קולטור־מיסיע, וואָס בלויז דער עתיד וועט קענען ווי געהעריק אָפּשאַצן. אָט זיינען די פּרטים וועגן דעם."

לעוויט, צופרידן צו ענדיקן דעם פריערדיקן גאַנג פון געשפּרעך, האָט געזאָגט: „נו, גוט. אדרבא. איך וויס וועד איר זיינט, איך האָב געלייענט וועגן אייך און איך קוק איצט מיט וואונדער אויף אייער בוך, מר. זילבערצווייג."

„פאַראַן דאָ," האָט זילבערצווייג אָנגעהויבן, „אַ צאָל שוישפּילער וואָס האָבן זיך באַזעצט אין לאָס־אַנדזשעלעס און מיר דאַרפן זיי אויפזוכן, באַקומען זייערע ביאָגראַפיעס. מיר דאַרפן אויך פאַקטן און דאַטעס וועגן יידישן טעאַ־טער־וועזן דאָ און איבער קאַליפאָרניע. די וויכטיקייט אָדער נישטיקייט פון דעם אָדער יענעם, זייער טאַלאַנט אָדער פּורציזם, זייער מאָראַל אָדער אידעאַל איז ניט וויכטיק. דאָס איז די אַרבעט פון די וואָס וועלן קומען נאָך מיר. פּונקט ווי אַ ווערטערבוך שליסט ניט אויס קיין ווערטער, ווי אַרכאַאיש זיי זאָלן ניט זיין, אַזוי וויל איך ניט אויסשליסן קיינעם, אָפּגעזען ווי עס איז זיין אָדער איר פּלאַץ ווי אַן אַקטיאָר. איצט בעטן מיר אייך אָפּצודרוקן דעם נאָטיץ, געשריבן אויפן פּאַפּיר פון דער 'היברו עקטאָרס יוניאָן'."

לעוויט האָט גענומען זיך מערער פאַראינטערעסירן אין זילבערצווייג'ס רייד. ער האָט פאָרגעלייגט: „כדי צו פאַרקויפן דעם בוך, דאַרף מען קריגן פאַרבינדונגען מיט אַזוינע מענטשן וואָס קענען באַצאָלן מער ווי דער אָנגעגע־בענער פּרייז. מען דאַרף אויך שאַפן נייע אַבאָנענטן פאַר די פּלאַנירטע אויס־גאַבן און עס וואָלט אויך געווען כדאי איינצואָרדענען אַן אונטערנעמונג, פון וועלכער הכנסה מען זאָל קענען שטיצן די ווייטערדיקע אַרבעט."

ער האָט געגעבן עצות, אָנגערופן נעמען וואָס איך האָב באַלד פאַרצייכנט. ער האָט אויך טעלעפאָנירט צום באַרימטן יידיש־ענגלישן שוישפּילער מאָריס מאָשקאָוויץ, אַ תושב אין האָליוואוד, מיט וועמען זילבערצוויג האָט זיך געהאַט באַקאַנט אין לאָנדאָן און ס׳איז אָפּגערעדט געוואָרן, אַז מיר וועלן זיך מיט אים טרעפן שפּעט נאָכמיטאָג.

„דער ׳פאָרווערטס׳ איז אָפּן פאַר איך מיט ראַט און טאַט,״ האָט לעוויט געזאָגט ביים געזעגענען זיך. די ווערטער האָבן אונדז געגעבן פרייד און דער־מוטיקונג. מיר זיינען צוגעפאָרן צו די פאַרצייכנטע אַדרעסן. עס האָבן געדרן געקויפט ביכער אַ צאָל קולטורעלע יידן און אויך אַנדערע וואָס האָבן געקויפט אַ „לעקסינגטאָן״, אַ „מעקסיקאָ״. עדוואַרד דזשעי. ראָבינסאָן האָט באַצאָלט פיינף און צוואַנציק דאָלאַר. די אַנדערע קונים האָבן באַצאָלט פון זעקס ביז צען דאָלאַר.

מאָשקאָוויץ האָט אונדז אויפגענומען מיט ליבשאַפט און פרייד. ער האָט אונדז באַקענט מיט דזשימי קעגני און נאַעל מעדיסאָן, אַ זון פון מאָשקאָוויצן. ווען קעגני און מעדיסאָן זיינען אַוועק, נאָכדעם ווי קעגני האָט אויסגענוצט זיין יידישן וואָקאַבולאַר, „שאָלעם אַלייכעם״, האָט מאָשקאָוויץ אויסגעהערט אונדזער פאַרלאַנג און געזאָגט: „איך וויל ניט מבטל מאַכן אייערע פּלענער צו קריגן ממתקים, אָבער אייערע פּלענער קענען בלויז אַריינברענגען קליינ־געלט. הערט זיך צו. מיין פּלאַן וואָלט געווען צו פאַראינטערעסירן טשאַרלי טשאַפּלין, ער זאָל אויפטרעטן פאַר דעם לעקסיקאָן און איר וועט קענען אַרויסגעבן ניט בלויז דעם צווייטן באַנד, נאָר אויך דעם דריטן און פערטן באַנד. איר פאַרשטייט, ביז איצט האָט דער גרויסער עולם נאָך ניט געהערט טשאַפּלינען ריידן, און כדי אים צו הערן ריידן, וואָלטן טויזנטער מענטשן געלאָפן וואו עס זאָל ניט זיין און געצאָלט. דעריבער איז מיין מיינונג מען זאָל נעמען דעם ׳האָליוואוד באָול׳ און איר וועט מיט איין שאָס אַריינגעמען צוואַנ־ציק טויזנט דאָלאַר.״

זילבערצוויג האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו מיר און זיין שמייכל האָט געזאָגט: „דו זעסט ווער איך בין?״ איך האָב אים אויך מיט אַ שמייכל געענטפערט: „פ׳סאַ שאלה!״ כאָטש דאָס האָט געקלונגען ווי אַ פאַנטאַזיע, און איך בין געווען שטאַרק אין ספק, נאָר איך האָב אָנגעהויבן צו פאַרשטיין פאַרוואָס מען רופט לאָס־אַנדזשעלעס די שטאָט פון חלומות.

נאָכן פאַרברענגען אַן ערך אַ שעה זיינען מיר אַוועק מיטן בטחון, אַז מאָשקאָוויץ וועט צושטעלן טשאַפּלינען און אַנדערע אַרטיסטן. מיר וועלן בלויז דאַרפן דורכפירן די אַדמיניסטראַטיווע אַרבעט, דינגען דעם „באָול״ און מאַכן די נויטיקע צוגרייטונגען פאַר דער גיגאַנטישער אונטערנעמונג.

ווען מיר זיינען שוין געזעסן אין אויטאָ האָב איך צו זיך אַליין געמורמלט:

„צוואַנציק טויזנט דאָלאַר איז אַ היפּשע סומע, אַ קיילעכדיקע סומע. מיר וועלן ווערן גבירים. עס וועלן זיכער זיין אַ צוויי־דריי טויזנט דאָלאַר אויסגאַבן, איז לאָמיר זאָגן עס וועט אונדז בלייבן זיבעצן טויזנט דאָלאַר.״

זילבערצווייג האָט זיך פּלוצים אויסגעדרייט צו מיר אַ פאַרחידושטער:

„וואָס מיינט איר ׳אונדז׳?״

„אונדז,״ האָב איך רואיק געענטפערט, „מיינט, איר און איך. אונדזער ניט־געשריבענער קאָנטראַקט אין שיקאַגאָ האָט אַזאַ מין פּאַראַגראַף.״

„אונדזער ניט־געשריבענער קאָנטראַקט,״ האָט זילבערצווייג געענטפערט, „האָט ניט די ווערט דאָס פּאַפּיר אויף וועלכן ער איז ניט געשריבן געוואָרן. אַגב, האָט דאָס ניט קיין שייכות מיט דער אונטערנעמונג. און חוץ דעם פאַרוואָס זאָלט איר קריגן זיבן און האַלב טויזנט דאָלאַר?״

„ניט זיבן און אַ האַלב, נאָר אַכט און אַ האַלב,״ האָב איך אים פאַרריכט. „אויב איר וועט קריגן, וועל איך קריגן.״

„וואָס מיינט איר?״ איז ער געוואָרן כמעט אָנגעצונדן, „אויב איך וועל קריגן? אָ, מיר טאָרן די זאַך ניט פאַרציען. איך וועל קריגן, איר וועט קריגן, לאָמיר זיך דערוויל ניט צעקריגן. מיר וועלן זיך דאַרפן דורכשמועסן מיט אַן אַדוואָקאַט.״

„מסכים,״ האָב איך געענטפערט, „לאָמיר ריידן מיט אַן אַדוואָקאַט, נאָר פאַרגעסט ניט, אַז אַן אַדוואָקאַט וועט קאָסטן געלט, וועט שוין בלייבן ווייניקער.״

איך בין אין מיין פאַרלאַנג געווען אַזוי שטאַנדהאַפט ווי אַ טורעם פון דרעליעס. איך האָב געוואוסט, אַז דער ענין איז לעכערלעך, אָבער איך האָב אָנגעהאַלטן דעם געשפּרעך בלויז צוליב זילבערצווייג׳ס אָנגריף.

„זאָל קאָסטן וויפיל ניט איז, אָבער מירן מוזן גיין צו אַן אַדוואָקאַט,״ האָט זילבערצווייג באַשלאָסן.

„אפשר,״ האָב איך געפרעגט, „זאָלן מיר ריידן מיט מענטשן? ביי אַן אַדוואָקאַט איז פאַראַן געזעץ און איר קענט נאָך פאַרלירן, לאָמיר בעסער ריידן מיט מענטשן, ביי זיי איז פאַראַן יושר. נאָר, ווייסט איר וואָס, לאָמיר מער ניט ריידן וועגן דעם ביז מאָרגן!״

„גוט,״ האָט ער צוגעשטימט, „ביז מאָרגן. נאָר דערוויל מעגט איר זיך אויפנייען אַ בייטעלע.״

„איך האָב שוין דאָס בייטעלע,״ האָב איך זיך ניט אונטערגעגעבן.

יענעם אָוונט און אויפן צווייטן טאָג זיינען מיר אָנגעגאַנגען מיט אונדזער „קליינגעלט״־אַרבעט. מיר האָבן ווידער פאַרקויפט ביכער און געקראָגן אַבאָ־נענטן. די נייקייט פון צוויי מוכר־ספרימניקעס אין אַן אייגענעם אויטאָמאָביל האָט געמאַכט אַן איינדרוק.

מיר האָבן אָפּגעצאָלט דעם אַקטיאָר אַמאַסיאָ די צען דאָלאַר, דאָס מיינט,

מיר האָבן פון אים צוגעקראָגן נאָך צוויי דאָלאַר און אים געגעבן צוויי לעק־סיקאָנען, וואָס ער האָט פאַרלאַנגט.

אויפן צווייטן טאָג האָבן מיר זיך אָנגעזעגנט פון אַדוואָקאַט חיים שאַפּיראָ, אָבער מיר האָבן אים ניט געטראָפן. „ביז מיר וועלן זיך צעטיילן מיטן מאַיאָנטעק," האָב איך זיך געוויצלט, „וועלן מיר אים נאָך געפינען." מיט צאַפּלדיקע הערצער האָבן מיר זיך פאַרקירעוועט און צוגעפאָרן קיין האַליוואוד צו מאָשקאָוויצן.

שוין פון זיין פּנים האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז ס'איז עפּעס ערגעץ קאַליע געוואָרן. ער האָט אונדז איבערגעגעבן, אַז טשאַפּלין און זיין בייע־באַשערטע, פּאָולין גאָדאַרד, לאָזן זיך באַלד אַוועק קיין יאַפּאַן, און אונדזער ערשטער גרויסער חלום איז צעשוואומען געוואָרן.

מיר האָבן זיך אַ נעם געטאָן צו אַ קלענערן חלום, אַן אונטערנעמונג אויף באַיל האַיטס. געדונגען אַ לאָקאַל וואָס האָט געקאָנט אַריינגעמען איבער פיר הונדערט מענטשן. אַלע יידישע אַקטיאָרן, וואָס האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין לאָס־אַנדזשעלעס, האָבן צוגעזאָגט אויפצוטרעטן, צווישן זיי חנה אַפּעל, וואָס האָט גראָד דעמאָלט מיטגעשפּילט אין פילם „סימפאָניע פון זעקס מיליאָן"; אויך מאָשקאָוויץ און מאַקס געבל, אַ תושב פון דער שטאָט.

דאָס האָט געזאָלט זיין אַן אָוונט פון שפּיל און געזאַנג, אַ מאָנטאַזש פון עפּאָכעס פון יידישן טעאַטער און האָט געדאַרפט פאָרקומען מיט דריי וואָכן שפּעטער.

זילבערצוויג האָט איבערגענומען דעם צוזאַמענשטעל פון פּראָגראַם, און איך האָב אין דער צייט געדאַרפט צופאָרן קיין סאַן־פראַנציסקאָ צו פאַרקויפן ביכער מיט דער הילף פון מאַקס שפּיגעלמאַן, אַן אָרטיקער טעאַטער־אימפּרעסאַריאָ.

עס האָט זיך אָסור געלוינט צו פאָרן אַהין און צוריק. אויפן וועג צוריק, כדי צו פאַרטרייבן מיין איינזאַמקייט, האָב איך געחזרט די ראָל, וואָס איך האָב געדאַרפט דורכפירן אין דעם פּראָגראַם.

אָרום צוואַנציק אַרטיסטן, — שוישפּילער און מוזיקער, — האָבן געזאָלט אויפטרעטן. דער זאַל איז געווען איבערגעפּאַקט און לויט דער הכנסה זיינען געווען איבער פינף הונדערט צושויער. עס איז געווען אַ הייסע, פאַרנע נאַכט, אַ טראָפּישע נאַכט. די עלעקטרישע פעכער האָבן ווייניק געהאָלפן און דער עולם איז געווען אומבאַקוועם און אויך אומגעדולדיק. דאָך האָט מען וואַרעם אַפּלאָדירט יעדן אַקטיאָר ביים אויפטרעטן און ביים אַרונטערגיין פון דער בינע. זילבערצוויג האָט יעדן ווי געהעריק פאָרגעשטעלט. אין ערשטן טייל זיינען אויפגעטראָטן חנה אַפּעל, מאָריס מאָשקאָוויץ און אַ צאָל אַנדערע. מאַקס

געבל האָט זיך אָפּגעזאָגט פאָרצוטראָגן עפּעס פון זיין רעפּערטואַר. „לאָזט דאָס איבער צו מיר,“ האָט ער געזאָגט זילבערצוויַיגן.

שליסן דעם ערשטן טייל פון פּראָגראַם האָט געדאַרפט מאַקס געבל. זיין האַלדז האָט אים שוין ניט געדינט — אָן אויסגעשפּילטער אינסטרומענט. איך בין ניט אויסן צו פאַרקלענערן זיינע מעלאָ־דראַמאַטאַריש־טעאַטראַלישע ווערטן, נאָר ביי דער געלעגנהייט איז כדאי צו דערציילן אָן אַנעקדאָט וועגן אים.

אויף זיינעם אַן אויפטריט אין שיקאַגאָער „לאָנדעיל־טעאַטער“, בין איך און מיינער אַ פריינט, דוד פרידמאַן, געוועזן צווישן דעם גרויסן עולם. ווען געבל האָט אָנגעהויבן שפּילן, האָט מיין פריינט זיך געווענדט צו מיר: „וואָס איז ער, אַ דראַמאַטיקער?“

„ניין,“ האָב איך געענטפערט, „ער איז ניט קיין דראַמאַטיקער.

נאָך אַ ווייל האָט ער ווידער געפרעגט: „איז ער אַ קאָמיקער?“

„ניין,“ האָב איך געזאָגט, „ער איז ניט קיין קאָמיקער!“

פרידמאַן איז געוואָרן נייגעריק: „ער איז ניט קיין דראַמאַטיקער, ניט קיין קאָמיקער — וואָס־זשע איז ער?“

„ער איז אַ הייזעריקער,“ האָב איך פאַרענדיקט.

געבל האָט אָנגעהויבן ריידן און ריידן. אין זאַל האָט מען אים קוים געקאָנט הערן... ער האָט געהאַלטן אַ הייזעריקן „מענה־לאָג“ וועגן זיינע חבלי לידה אין טעאַטער און ווי אַנדערע זוכן אים מקבר צו זיין... דער עולם איז געוואָרן אומרואיק, אַ סך האָבן זיך גענומען שאַרן צו די טירן. פון הינטער דער בינע האָט מען געשושקעט צו געבלען, ער זאָל פאַרענדיקן, אָבער ער איז געשטאַנען ווי אַ ביין אין האַלדז. גאַנצע פינף און דרייסיק מינוט האָט ער פאַרנומען. דער עולם, צוזאַמען מיט אַ צאָל אַקטיאָרן, זיינען פאַר־שוואונדן באַלייַדיקטע... פּעני ריינהאַרד, וואָס האָט געזאָלט מאַכן אַן אַפּיל פאַרן לעקסיקאָן, האָט בפירוש ניט געהאַט צו וועמען אַפּעלירן. עס איז געווען אַ פיאַסקאָ אין יעדן פּרט.

„איר האָט אַמאָל געזאָגט,“ האָט זיך זילבערצוויַיג געווענדט צו מיר, „אַז מיט גלויבן קען מען באַוועגן בערג. עס איז אמת, מיר האָבן באַוואויגן אַ באַרג און ער איז אויף אונדז אַרויפגעפאַלן.“

אַ דאַנק דער הכנסה האָב איך געהאַט גענוג געלט צו פאַרריכטן דעם אויטאָמאָביל. זיבן וואָכן זיינען מיר געווען אין לאָס־אַנדזשעלעס און זילבער־צוויַיג האָט מיך פלוצים גענומען צורעדן מיר זאָלן פאָרן צוריק קיין שיקאַגאָ, אָדער ניו־יאָרק. איך האָב זייער געוואָלט פאַרבלייבן אין דער שטאָט פון חלומות. אמת, קיינער האָט מיך ניט געבעטן דאָרט בלייבן, פּונקט ווי קיינער האָט מיך ניט געבעטן צוריקצוקומען קיין שיקאַגאָ אָדער ניו־יאָרק. איך בין

געווען פאַרליבט אין לאָס־אַנדזשעלעס, אָבער מיין אָפּמאַך מיט זילבערצווייגן האָט גורם געווען איך זאָל אויסקירעווען דעם דישל אויף צוריק.

צו מאַכן די נסיעה האָב איך ניט געהאַט די בויטיקע געלט־סומע. מיינע פאַרדינסטן האָב איך אויסגעגעבן אויפן אויטאָ און אויף זיך. זילבערצוויינ האָט זיינע פאַרדינסטן משלח געווען צו זיין משפחה, פאַר דעם לעקסיקאָן און אַביסל פאַר זיך. עס איז פאַרבליבן, אַז מיר דאַרפן האָבן צום ווינציקסטן נאָך צוויי מיטפאָרער, וואָס זאָלן באַצאָלן פאַר דער נסיעה, דאָס וועט העלפן שאַפן די בויטיקע הוצאות הדרך.

אויף אַן אַנאָנס אין „פאָרווערטס" האָבן זיך אָפּגערופן עטלעכע מענטשן. אויסגעקליבן האָבן מיר די פּאַטעטסע נחמה לאַנדאַן און נאָך אַ פּרוי, וועלכע מיר וועלן רופן: „אַזאַ צאָרע". דער שכר־עגלה איז געווען פינף און צוואַנציק דאָלאַר אַ פּאַרשוין. מיר האָבן זיך גענומען פּאַקן.

פון אויבן און פון איין זייט, פון הינטן, זיינען געווען צוגעבונדן פּעק און רענצלעך, איבערגעדעקט מיט אַ צעראַטע סחורה, וואָס איך האָב איינגע־קויפט. דער אויטאָמאָביל האָט אויסגעזען ווי אַ ציגיינער־קאַראַוואַן, אָדער, מחמת די כוואַליעס פון וואָל־סטריט־קראַך האָבן וויברירט איבערן גאַנצן לאַנד, האָט דער אויטאָ אויסגעזען ווי אַ סך קאַראַוואַנעס וואָס מיר האָבן באַגעגנט אויפן וועג קיין לאָס־אַנדזשעלעס.

מיר האָבן זיך געזעגנט מיט נייע און אַלטע פריינט און באַקאַנטע. די צוויי פרויען האָבן פאַרנומען די הינטערשטע זיץ־פּלעצער, וואָס זיינען אויך געווען היפּשלעך אָנגעלאָדן מיט קלענערע פּעק און מיט פּראָוויאַנט. זילבער־צווייג און איך זיינען געזעסן פון פאָרנט — און וויאָ, וויאָ „פאָרדעלע", וויאָ! גוד באַי, לאָס־אַנדזשעלעס, דו פאַרחלומטע ווינטמיל! ווען וועל איך דיך ווידער זען?

אַ טאָג פאַרן אָפּפאָרן פון לאָס־אַנדזשעלעס, האָב איך געשריבן אַ בריוו צו מאָריס שוואַרצן, אין וועלכן איך האָב מודיע געווען אַז איך קום קיין ניו־יאָרק און וואָלט זייער געוואָלט זיך אָנשליסן אין דער קונסט־טעאַטער טרופּע.

# דער וועג צוריק

(דריטער קאַפּיטל)

דאָס מיטנעמען צוויי פּאַסאַזשירן איז נאָר געווען צוליב אַ רייך־מאַטעריאַליסטישער נויט. איך האָב בויטיק געדאַרפט דאָס געלט, מישטיינס געזאָגט, פּופּציק שמאַליאַרעס. צוליב זיי האָב איך פאַרלוירן מיין דרך־ארץ פאַר געלט, אָן אַפּשיי וואָס איך האָב במילא קיינמאָל ניט געהאַט אין אַ גרויסער מאָס. די צוויי חדשים וואָס עס האָט גענומען די נסיעה קיין לאָס־אַנדזשעלעס און איבער איין חודש און אַ האַלב אין לאָס־אַנדזשעלעס, בין איך אַליין געווען דער שאָופער. זילבערצווייג האָט ניט צוגעלייגט קיין פינגער און קיין וואָרט. ביים פאָרן צוריק האָב איך געקראָגן צוויי אַרויסהעלפער; ניט חלילה צו טרייבן דעם אויטאָ, נאָר צו טרייבן מיך מיט עצות. פון די הינטערשטע זיץ־פּלעצער האָבן זיי מיך געלערנט ווי צו פירן דעם אויטאָמאָביל, ווי שנעל איך מעג פאָרן. זיי האָבן דאָס מיר געגעבן אָנצוהערן מיט אַ גרייז־גראָען וויץ וועגן פערד וואָס פלעגן אַמאָל שלעפּן אַ וואָגן און איצט זיצן זיי ביים רעדל. יעדע עצה איז באַגלייט געוואָרן מיט אַ דיזערטאַציע.

אויפן צווייטן טאָג אונטערוועגנס, האָב איך זיך פּלוצים, נאָך אַזאַ חכמה׳דיקער עצה, געווענדט צו זילבערצווייגן מיט אַ שאלה: „סעניאָר זיל־בערצווייג, זאָגט מיר, דערקלערט מיר די פענאָמענאַלע דערשיינונג — קען טאַקע אַ מענטש, וואָס האָט ערגעץ אַמאָל געהערט זינגען אַ חזן, ווערן אַ מבין אויף סימפאָנישער מוזיק?"

זילבערצווייג האָט זיך אויסגעדרייט צו מיר און מיט אַן ערנסטן טאָן געזאָגט: „צו אייער קלאָץ־קשיה האָב איך צום באַדאָווערן נישט קיין תשובה, אָבער איך האָב ערגעץ געלייענט אַ סטאַטיסטיק, און וואָס קען זיין אַ סך מער ראָמאַנטיש ווי סטאַטיסטיק? מען האָט אויסגערעכנט, אַז אויף יעדן גאַלאָן גאַזאָלין פאַרט מען אָפּ וויניקסטנס אַכצן מייל און מען לאָדט אויס וויניקסטנס צען טויזנט ווערטער.

ס׳איז אַריבער כמעט אַ שעה און קיינער האָט ניט אַרויסגערעדט קיין וואָרט.

זילבערצווייג האָט מיין טרייבן און פאָרן אָנגענומען אָן שום פּראָטעסט אָדער עצה. ער האָט קיינמאָל ניט געציטערט ווען איך בין פאַרקראָכן אין בלאָטעס אָדער זאַמדן, אין שניי אָדער איבער גרודעס און שטיינער. איך האָב בלויז עטלעכע מאָל מיט אַ זייטיקן בליק געזען ווי ער מורמלט עפּעס, און איך פלעג טראַכטן אַז מסתמא בענטשט ער שטילערהייט גומל.

אַ באַצאָלטער אויטאָ־טרייבער דאַרף אויך, אויף אַ לאַנגער נסיעה, זיין

אַן אונטערהאַלטער, אַ דערציילער, אַ זינגער. האָב איך טאַקע פאַרצויגן אַ ניגון. נחמה האָט מיר געוואָלט מיטהעלפן און צוגעברומט מיט איר קאָלאָראַטורע־באַריטאָן, אָבער אַזאַ צאָרע האָט זי באַלד אָפּגעשטעלט מיט אַ באַמערקונג: „יעדער מענטש וואָס אַרבעט מעג פאַרלייכטערן זיין אַרבעט מיט געזאַנג, איר טוט דאָך גאָרניט, טאָ טוט גאָרנישט. די בעסטע געזאַנגען זיינען די וואָס ווערן ניט געזונגען."

נחמה איז אַנטשוויגן געוואָרן.

זילבערצווייג האָט זיך געפילט געטראָפן פון אַזאַ'ס עזות. ער האָט זיך אַריינגעמישט: „נחמה איז גראָד אַ פיינע זינגערין. איך האָב געלייענט אירע לידער, אירע פּאָעמעס. זיי זיינען פול מיט שטימונג, מיט איינבילדונג און זי מעג זינגען. איך בין זיכער, אַז זי וועט מערקורן ניט אַראָפּפירן פון וועג, איך מיין פון טאָן."

נחמה האָט זיך געפילט געשמייכלט פון דעם קאָמפּלימענט: „איך דאַנק אייך. צו מיין גרויסן באַדויערן, האָב איך כמעט גאָרנישט געלייענט פון אייך, נאָר וועגן אייך און איך ווייס, אַז איר זיינט אַ פּראָליפישער שריפטשטעלער, און, וועגן מיין זינגען, קען איך בלויז גראַמען. איך זינג ווי אַ שפּאַרבער, אַ טאָן פאַרדאַרבער."

ביסלעכווייז האָט מען זיך באַקענט. פון אַ וואָרט דאָ און דאָרט האָט מען געמאַכט אַ קוואָרט און אויסגעפורעמט אַ געשטאַלט. מיט מיין געזאַנג האָב איך נאָך אָפּגעשניטן פיין און איך האָב באַשלאָסן מער ווייניקער צו זינגען און מער דערציילן. „לאָמיר," האָב איך געזאָגט, „עפּעס דערציילן. יעדער מענטש האָט אינטערעסאַנטע עפּיזאָדן, קען אינטערעסאַנטע מענטשן, האָט געהערט וועגן איינעם אָדער אַן אַנדערן. אָט, האָב איך זיך אַנומלטן באַקאָנט מיט אַזאַ מין פּאַרשוין. אַ זאַמלער. ער זאַמלט זאַפּינקעס און ער האָט מיט דעם זיך קונה־שם געווען. ער האָט אין זיין קאָלעקציע זאַפּינקעס פון באַרימטע פּערזענלעכקייטן, פון פּאָליטישינס, שוישפּילער, שריפטשטעלער און אַפילו פון באַרימטע מערדער. ער האָט מעשענע זאַפּינקעס, גאָלדענע, זילבערנע, לעדערנע, הילצערנע, פּערלמוטערנע, ביינערנע. זאַפּינקעס מיט בריליאַנטן, שמאַראַגדן, פּערל, לאַפּיס־לאַזולי, רובינען..."

„איך קען אים!" האָט זילבערצווייג פּלוצים אויסגעשריגן, „איך קען אים!"

„וועמען?" האָב איך מיט פאַרוואונדערונג געפרעגט, מחמת מיין מעשה איז אינגאַנצן געווען אַן אויסגעטראַכטע.

„רובינען," האָט ער געענטפערט. „ער איז אַ משגיח אין אַ סמעטענע־פאַבריק."

„שלאָגט ניט איבער," האָב איך אים מיט אַ וואונק געבעטן. „הכלל, יעדע זאַפּינקע האָט געהאַט אַ געשיכטע. דער זאַמלער האָט געהאַט די היסטאָריע

פון יעדער זאַפּינקע און געקאָנט ריידן וועגן זיי גאַנצע שעה׳ן. אָבער, כאָטש די מעשיות זיינען געווען אינטערעסאַנט, האָט מען אַ סך מאָל געוואונטשן, אַז אַ זאַפּינקע זאָל זיך אים שטעלן אין האַלדז... נאָר איינמאָל האָט געטראָפן, אַז אַן איינברעכער האָט ביי זיין גנבישער אַרבעט פאַרלוירן אַ זאַפּינקע פון זיין העמד, האָט אַ שפּיר־הונט...״

איידער איך האָב פאַרענדיקט דעם עפּיזאָד האָט זיך אַזאַ צאַרע אָנגערופן: „ווען איר וואָלט געהאַט אַ זאַפּינקע אויף די ליפּן, וואָלט געווען אַ סך בעסער. שוין צייט איר זאָלט זיך אָפּשטעלן פאַר אַ רגע. אָט איז אַ גאַזאָלין־סטאַנציע.״

אַן שום פּראָטעסט האָב איך זי אַרויסגעלאָזן פון אויטאָ. מיר זיינען אַלע געווען שטום און זיך בלויז איבערגעקוקט. זינט מיר זיינען אַרויסגעפאָרן, דעם טאָג, איז דאָס שוין געווען דאָס פינפטע מאָל וואָס איך האָב זיך געמוזט צוליב איר אָפּשטעלן. זי פלעגט כסדר לויפן אין פודער־צימער. מיר האָבן געשוויגן מחמת מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז אירע נירן זיינען ניט אין בעסטן צושטאַנד.

ווען מיר זיינען ווייטער געפאָרן האָט אָנגעהויבן פאַלן אַ רעגנדל. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין אַ ביליקן מאָטעל. די מאַשין איז געבליבן אונטער אַ דאַך און מיר זיינען אַריין אין אונדזערע צימערן. זילבערצווייג און איך האָבן געהאַט גענוג צו ריידן און צו באַריידן. מיר האָבן איינגעזען, אַז דער גלות קען בלויז געמען נאָך זיבן אָדער אַכט טעג און מיר וועלן אַלץ פאַרגעסן אַזוי ווי דעם נעכטיקן פודער־צימער.

אויפן דריטן טאָג פון דער נסיעה, כדי איך זאָל אויסמיידן די פעמיניסטישע לעקציעס ווי אַזוי צו פירן דעם אויטאָ, האָב איך, ווען מיר זיינען שוין געווען היפּשלעך אָפּגעפאָרן, געזאָגט: „מיינע ליבע דאַמען, איר דאַרפט ניט האָבן קיין פערדניין און ניט זיין פאַרדרייפלט, איך גיב גענוג ניינטונג אויף אַלץ.״

„וואָס, וואָס, וואָס?״ האָבן אַלע איבערגעפרעגט אַזוי ווי אין פוגן.

איך האָב זיי אויפגעקלערט: „וואָס איך זאָג איז אַ פּשוטער אָבער ניט אַזאַ פּשוטער יידיש. ס׳איז אַ מין שפּיל. אַלע ווערטער וואָס האָבן אין זיך אַ נומער ווערן פאַרהעכערט מיט איין צאָל אָדער פאַרמינערט מיט איינעם. למשל, פון פערדאַכט, ווערט פערדניין, פון פאַרצווייפלט — פאַרדרייפלט, אַנשטאָט צענישטערט ווערט ניינישטערט, במקום אַכטונג ווערט ניינטונג, איר פאַרשטייט?״

„אָה!״ האָט זילבערצווייג געענטפערט, „איך וועל דעם שפּיל אויסלערנען מיין צווייניקל!״

צום ערשטן מאָל האָב איך דערהערט אַ געלעכטער אין אויטאָ. איך האָב

געוואָרפן אַ בליק אין שפּיגעלע איבער מיר און אַפילו אויף אַזאַ׳ס פּנים האָב איך געזען אַ שמייכל.

נחמה איז אַריינגעפאַלן: „למאי זאָל איך זאָגן, מיר געפעלט ניט אייער פּינפּונג,״ און אַזאַ צאַרע האָט צוגעלייגט: „דאָס איז ניט קיין פּינפּונג, נאָר אַ דרייאונג. קינדערשפּיל.״

„פון אייך איז צווייפאַך ניט אויסצוהאַלטן,״ האָב איך געענטפערט. „איך וועל שוין פאַרזאָגן אַן עלפטן צו וועלן שפּילן מיט אייך.״ אין נאָך אַ ווייל האָב איך צוגעלייגט: „געוויינלעך האָט יעדער ייד אַ פּעקל, אַפילו מערערע פּעקלעך, אָבער קיינער מיט בלויז איין קאָפּ טאָר זיך ניט פאַרגינען דעם לוקסוס פון האָבן צוויי קאַפּוויטיקן.״

זילבערצוויג האָט מיר פּלוצים אונטערגעטראָגן צוויי אַספּירינען.

„מוחל,״ האָב איך אים באַדאַנקט. „צו אַזאַ קאָפּווייטיק איז בלויז גוט די גילאָטין.״

„אַ גילאָטין?״ האָט זילבערצוויג געפרעגט, „וואָס זייט איר, אַן אַריס־טאָקראַט?״

„ביין,״ האָב איך אַן אויפגערעגטער צוריקגעוואָרפן, „איך בין בלויז אַן אָרעמער סאַנקילאָט, וואָס ווערט געטריבן צו אַן אויפשטאַנד. איך בין קיינמאָל ניט געווען קיין מיסאָזשיניסט, אָבער מיך האָט תמיד אָפּגעשטויסן אַ פעמי־ניסטישער קאָזאַק. פע,״ האָב איך אויסגעשריגן, „פע איז די ערשטע זילב פון פעמיניזם.״

אַזאַ צאַרע האָט דאָס ניט פאַרשוויגן: „פערד איז אויך אַ גוט וואָרט.״

פון נחמה׳ן איז נאָך געווען צו דערליידן, נאָר פון אַזאַ צאַרע איז געווען שווער אויסצוהאַלטן, כאָטש זי איז געווען אויסגעהאַלטן אין איר אומאָנגענע־נעמלעכקייט. וואָלטן די פּאַסאַזשירן געווען מענער, וואָלטן באַשטימט געפלויגן שאַרפערע ווערטער אַהין און צוריק, אָבער מיט די צוויי קליענטן פון פודער־צימער איז דאָס געווען אַן איינזייטיקער געראַנגל, און איך בין געווען דער צילבערעט. אַזאַ צאַרע איז באַשטאַנען, אַז זי איז אַ וועגעטאַריאַנערין, נאָר פון גריזשען סיי זיך און סיי אַנדערע איז זי גיכער געווען אַ קאַניבאַל. זי איז באַשטאַנען, אַז איך בין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די שאָסייען, פאַר דעם וועטער, פאַר די רעסטאָראַנען און פאַר די ניט־סאַניטאַרע פודער־צימערן.

„איר מעגט,״ האָב איך איר אויפן פערטן טאָג פון דער נסיעה געזאָגט, „אַביסל ווייניקער פודערן.״

איך האָב באַלד חרטה געהאַט אויף מיין שאַרפן אויסברוך, אָבער פאַר־פאַלן. פאַר שוואַכע נירן איז אַזאַ נסיעה אַן אָפּקומעניש. אַן אויטאָ האָט ניט די באַקוועמלעכקייטן פון אַ באַן־וואַגאָן און איך בין געווען זיכער, אַז זי האָט ניט פאַרמאָגט דאָס געלט וואָס עס קאָסט אַ באַן־בילעט. זי איז געווען פּרוסט־

רירט פיזיש און פינאַנציעל און האָט זיך אַפּנים געגוויטיקט אויסצוגיסן איר
פאַרוויטיקט האַרץ אויף עמעצן, און איך בין עס געווען דער עמעץ.

אויך דער פערטער טאָג איז אַריבער אָן שום שטרויכלונגען. מיר האָבן זיך
אָפּגעשטעלט נעבן אַ מאָטעל און איבערגעשלאָפן. זילבערצווייג און איך האָבן
תמיד געהאַט וועגן וואָס צו ריידן. באַזונדער זיינען אונדזערע געשפּרעכן געווען
מערסטנס וועגן טעאַטער. דאָס האָט סוף־כל־סוף נחמה׳ן אַרויסגעבראַכט
פון די כלים: „ס׳איז מאָדנע, איר זיינט דאָך אינטעלעקטואַלן, מענטשן מיט
ערודיציע, שריפטשטעלער, קינסטלער, האָט איר ניט קיין אַנדער טעמע חוץ
טעאַטער?"

זילבערצווייג האָט זיך אויסגעדרייט צו איר מיט אַ שמייכל: „איך דאַנק
אייך אין אונדזער נאָמען פאַר אייערע קאָמפּלימענטן. ווייסט איר, נחמה
טייערע, אַז פּאָעזיע האָט אַ גאַר אַ נאָענטע שייכות מיט טעאַטער? פון די
גריכן ביז היינטיקן טאָג האָבן דיכטער געשריבן וועגן טעאַטער און פאַר דעם
טעאַטער. ניין, מיר זיינען ניט בלינד און זען וואָס עס טוט זיך אויף דער
וועלט. מיר קענען זען די נויטן און ליידן פון די וואָס האָבן גאָרנישט און
ווייניקער, און מיר קוקן אַראָפּ אויף די וואָס שטייען פון אויבן און האָבן
אַלץ. אָבער פּונקט ווי יידן זיינען אייגנאַרטיק אין אונדזער וועלטל, אַזוי
זיינען אויך מיר טעאַטראַלן אַנדערש. אָט, למשל, פאַרמאָגן מיר אַ שלל מיט
טאָלעראַנץ און הערן זיך צו ווי איר, פּרויען, רעדט תמיד וועגן קליידלעך,
קינדער־האָבן, שוואַנגערשאַפט, קאָכן, באַקן, פריזורן, פּראָלעטאַריאַט, רעוואָ־
לוציע. מיר מעגער הערן זיך צו, צי מיר זיינען פאַראינטערעסירט אָדער ניט,
אָבער מיר זיינען טאָלעראַנט. אַזוי וואָלט אויך געדאַרפט זיין אייער באַציאונג
צו אונדז, פריי פון צענזור. אַ פילאָזאָפיע וואָס לערנט אונדז צו זיין טאָלע־
ראַנט אַפילו צו די וואָס ווייסן ניט פון דעם.

נחמה האָט נישט געענטפערט, נאָר געשמייכלט, אָבער אַזאַ צאָרע האָט
געזאָגט: „אַ פיינע לעקציע, וואָס איך וואָלט זיכער ניט געגאַנגען הערן, ווען
איך וואָלט געהאַט אַ ברירה."

מיר זיינען אַריינגעפאָרן אין אַ גאָס־רעגן. עס האָט ממש געגאָסן מיט
צעבערס. אַזאַ צאָרע האָט איבערגעריסן די שטילקייט: „אפשר וואָלט מען
געקאָנט זיין טאָלעראַנט און אויסרעזשיסירן עפּעס צו באַשיצן אונדזערע
זאַכן פון רעגן?"

איך בין געווען זיכער, אַז די צעראַטע סחורה וועט ניט דורכלאָזן קיין
טראָפּן רעגן צו די פּעק און רענצלעך און האָב געזאָגט: „פאַראַן זיינען צוויי
מעגלעכקייטן: דאָס ערשטע איז, מיר זאָלן אַלץ אַריינבעמען דרינען און זיך
אַרויסלייגן פון דרויסן. די צווייטע איז, מיר זאָלן צוריקברענגען דעם חודש
אויגוסט און פאַרטרייבן סעפּטעמבער."

וואָס ווייטער מיר זיינען געפאָרן, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרן דער רעגן. די בליצן האָבן געהאַט זייערע שטענדיקע מוזיקאַלישע דונער־באַגלייטונג, כאַטש ווייט, ווייט אין דער ווייטקייט. מיר האָבן זיך שוין געפונען אין נעבראַסקאַ. פלוצים האָב איך זיך געמוזט אָפּשטעלן הינטער אַ רייע פון הונדערטער אויטאָמאָבילן, וואָס זיינען געשטאַנען פון פאָרנט מער ווי איין פוס טיף אין וואַסער, וואָס דער טייך נעבראַסקאַ און דער רעגן האָבן אויס־געגאָסן איבערן שאָסיי.

איך האָב געוואוסט, אַז אין געפּעק געפינט זיך ס׳גאַנצע האָב און גוטס פון מיינע פּאַסאַזשירן, סיי אויך אַ צאָל לעקסיקאָנען. דאָס האָט מיר נישט געגעבן קיין רו: וואָס טוט מען? איך האָב געוואָרפן אַ ווייטן בליק אויף די אָפּגעשטעלטע אויטאָס און האָב ניט געזען עמעצן אַנקומען פון דער לינקער זייט אַנטקעגן. אַ רגע בלויז האָב איך באַטראַכט די לאַגע און באַשלאָסן... איך האָב פאַרדרייט די רעדער לינקס צו דער פרייער זייט און גענומען פאָרן... פּאַמעלעך, לאַנגזאַם, קיין טראָפּן זאָל פון אונטן ניט פאַרגעצן דעם מאָטאָר. זילבערצווייג האָט געשוויגן, נאָר די פרויען האָבן שטיל געקרעכצט... זיך צוגעהאַלטן און געציטערט... אַן ווערטער געקרעכצט... מער ווי צוויי מייל אין וואַסער האָב איך געטריבן דעם אויטאָ, מעסטנדיק מיט די אויגן די טיפקייט לויט די אויטאָמאָבילן פון דער רעכטער זייט... איך האָב אויך באַמערקט די פּנימער פון אַנדערע טרייבער און פּאַסאַזשירן וואָס זיינען געזעסן אין די אויטאָס און געגאַפט, און אפשר באַוואונדערט מיין אויפטו, אָדער מיין חוצפּה און געוואַגטקייט. אַן אַנגעשטרענגטער האָב איך ווייטער געטריבן, כאָטש מיינע נערוון זיינען געווען אַנגעצויגן צום פּלאַצן. דער רעגן האָט ניט אויפגעהערט, דאָס האַרץ האָט ביי מיר האַסטיק געקלאַפּט, טאָמער חלילה בלייב איך שטעקן. דער וועג איז ניט אַזוי גלייך ווי אַ לאָקשנברעט, טאָמער איז ערגעץ פאַראַן אַ צעשפּאָלטענער איבערברוך, אָבער איך האָב זיך מער ניט געטאָרט אונטערגעבן, נאָר בין ווייטער געפאָרן און צום סוף האָט זיך דער שאָסיי געהויבן און איך בין אַרויף אויף אַ יבשה, אַ נאַסע יבשה, נאָר אַרויס פון דעם פאַרפלייצטן וועג.

איך האָב פרייער אָפּגעאָטעמט, נאָר בין אַריין אין אַ ים פון געצאַמטער היסטעריע.ביידע פרויען האָבן זיך צעלאָזן מיט אַ ניאַגאַראַ פון אָכצען, קרעכצן, יאָמערן און קלאָגן. פלוצים, אין טומל, האָב איך דערזען אַ מאָטעל מיט אַ דאַך פאַר אויטאָמאָבילן און בין אַרונטערגעפאָרן, באַשטעלט צוויי צימערן און אויף שנעל גענומען אויפּפּאַקן און אויפבינדן די נאַסע שטריק אַרום דעם געפּעק און ביידע פרויען האָבן אויפגעכליפּעט מיט אַ קרעשטשענ־דאָ: „וואָס האָט איר געטאָן? איר האָט געשטעלט אונדזער לעבן אין סכנה און איצט, זעט, זעט, אַלץ איז דורכגעווייקט, נאָר עס אָוועקצוואַרפן!“

זילבערצווייג האָט געוויזן די דורכגענעצטע לעקסיקאָנען. „גיט אַ קוק,“ האָט ער געזאָגט צו זיי און צו מיר, „זעט ווי די ביכער ווייגען. אָבער איך האָב ניט קיין שום טענה צום טרייבער. ער איז ניט גאָט. ער האָט דעם רעגן ניט באַשטעלט. פאַרקערט, ער איז משה, וואָס האָט אונדז אַריבערגעפירט דעם ים. וואָס עס איז געשען איז ניט מחמת ער האָט דאָס געוואָלט. אַז מען קען ניט שמעקן קיין פולווער, טאָר מען ניט גיין אין וואַלד אַריין.“

איך האָב געשטיקט אין זיך מיין ווי און פאַרביסן געשוויגן. איך האָב צענומען מיין אייגענעם באַגאַזש, וואָס האָט אויסגעזען ווי נאַר־וואָס אַרויס פון אַ מקווה. איך האָב ווילד גענומען אַלץ וואַרפן אויף דער ערד און כדי ניט ווערן צעפּלאַצט האָב איך זיך צעשריגן: „גאָט, טרעט אויף מיר, טרעט אויף מיין אייגנטום. טאַנצט אַ מצווה־טענצל, באַגיסט זיי מיט טרערן, זידלט, שילט, יאָמערט, וויינט. ס'איז עק וועלט. איך בין אַ רוצח, אַ גזלן, לינטש מיך. וואָס נאָך ווילט איר? אָה! איך... דעם ראַסקאָש פון דער נסיעה וועל איך געדענקען מיין גאַנץ לעבן!“

איך האָב אינגאַנצן געהאַט פאַרלוירן דעם קאָנטראָל איבער זיך. איך בין געווען צופרידן וואָס די מיידלעך האָבן מיך מער ניט געטשעפּעט.

זילבערצווייג האָט געזוכט מיך צו באַרואיקן: „איך וועל דאָס דערציילן אייערע צווייניקלעך. קומט, לאָמיר אַריינגיין אין אונדזער צימער.“

מיין האַרץ איז מיר געווען פאַרקלעמט פון צער איבער דעם פאַרלוסט וואָס די פרויען האָבן געהאַט. „ס'איז מיר אַ גרויס רחמנות אויף זיי,“ האָב איך אים געזאָגט אין צימער. „דלות האָט זיי געטריבן פון ניו־יאָרק און איצט צוריק. זיי זיינען אָרעמע אַרבעטער־מיידלעך. זייער אָרעמקייט דערדריקט מיך. די פּאָר קליידלעך און בלוזקעס זיינען זייער גאַנצער פאַרמעגן און וואָס קען איך טאָן פאַר זיי?“

„טוט זיך אָן אַ מעשה,“ האָט מיר זילבערצווייג געטאָן אַ קניפּ אין בעקל. „איך ווייס, איר האָט גרויס עגמת־נפש פון זייער שאָדן, אָבער איר דאַרפט אויך רחמנות האָבן אויף זיך. לייגט זיך צו אַביסל און איך וועל דערווייל אַרויס אין דרויסן אויפזוכן אַ מנין צו בענטשן גומל.“

כאָטש איך בין געווען מיד און אויסגעשעפּט, האָב איך נישט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן.

„סאַנטשאָ מערקור,“ האָט זילבערצווייג מיט אַ שווישפּילערישער פּאָזע צו מיר געזאָגט, „איך אייער האַר און מייסטער ר' זלמן דאָן קיכאָט דע לאַ מאַנטשאַ, באַפעל איר זאָלט שלאָפן.“

זיין אינטאָנאַציע, איז מיר פּלוצים איינגעפאַלן, איז אפשר געווען די־זעלבע וואָס ער האָט מיט יאָרן צוריק אין לאָדזש גענוצט צו שפּילן די ראָל „אָסוואַלד“ פון „די גייסטער“ און איך האָב זיך שטאַרק צעלאַכט. דער

געלעכטער האָט געווירקט ווי אַ סעדאַטיוו — איך בין איינגעשלאָפן און אָפּגעשלאָפן צוועלף שעה.

אַ שטאַרקער קלאַפּ אין טיר האָט מיך אויפגעוועקט. זילבערצווייג איז געשטאַנען נעבן מיין בעט מיט אַ טעפּעלע הייסע קאַווע, וואָס ער האָט געבראַכט פון מאָטעל־רעסטאָראַן. ער האָט אויך געבראַכט פרישע ברויט, פּרוכטן און אייער. אַלע זאַכן פון געפּעק זיינען געווען צעשפּרייט איבער די בענקלעך, טיש, בעטן און קאָמאָד. אַ ווייל שפּעטער איז נחמה אַריינגעקומען מיט אַ טאָפּ, וואָס זי האָט מיטגעפירט. זי האָט דעם טאָפּ אָנגעפּילט מיט וואַסער, אַהין אַריינגעלייגט די אייער און אַוועקגעשטעלט צום קאָכן. ס'איז געוואָרן פריילעך, מחמת די שטימונג אַפילו ביי די מיידלעך האָט זיך געביטן. מיר האָבן גענומען אַלץ אויסגלייכן, איינפּאַקן און אַרויסטראָגן צום אויטאָ. איך האָב אַלץ פאַרבונדן און איינגעאָרדנט. מער ווי אַ שעה איז אַריבער, און איך האָב זיך פּלוצים געכאַפּט וועגן די אייער אין טאָפּ. איך בין שנעל אַריינגעלאָפן אין צימער און אַלע דריי נאָך מיר.

אַן אומדערטערגלעכער ריח האָט זיך געטראָגן. איך האָב פאַרדרייט דעם פייער און דערזען אַ ליידיקן טאָפּ, אינגאַנצן פאַרברענט. אַלע האָבן אַריינגעקוקט אין טאָפּ און זיך איבערגעפרעגט: „וואָס איז געשען מיט די אייער?" דער ריח פון פאַרברענטער אייער־שאָלעכץ איז געווען שווידערלעך. מיר האָבן אַלע אָנגעהויבן זוכן און נישטערן: „אַ מיסטעריע, בלויז איין גאָט אין הימל ווייסט דעם סוד!"

זילבערצווייג האָט פּלוצים אויסגעשריגן און געוויזן מיט די פינגער צו דער סטעליע: „אָט דאָרט שטעקט אונדזער מיסטעריע!"

אַ גרויס געלעכטער האָט אויסגעבראָכן און אַפילו אַזאַ צאַרע האָט זיך געהאַלטן ביי די זייטן לאַכנדיק. זילבערצווייג האָט מיט ערנסט באַמערקט: „אָט אַפּנים צישן היינט און נעכטן איז מיר קלאָר געוואָרן דער פּסוק 'מי במים ומי באש'..."

איך האָב ניט געוואָלט דערמאָנען וועגן דעם וואָס ס'האָט זיך אָפּגעשפּילט נעכטן, און האָב געזאָגט: „מיר דאַרפן ניט זוכן קיין פירושים. וואָס איך וואָלט געוואָלט וויסן איז דעם כעמישן פּראָצעס וואָס האָט געמאַכט די אייער פליען צו דער סטעליע.

מיר זיינען אַריין אין אויטאָ און געפאָרן ווייטער. מיר האָבן אַלע געלאַכט. נחמה האָט די ערשטע אויפגעהערט לאַכן און האָט געזאָגט: „איך ווייס גאָר־נישט וועגן כעמיע אָדער פיזיקס, חוץ וואָס מיין מאַמע האָט מיר געוואָרנט, אַז ביים קאָכן וואַסער זאָל איך ניט פאַרברענען דאָס טעפּל. היינט איז דאָס געשען."

דער שאָסיי איז געווען טרוקן, קיין סימן ניט פון נעכטיקן שטורעם,

וואָס איז פאַרשוואונדן ווי מיין נעכטיקע היסטעריע. מען האָט צו מיר מער ניט געשיקט קיין שום פאָרוואורף, אָדער אַפילו נישט די מינדסטע עצה. מיר האָבן אַפּנים איינגעשלונגען דעם עניין טאָלעראַנץ. אָן זיך צוזאַמענריידן האָבן מיר אַלע גענומען רופן אַזאַ צאַרע מיט איר אמתן נאָמען. געשען איז דאָס צוליב איר געלאַסענער באַמערקונג: „מיר האָבן נאָך מזל'דיק אָפּגעשניטן צוליב מערקור'ס געוואָגטקייט. מיר זיינען אַרויס מיט גאַנצע ביינער און בעבעכעס און ניט אַלץ איז פאַרלוירן געגאַנגען."

דאָס פאָרן די לעצטע פיר טעג האָט אונדז געגעבן אַ געלעגנהייט מיר זאָלן זיך בעסער פאַרשטיין.

מיינע מחשבות זיינען געווען פאַרנומען מיטן אַריינפאָרן קיין ניו־יאָרק. פון די יידישע צייטונגען, וואָס מיר האָבן געקויפט אין גרעסערע שטעט, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז די פּרעמיערע פון „יאָשע קאַלב" אין יידישן קונסט־טעאַטער וועט פאָרקומען גאָר אין גיכן. וואָס וועל איך טאָן אין ניו־יאָרק? אויב ניט אין יידישן קונסט־טעאַטער — וואָס ווייטער?

דער ניט־געשריבענער אָפּמאַך מיט זילבערצווייגן האָט זיך פאַרענדיקט, אָבער אונדזער פריינטשאַפט איז שטאַרקער געוואָרן. מיין אינטערעס אין זיין אַרבעט, אַרויסצוגעבן דעם לעקסיקאָן, איז געוואָרן באַשטימטער. מיט באַוואונדערונג האָב איך באַטראַכט דעם דאָן קיכאָט, אָנערקענט זיין ערנסט, זיין עקשנות, באַנומען זיינע מאַטערנישן און בין געווען צופרידן מיט מיין קליינער מיטהילף.

מיר זיינען אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק. איך האָב די פרויען צוגעפירט זייערע וואוינונגען, אָװעקגעפירט זילבערצווייגן צו זיין היים אויף סעקאָנד עוועניו. מיט מיין באַגאַזש אין אויטאָ האָב איך זיך געלאָזט צום קאַפע ראָיאַל, וואָס האָט זיך געפונען קעגנאיבער דעם יידישן קונסט־טעאַטער, און איידער איך האָב באַוויזן אַריינצוגיין אין קאַפע, האָב איך דערהערט אַ קול: „מערקור!"

איך האָב זיך אויסגעדרייט און דערזען לעאָן האָפּמאַן, וואָס האָט צו מיר געשריגן: „מערקור, וואו גייסטו? מר. שוואַרץ וואַרט אויף דיר!"

איך בין אַריין אין יידישן קונסט־טעאַטער.



מזלדיק, גוט און וואויל איז
דעם וואָס טוט נאָך זיין יכולת.

פּאָול עלדרידזש — ייִדיש : וואָלף מערקור

# לאָמיר תּפילה טאָן

(סאַטירישע פּאַראָדיע אויף קריסטלעכער תּפילה)

פּאַראַן אַ וואָך פון „ברודערשאַפט",
מיט זיסינקע רייד פון לאַקריץ-זאַפּט,
און איך, פאַרוואונדערט און פאַרגאַפט,
פרעג, צי מיינט מען דאָס געוויסנהאַפט ?

שענק אונדז, אָ, גאָט,
אין היינטיקן טאָג,
אונדזער טעגלעכן ייד !
ניט עפן די טויערן
ער זאָל אַנטרינען.
ניט גיב אים קיין קראַפט
דעם מוט צו געפינען.
ניט בלאָז אין אים אויף
דעם ווילן און דעם פלאַם,
ווידער אַריבערצושפּאַנען
די מדבר און דעם ים.

שענק אונדז, אָ, גאָט,
אין היינטיקן טאָג,
אונדזער טעגלעכן ייד !
ווענד אָפּ זיינע פיס
פון די גלייכע וועגן,
וואָס פירן אים אַהיים.
שיק שטורמען אַנטקעגן
אים, דיין צאָרן אַנטפּלעק,
דערהאַלט אים ביים לעבן
מיט ציטער און שרעק.

שענק אונדז, אָ, גאָט,
אין היינטיקן טאָג,
אונדזער טעגלעכן ייד !
האַלט אים פון אַלעמען פרעמד,
אָפּגעריסן,

דיין האַס צו אים איז
פאַר אונדזער געוויסן
אַ פּימון, דו האָסט
אונדזער תּפילה דערהערט.
הויב אויף איבער אים
דיין גליענדע שווערד!

שענק אונדז, אָ, גאָט,
אין היינטיקן טאָג,
אונדזער טעגלעכן ייד!
ער איז אונדזער ציל,
אויף וועמען מיר וואַרפן
גיפטיקע פיילן;
ער איז דער שטיין,
אויף וועלכן מיר שאַרפן
אונדזער פאַרברעכן, אונדזערע זינד,
אינטריגעס, מלחמות,
אַמאָל און אַצינד.

שענק אונדז, אָ, גאָט,
אין היינטיקן טאָג,
אונדזער טעגלעכן ייד!
לאָז אים פאַרזייען
מיט שווייס פון זיין שטערן,
כדי מיר זאָלן שניידן
און זאַט זיך דערנערן
מיט בלוט פון זיין האַרץ,
זיין גייסט וואָס שאַפט,
זיין מח און זיין גלויבן,
זיין בטחון און קראַפט.

שענק אונדז, אָ, גאָט,
אין היינטיקן טאָג,
אונדזער טעגלעכן ייד!
מיר זאָלן זיך וואַשן
אין זיינע טרערן;

מיר ווילן זיין מאַרד,
געקרעפטיקט צו ווערן;
פון אייביקער קנעכטשאַפט
אים קיינמאָל ניט באַפריי, —
און מיר ווען דיך לויבן,
דיר דינען געטריי.
שענק אונדז, אָ, גאָט,
אין היינטיקן טאָג,
אונדזער טעגלעכן ייד!



# אַריינגעפאַלן



**וף זומער,** 1914, ווען איך בין נאָך ניט געווען קיין פולע זעכצן יאָר אַלט, האָט די ערשטע וועלט־מלחמה שוין גע־פלאַקערט. אין לעמבערג, די שטאָט וואו איך בין געבוירן, איז אָנגעפירט געוואָרן אַ געיעג אויף „שפּיאָנען" און צענד־ליקער אוקראַינער „מאַסקאָפּילן", אַזוי האָט מען געשמועסט, זיינען אָן וועלכן ניט איז משפט דערשאָסן געוואָרן.

הונדערטער טויזנטער עסטרייכישע סאָלדאַטן פון אַלע פּראָווינצן און פון אונגאַרן האָבן דורך לעמבערג מאַרשירט צום רוסישן פראָנט. גאַנצע רעגי־מענטן באַטאַליאָנען פון אינפאַנטעריע, באַלאָדן מיט אָנגעפּילטע טורניסטערס, מיט באַיאָנעטן אויף די ביקסן, ביי די זייטן קאַנטינען און לאָפּעטעס, צו גראָבן שוצגראָבנס אָדער קברים. די מיט שטיינער געפלאַסטערטע גאַסן האָבן אָפּגעהילכט פון די זעלנערישע שטיוול־טריט און פון די פּאַדקאָווען פון בריגאַדעס קאַוואַלעריע, דראַגאָנער, אולאַנער און הוזאַרן. פּאַרטויבנדיק איז געווען דער קראַך און געבראַזג פון די רעדער פון באַטעריעס פון פעלד־קאַנאָנען, האַואָוויצערס און פון שווערער אַרטילעריע, טאַבאָרן פון פּראָוויאַנט־וועגענער, פעלד־קיכן און לאַזאַרעטן. אַלץ האָט זיך געצויגן צום פראָנט, געפירט פון הויכע און נידעריקע ראַנג־אָפיצירן, וועלכע זיינען געריטן אויף ספּריטנע פערד, וואָס האָבן אָפּט געהירזשעט, ווי צעטומלט און דערשראָקן פון עפּעס וואָס איז פאַר זיי געווען אומפאַרשטענדלעך. אַלע זיינען געווען אין גרינלעך־גרויע מלחמה־אוניפאָרמען, אַפילו די מיליטערישע קאַפּעליעס און די אינסטרומענטן זיינען געווען פון גרינלעך־גרויען קאָליר, צו פאַרדעקן דעם גלאַנץ. די אַרמיי האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט אין לעמבערג און האָט אָן געזאַנג דורכמאַרשירט, די קאַפּעליעס האָבן ניט געשפּילט, נאָר מאַרשירט אין מילי־טערישן ריטם: קלאַפּ, קלאַפּ, קלאַפּ, קלאַפּ, דורך דעם גאַנצן טאָג, פון גאָר פרי ביז איצט אַרום פיר נאָכמיטאָג און קיין סוף האָט זיך נישט געזען... מען האָט זיך געצויגן צום פראָנט, כדי דאָרטן צו לערנען דעם שונא דרך ארץ, זיך אָפּרעכענען מיט פאָניען דערפאַר וואָס ער האָט געהייסן דערשיסן דעם קרוינפּרינץ פראַנץ פערדינאַנד אין סאַראַיעוואָ... לערנען בלק מיט די חוצפה׳דיקע סערבן פאַר זייער פאַדערן... איך ווייס אַליין ניט וואָס... איך בין געשטאַנען אויף דער זאַמאַרסטינאָווסקאַ גאַס, קעגנאיבער דער „יאַן סאָביעסקי פאָלקס־שולע", וואו איך האָב געלערנט.

ס׳איז געווען אַ זוניקער טאָג, אָבער ניט קיין הייסער. די טראָטואַרן פון

ביידע זייטן גאַס זיינען געווען געדיכט מיט מענטשן. אַ צאָל שוין הייזעריק פון שרייען „הוראַ!"... איך האָב ניט מיטגעשריגן, איך האָב גאָר געטראַכט וועגן ווערן אַ קייזער און קעניגלעכער העלד... מיר איז ניט געווען געפעלן וואָס מיין חבר, הערש האַרט, האָט זיך פרייוויליק אָנגעשלאָסן אין פוילישן לעגיאָן... ער איז דאָך ניט געווען קיין אַסימילאַטאָר... אָבער עפּעס האָב איך עס ניט געקאָנט באַנעמען... מיין משפחה האָט דעמאָלט געוואוינט אויף בערקאַ יאָסעלאָוויטשאַ גאַס, אַ נאָמען נאָך אַ פויליש־יידישן פרייהייט־קעמ־פער... וועגן מיין ווילן צו ווערן אַ פרייוויליקער סאָלדאַט, האָב איך באַשלאָסן צו באַראַטן זיך מיט מיין שוועסטער מאַליע.

ווען איך בין אַהיימגעקומען האָט מיך מיין טאַטע געפרעגט: „וואו ביזטו געווען אַ גאַנצן טאָג? ס'איז מלחמה און מען טאָר ניט אַרומוואַנדלען גלאַט אין דער וועלט אַריין. דו מעגסט איינזיצן אין דער היים און לייענען אַ ביכל אָדער חזרן אַ בלאַט גמרא. ס'עט דיר אסור שאַטן."

⁂

מיין טאַטע, מנחם מענדל מערקור, וועמען מען האָט גערופן „ר' מענדעלע ריטינער," איז גאָרניט געווען קיין ריטינער (ראַהאַטין), אַ קליין שטעטל פון וואַנען מיין מאַמע, הודיע, איז געקומען. ער איז געווען אַ בזשעזשאַנער, נאָר מחמת ער האָט חתונה געהאַט און זיך באַזעצט אין ריטין, האָט מען אים אין לעמבערג גערופן: ריטינער.

אויסגעזען האָט ער ווי אַ משכיל מיט אַ ציכטיק געקעמטער באָרד, אַ באמת שיינער ייד, אָנגעטאָן אין אַ לאַנגן איבערציער, אַ ווייס העמד, געפּרעסטע הויזן און גלאַנציק־אָפּגעפּוצטע שיך. שבתים און יום־טובים פלעגט ער זיך אָנטאָן אין אַ זיידענער קאַפּאָטע (בעקעשע) און אַ שיינעם קאָסטבאָרן שטריימל. די יאַרמולקע איז קיינמאָל ניט אַראָפּ פון זיין קאָפּ, חוץ אין מקווה, וואו ער פלעגט מיך מיטנעמען יעדן פרייטיק נאָכמיטאָג. די יאַרמולקע האָט קיינמאָל ניט אַרויסגעשטעקט פון הינטער דעם קאַפּעלוש. צום שלאָפן פלעגט ער אָנטאָן אַן אַנדער יאַרמולקע. ווינטערצייט פלעגט ער טראָגן אַ טייערן פוטער־נעם טוליפּ און בויקע (קוטשמע) פון דעמזעלבן פוטער ווי דער קראַגן.

אַ גוטער און ליבער מענטש און בעל־צדקה איבער זיינע כוחות, איז ער דערפאַר געווען חשוב ביי אַלעמען. אין דער „חדשים"־שול האָט ער געהאַט אַ זייטיקע „שטאָט" אין מזרח, די ערשטע ביי די טרעפּן צום ארון־קודש. ער האָט גע'שמ'ט ווי איינער פון די אָנגעזעענסטע באַלעבאַטים און זיך פאַרדינט דעם שם צוליב זיין צוזאַמענקלייבן יעדן פרייטיק צו נאַכט פון צען ביז צוואַנציק אורחים־אָרעמעלייט. ער האָט אַראָפּגענומען אַן עול פון די אַנדערע

באַלעבאַטים, וואָס האָבן בלויז גענומען איינציקע אורחים, ווי אַ כלל איינגעוואַנדערטע אָרעמעלייט פון גאַליציע און אַפילו פון איבער דער גרענעץ...
איך האָב זיך אַ סך מאָל געוואונדערט פון וואַנען און פאַרוואָס קומען אַזויפיל אָרעמעלייט?... קיין ענטפער האָב איך ניט געהאַט, נאָר מיר פלעגט בלויז ערגערן וואָס אויף מיין מאַמעס פלייצעס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן דער עול צו שפייזן די צוויי מניינים יידן פרייטיק צו נאַכט און שבת נאָכן דאַווענען, אויך דאָס הויזגעזינד, כאָטש אין אונדזער הויז איז תמיד געווען אַן אָרעמע קרובה אַרויסצוהעלפן (מיר האָבן ניט ליב געהאַט דעם נאָמען, דינסט).



מיין טאַטע און מאַמע: מנחם־מענדל ריטינער־מערקור און חודיע מערקור

ווי דער מנהג ביי חסידים איז תמיד געווען אַ ווייבערישער טיש. ביי אַ לאַנגן טיש מיט די אורחים איז מיין טאַטע געזעסן אויבנאָן, און ביי ביידע זייטן נעבן אים, איך און מיין שוואָגער מרדכי, אַ פאַרברענטער בעלזער חסיד און גרויסער למדן. איך פלעג יעדן פרייטיק צו נאַכט זינגען זמירות און עס האָבן אַרויסגעהאָלפן מיין טאַטע און שוואָגער.

מיין מאַמע האָט קיינמאָל זיך ניט באַקלאָגט אויף איר דאָליע. דעם טאַטנס

וואָרט און פאַרלאַנג איז געווען ווי אַ געזעץ. זי האָט אַלץ אָנגענומען באהבה, אָן שום מורמלעניש אַפילו.

ביים באַזעצן זיך אין לעמבערג, איז מיין טאַטע, צוליב זיין קענטעניש פון דער דייטשער שפּראַך, געוואָרן אַ ווינקלשרייבער און נאָכדעם אַן אַסעקוראַציע־אַגענט, דער איינציקער פאַרטרעטער פון אַ ווינער פירמע. ער איז געווען פאַרמעגלעך, אָבער ניט קיין נגיד. ער פלעגט אַרומפאָרן צוליב געשעפטן איבער גאַליציע און אָפט זיך אַריינגעכאַפּט קיין ווין. ער פלעגט שטאָלצירן און זיך גרויסן פאַר פריינט און קרובים פאַר מיין שרייבן יידישע בריוו (צו מיינע ברידער אין אַמעריקע), נאָר רודף׳ן פלעגט ער מיר פאַר לייענען יידישע ביכער און ער האָט אַפילו איינמאָל צעריסן אַ בוך. דייטשע און פּוילישע ביכער האָב איך געמעגט לייענען, אָבער ניט קיין טריף־פּסול. אַ צאָל פון מיינע חברים פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, זין פון חסידישע עלטערן, האָבן אויך געהאַט דיזעלבע צרות וועגן יידישע ביכער. איך האָב אַ סך מאָל פּראָטעסטירט קעגן דער אויפפירונג, אָבער עס האָט מיר ניט געהאָלפן. „ווי אַזוי קען איך זיך לערנען שרייבן שיינע בריוו, אַז דו לאָזט מיך ניט לייענען קיין יידישע ביכער?״

„דו קענסט לייענען ׳דאָס טאַגעבלאַט׳,״ האָט ער געענטפערט, „אָבער ניט די נאַרישע אַפּיקורסישע ביכער וואָס טרייבן בלויז צו ציציליזם, ציוניזם און צו שמד.״

מחמת מיין גרויסער, טיפער ליבשאַפט צו אים האָב איך אויסגעמיטן וויכוחים. איך האָב שוין עטלעכע יאָר ניט געטראָגן קיין פּיאות און עס איז מיר נאָך גוט געלעגן אין טעם די קריגערייען צוליב דער האַנדלונג, אָבער סוף־כל־סוף האָב איך געוואונען.

מיין שוועסטער מאַליע איז געווען די אינטעליגענטקע אין דער משפּחה, און די איינציקע ניט חתונה־געהאַטע. זי וואָלט שוין געווען געקאָנט חתונה האָבן, אָבער די שידוכים וואָס מען האָט איר גערעדט, זיינען איר ניט געווען צום האַרצן. זי פלעגט אָפּמאָלן יעדן בחור, וואָס איז געקומען זי אָנקוקן, און פאַר טאַטע־מאַמע איבערגעבן פאַרוואָס ער געפעלט איר ניט. מיין טאַטע פלעגט מיט איר ניט איינשטימען און מיין מאַמע פלעגט שווייגן, און טאַקע מיט איר שוויגעניש זי אַרויסנעמען פון אַ פאַרלעגנהייט, ווען דער טאַטע פלעגט צושטיין, כדי צו באַווייזן אַז זי איז נישט גערעכט. האָב איך תמיד געהאַלטן מיט דער שוועסטער, דערפאַר וואָס איך האָב זי ליב געהאַט, און אויך מחמת זי האָט מיר פאַרשטאַנען. בלויז איינמאָל האָב איך געהאַט אַ מין צוזאַמענשטויס מיט איר. געשען איז דאָס ווען זי האָט צעריסן מיינע פּוילישע פינף־גרייצערדיקע ניק קאַרטער דעטעקטיוו־מעשיות; איך האָב איר געזאָגט אַז זי איז אַן אינקוויזיטאָרשע, אָבער אויפן צווייטן טאָג האָט זי מיר

געבראַכט ביכער פון קאַנאַן דאָיל אין פויליש און עטלעכע ביכער פון קאַרל מעי אין דייטש, וועגן קעמפערישן לעבן פון די צפון־אַמעריקאַנישע אינדיאַנער און זייערע שלאַכטן מיט די ווייסע אַריינדרינגער. זי פלעגט מיך אַפּט מיטנעמען אין פוילישן טעאַטער, צו דער אָפּעראַ און צו דראַמעס. איך האָב שוין דעמאָלט געהאַט איבערזעצט פון פויליש אויף יידיש די ווערטער פון דער אַריע וואָס אליעזר זינגט אין האַלעווי׳ס „די יידין״. שוין דעמאָלט בין איך אויפגעצאַרנט געוואָרן פון דער פאָרשטעלונג „דער סוחר פון ווענעדיג״. איך האָב ניט געוואַגט האָבן טענות קעגן שעקספּירן, אָבער זיין ייד שײַלאָק איז מיר געווען דערווידער. „אפשר״, האָב איך איר געזאָגט אויפן וועג אַהיים, „זיינען אין ווענעדיג די יידן אַנדערש, אָבער די יידן וואָס איך קען זיינען ניט אַזוי. אמת, יידן זיינען פּייאיק אויף נקמה, אָבער ניט אַזוי אכזריות׳דיק און אידיאָטיש. וואָס וועט ער טאָן, אַז ער וועט קריגן דאָס פונט פלייש? דאָס איינזאַלצן און איינהאַקן אויף קרעפּלעך? טרפה׳נע קרעפּלעך! פע!״

***

דער מאַרש פון דער אַרמיי דורך לעמבערג האָט אָנגעהאַלטן עטלעכע טעג, אָבער איך בין מער ניט געגאַנגען אין יענע גאַסן. מיט אַ ביכל, אַ דייטשע איבערזעצונג פון גאָגאָל׳ס „דער רעוויזאָר״, האָב איך שפּאַצירט צו דער „היצלאַ גורא״ — אַ פּאַרק וואו איך פלעג אָפט פאַרברענגען אין די זומערטעג, זיך טרעפן מיט חברים, לייענען און ראָמאַנסירן. אָפטמאָל פלעג איך גייענדיק לייענען; שפּאַצירט און געלייענט. אָט אַזוי גייענדיק בין איך יענעם טאָג אַרויס פון פּאַרק און בין ווייטער געגאַנגען אויפן וועג וואָס האָט געפירט צום נייעם יידישן בית־עולם. איך בין געווען אַזוי שטאַרק אַריינגעטאָן אין לייענען, אַז ווען איך האָב זיך פאַרטשעפּעט אָן אַ שטריקל אויף דער ערד, האָב איך דאָס אויפגעהויבן און בין ווייטער געגאַנגען פירנדיק דאָס שטריקל, וואָס האָט זיך געצויגן ווייט, דורך מיין פאַרבויגענער האַנט. פּלוצים האָט מיך אָפּגעשטעלט אַ סאָלדאַט מיט אַ רעוואָלווער אין דער האַנט. „האַלט, שטעהען בלייבען! ווער ביזטו דו?״

איך האָב זיך דערשראָקן און דערזען אַז דאָס איז אַ פעלדפעבעל און מיט אַ ציטערנדיקער שטימע געענטפערט: „איך בין וואָלף מערקור, הער פעלד־פעבעל.״

„וואָס,״ האָט ער ווייטער שטרענג געפרעגט, „מאַכען זי מיט דיזען דראָט?״

ערשט איצט האָב איך זיך געכאַפּט, אַז דאָס שטריקל איז אַ דינער דראָט.

„איך וואוסטע נישט, הער פעלדפעבעל״, האָב איך געזאָגט, „דאַס דאַס איין דראָט איזט.״

„דאָס איזט איין טעלעפאָנישעס דראָט צום האָופּטקוואַרטיר, וויסן זי דאָס!" האָט ער געשריגן ווי אַ פעלדפעבעל שרייט. „וואָלטען זי דען דראָט איבער־רייסן?"

פּלוצים האָט זיך הינטער מיר באַוויזן אַ מיאוסע גוי'ע און זי האָט גענומען צושאָקלען מיטן קאָפּ צום פעלדפעבעל. „טאַק, יאַ סאַמאַ ווידזשיאַלאַם."

איך האָב מער ניט געקאָנט קיין וואָרט אַרויסריידן.

„קאָמען זי," האָט ער קאָמאַנדירט, „געשווינד!" ער האָט מיך געפירט אַרום אַ מייל פון דעם אָרט וואו ער האָט מיך דערשנאַפּט און די גוי'ע איז נאָכגעגאַנגען.

האַרט נעבן דעם בית־עולם זיינען געווען אַ צאָל מיליטערישע געצעלטן און איך בין אַריינגעפירט געוואָרן אין איינעם. אויפן וועג האָב איך געטראַכט וועגן דער מגפה פון שפּיאָנען, אַז טאָמער, זאָל גאָט שומר ומציל זיין... וועל איך כאָטש זיין ביים ייִדישן בית־עולם, ווי איז מיר... איך אַ שפּיאָן? איך האָב דאָך נאָר־וואָס נעכטן געטראַכט פון ווערן אַ פרייוויליקער העלד פאַר מיין פאָטערלאַנד און פּלוצים בין איך דער ערשטער ייִדישער שפּיאָן. אַריינגעפאַלן, ווי איז מיר.

ביי אַ טעלעפאָנישן אַפּאַראַט איז געזעסן אַן אָבערלייטענאַנט און ער האָט אויסגעהערט דעם רעפּאָרט פון פעלדפעבעל. דער אָפיציר האָט מיך באַטראַכט, צוגעגאַנגען צו מיר און אַרויסגענומען דאָס ביכל פון מיין האַנט. „אַך, זאָ," האָט ער געזאָגט, „איין דויטשעס בוך, אַבער איינע איבערזעצונג אַאוס דער רוסישער ליטעראַטור, גאָגאָל. זינד זי אויסטרייכער?"

„יאַוואָל, הער אָבערלייטנאַנט," האָב איך רואיק געענטפערט.

„ווארום וואָלטן זי דען דראָט איבעררייסן?"

„הער אָבערלייטנאַנט, איך וואָלטע דאָס גאַרנישט מאַכן, איש האַטטע נישטס געריסן."

ער האָט זיך געווענדט צו אַ קאָרפּאָראַל, וואָס איז געזעסן ביים אַפּאַראַט מיט טרייבלעך אויףביידע אויערן, „האַבן זי פערבינדונג?"

דער קאָפּאָראַל איז אויפגעשפּרונגען, „יאַוואָל, הער אָבערלייטנאַנט."

דער אָפיציר האָט זיך געווענדט צום פעלדפעבעל: „וויר האַבען פערבינדונג, אַבער פירן זי דען יונגע ביז צו דער קאַסערנע אונד אונטערזוכן זי דען דראָט, אָב ער אירגענד וועלשע שטערונג האָט ברינגען זי איהן צוריק; אָב דער דראָט גאַנץ איזט לאַסן זי איהן געהן. פערשטאַנדן?"

מיט האַרצקלאַפּעניש בין איך נאָכגעגאַנגען דעם פעלדפעבעל, וואָס האָט געפירט דעם דראָט ווי איך האָב דאָס געטאָן ביים לייענען. די גוי'ע איז פאַרבליבן אין געצעלט. כאָטש איך האָב געהאַט געהערט אַז די פאַרבינדונג איז פאַראַן, האָב איך גענומען זאָגן ווידוי. איך האָב געוואוסט אַז איך בין גאָט

די נשמה שולדיק, און געטראַכט פון מיין מעסערל אין קעשענע מיט די פאַרשיידענע קלינגלעך און אַ שערל. איך האָב געוואָלט אַריינטאָן מיין האַנט אין קעשענע און אַוועקוואַרפן ערגעץ דאָס מעסערל... ניין, איך טאָר דאָס ניט טאָן. עס איז געווען אַ הייסער טאָג, נאָר מיינע ציין האָבן געקלאַפּט... וואָס טוט מען? איך בין דאָך אַן עסטרייכישער פּאַטריאָט, זאָל איך מוזן דערשאָסן ווערן ווי אַ שפּיאָן... דער פעלדפעבעל איז געגאַנגען פאָרויס און איך בין אים נאָכגעגאַנגען אָן שום רייד. צום סוף זיינען מיר צוגעקומען צו דער קאַסערן. דער דראָט איז ניט געווען געשעדיקט. „געה!" האָט ער מיר באַפוילן. איך האָב גענומען גיין און אַזוי שנעל ווי כ'האָב זיך פאַרדרייט אין אַ זייטיקער גאַס האָב איך גענומען לויפן. לויפנדיק איז מיר אויפן געדאַנק געקומען די פאַסקודנע גוי'ע וועלכע כ'וואָלט באַדאַרפט אָנשפּייען אין פּנים. אָן אָטעם בין איך אַריינגעפאַלן אין דער היים און אַוועקגע'חלש'ט.

ווען מען האָט מיך אָפּגעמינטערט האָב איך איבערגעגעבן וואָס עס איז פאָרגעקומען און איין שכן האָט זיך אָנגערופן: „אַז מען שטופּט די נאָז וואו מען דאַרף ניט, קריגט מען קראַמאַדערן אין דער נאָז" און אַ צווייטער האָט געזאָגט: „פון איצט אָן און ווייטער, אַז עמעץ וועט מיר עפּעס זאָגן וועגן אַ שפּיאָן, וועל איך אים געבן אַ שפּיי אָן אין פּנים."

די מאַמע האָט זיך צעוויינט און דער טאַטע האָט זי באַרואיקט און מיר געזאָגט: „פונקט היינט האָסטו באַדאַרפט לייענען אַ ריסיש ביכל, האָסט ניט געקאָנט לייענען אַ יידיש ביכל?!"

# וואו אַ וועג דאָרט אַ ווילן

אין ראָמאַנטישן באַגריף „ווינער וואַלצן“ איז פאַראַן אַ דרוקפעלער, עס האָט געדאַרפט זיין „ווינער וואַגנצן“. ווען די רוסישע אַרמיי האָט סוף 1914 גענומען איינשלינגען גאַליציע, איז אין לעמבערג אויסגעבראָכן אַ פּאַניק. צענדליגגער טויזנטער יידן האָבן באַלאַגערט דעם באַנהויף, זיי האָבן נישט געוואָלט זיך באַקאַנען מיט די אָנקומענדיקע קאָזאַקן. מיין משפּחה איז געווען אין דער מאַסע און האָט געוואַרט אויף דער באַן וואָס וועט אונדז אַוועקפירן פון דער בהלה. ווי זאַמד אויפן ברעג ים איז געווען די מענטשן־מאַסע ווען מיר זיינען אַריינגעשטויסן געוואָרן אין אַ וואַגאָן. פּעקלעך, רענצ־לעך, בעטגעוואַנט זיינען געשטויסן געוואָרן צוזאַמען מיט די צוהאַלטער. אַ זיצפּלאַץ איז געוואָרן אַ שטייפּלאַץ. פון די טרעפּלעך פון וואַגאָן ביז צום דאַך, און אויפן דאַך, אומעטום מענטשן. די צאָל אין איין וואַגאָן וואָלט אין נאָרמאַלע צייטן געווען גענוג פאַר אַ צענדליגג וואַגאָנען.

צום סוף האָט דער צוג זיך גענומען רירן, און נאָך צוויי טעג שלעפּן זיך זיינען מיר אָנגעקומען קיין אונגאַרן אויפן וועג קיין ווין. וואו דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט זיינען געווען פעלד־קיכן פון רויטן קרייץ. אומעטום האָט מען געטיילט זופּ, ברויט, זייף, ציגאַרעטן און דאָס האָט אונדז דערהאַלטן ביים לעבן, מחמת מיר האָבן נישט מיטגענומען קיין עסן. נאָך דריי וואָכן וואַנדערן האָבן מיר צום סוף דערגרייכט ווין און זיך באַקאַנט מיט די ווינער „קאָזאַקן“. מיר האָבן געדונגען אַ דירה פון דריי צימערן. באַלד די ערשטע נאַכט האָבן זיך די „קאָזאַקן“ באַוויזן. עס האָט נישט געהאָלפן קיין שייערן, וואַשן, אויסרויכערן, פאַרשטאָפּן די לעכער אין די ווענט — מיר זיינען אָנגע־גריפן געוואָרן פון גאַנצע באַטאַליאָנען, גאַנצע אַרמייען פון „קאָזאַקן“ און נאָך צוויי וואָכן ליידן זיינען מיר אַנטלאָפן, איבערלאָזנדיק די מעבל וואָס מיר האָבן איינגעקויפט און האָבן בלויז מיטגענומען דאָס וואָס מיר האָבן מיטגע־בראַכט קיין ווין.

מיין שוואָגער מרדכי, אַ חסיד, אַ יונגערמאַן ערשט אין זיינע דרייסיקער יאָרן, מיט אַ רויטער באָרד און פּיאות, האָט מיט זיין משפּחה געוואוינט אין אַן אַנדער דירה. אין אָנהויב 1915, ווען איך האָב דערהאַלטן אַן איינלאַדונג זיך צו שטעלן פאַר אַ מיליטעריש־מעדיצינישער קאָמיסיע, איז אין אונדזער וואוינונג אַריינגעקומען אַ גרייז־גרויער ייד, וועמענס פּנים איז מיר געווען קאָנטלעך... נאָך עטלעכע רגע׳ס האָב איך דערקאָנט מיין שוואָגער... יעדער פליכטלינג האָט זיך געמוזט פאַרשרייבן אין פּאָליציי־אַמט, ווי איך האָב עס

געטאָן, אָבער מיין שוואָגער האָט זיך נישט צוגעאיילט און האָט ערשט דעם טאָג זיך פאַרשריבן און האָט אָנגעגעבן 65 יאָר ווי זיין עלטער. אין דער מלחמה־בהלה האָט מען נישט געקאָנט מקפּיד זיין, דערפאַר וואָס אַלע אָפּיציעלע פּאַפּירן זיינען פאַרבליבן אין לעמבערג.

פונקט ווי מיין שוואָגער האָב איך זיך געגומען גרייטן נישט צו ווערן קיין העלד אין דער אַרמיי. איך האָב זיך אין ווין באַקאָנט מיט אינטעליגענטע יונגעלייט, וואָס האָבן מיר פּאָליטיש, ווי מען זאָגט, געעפנט דעם מוח. זיי האָבן מיך געלערנט ווי אויפצוהערן עסן און אָפּקומען מיט בלויזער ציקאָריע, וואָס מען האָט גערופן קאַווע. אין די לעצטע צוויי וואָכן פאַר דעם מעדיצינישן אונטערזוך האָב איך פאַרגעסן צו שלאָפן, און ווען איך בין געשטאַנען פאַר דער קאָמיסיע, בין איך געווען דאַר ווי אַ לולב און גרין און געל ווי אַן אתרוג. איך האָב בלויז אויפגעכאַפּט אַ באַמערקונג פון איין דאָקטאָר צו אַ צווייטן: „איין שפּאַצענשרעק" און אַ דריטער האָט געענטפערט: „אומטאַוג־ליש". דאָס ערשטע האָט געמיינט, אַז איך קען בלויז איבערשרעקן פייגל און דאָס צווייטע, אַז איך טויג אויף כפּרות. איך האָב קוים זיך געהאַלטן אויף די פיס, אָבער אַ שטאָלצער בין איך אַוועק אַהיים, אָנזאָגן די גוטע בשורה און בין בּאַכדעם אָפּגעשלאָפן צוויי טעג און צוויי נעכט.

אַ דאַנק מיין שוועסטערביילע, די פרוי פון בערנאַרד האַרט, — אַ רעזערוו־פעלדפעבעל אין דער אַרמיי, און אין ציווילן לעבן אַ טעאַטראַל, דער דראַמאַטיזאַטאָר פון י. ל. פּרצ'ס „דריי מתנות", האָב איך זיך באַקאָנט און געזעלשאַפטלעך פאַרבראַכט מיט יידישע שוישפּילער אין אַ קאַפע־הויז אויף טאַבאָרשטראַסע. איך האָב געאַרבעט און פאַרדינט און האָב זיך געקאָנט דערלויבן דעם פאַרגעניגן.

דער מלחמה־פראָנט האָט זיך געענדערט. דאָס רוסישע חיל איז צוריק־געשטויסן געוואָרן. אונדז האָט מען כלומרשט געבעטן צוריקצופאָרן קיין גאַליציע און מיר האָבן זיך נישט געלאָזט לאַנג בעטן. מיר האָבן פיינט געהאַט ווין, געשאָלטן די שטאָט, זי זאָל פאַרברענט ווערן צוזאַמען מיט די וואַנצן, די שקצים און פּאָליציאַנטן.

געהאַט האָט ווין שקצים וואָס האָבן געהוזשעט מיט יודנהאַס. איינמאָל, אַהיימגייענדיק פון דער אַרבעט, בין איך באַפאַלן געוואָרן פון אַ באַנדע יונגע שקצים. זיי האָבן געפּאַכעט אויף מיר לאַנגע שטריק מיט צוגעבונדענע שטיקער אייזן, געצילט מיך צו טרעפן. ווי אַזוי איך בין אַרויס אַ לעבעדיקער, איז ביז היינט פאַר מיר אַ סוד. אפשר דערפאַר וואָס עס האָט זיך פלוצים באַוויזן אַ פּאָליציאַנט און זיי זיינען אַנטלאָפן. דער פּאָליציאַנט האָט מיך אָפּגעשטעלט און אַ בייזער געפרעגט: „אַב דו קריג האָבן ווילסט, וואַרום ביסטו נישט אַם פראָנט, יודע? דאָס וואָרט „יודע" האָט מיך געטראָפן אַ סך

שאַרפער ווי עס וואָלטן די אייזנס אויף די שטריק. „איך האָבּ מיינע בעפריי־אונגס פּאַפּירע," האָב איך אים באַוויזן. „יאָ!" האָט ער געזאָגט, „אַלע יודן האָבּן בעפרייאונגס פּאַפּירע!"

איך האָב געשוויגן, מחמת איך האָב געוואוסט בעסער, אַז מיט אַ פּאָלי־ציסט דאַרף מען נישט פירן קיין וויכוחים. אַוועקגייענדיק פון אים האָב איך געטראַכט וועגן די טויזנטער געטויטע און פאַרוואונדעטע יידישע סאָלדאַטן, קרבנות וואָס זיינען געממיתט און געשעדיקט געוואָרן כדי צו באַשיצן ווינער שקצים און פּאָליציאַנטן. אמת, „פּראַיעם יאָסל" איז טאַקע גנעדיק צו יידן און לאָזט זיי פראַנק און פריי בידעווען און זיך מאַטערן אין גאַליציע און בוקאָווינע, אין טשעכיע און אונגאַרן. ער האָט זיי געגעבן דיזעלבע רעכט ווי צו אַלע אַנדערע אונטערדריקטע פעלקער אין לאַנד. איך האָב ווייניק געוואוסט וועגן פעלקער־רעכט, וועגן דעמאָקראַטיע, וועגן קלאַסן־קאַמף. איך האָב בלויז געפילט, אַז די איינציקע גאולה פאַר יידן איז נאָר ציוניזם.

אָנגעקומען צוריק אין לעמבערג האָב איך באַלד זיך געמוזט מעלדן צו דער פּאָליציי און אין פיר וואָכן שפּעטער בין איך ווידער פאַרבעטן געוואָרן זיך צו שטעלן פאַר אַ מיליטערישער קאָמיסיע. מיט דריי טעג שפּעטער בין איך אָנגענומען געוואָרן צום מיליטער. אין דער צייט זיינען אויך אָנגענומען געוואָרן טויבע, בלינדע, אַסטמאַטיקער און „אויך מיר מענער" פון דער עלטער פון 17 ביז 52. געדאַרפט האָט מען נאָר אַ סקעלעט אויף וועלכן מען זאָל קענען אַרויפשלעפּן אַ מונדיר. מיין טאַטע האָט מיך באַגלייט צו די באַראַקן וואו מען האָט מיך אויסגעקליידט אין סאָלדאַטסקע מלבושים. און ווען מיר האָבן מאַרשירט צו די לאַסט־וואַגאָנען אונדז אַוועקצופירן, האָב איך זיך געזעגנט מיט מיין פאָטער, פון וועמענס אויגן זיינען גערונען טרערן, און איך האָב קוים געקאָנט צוריקהאַלטן דעם שטראָם פון טרערן וואָס האָבן זיך געריסן פון מיינע אויגן.

אין פינף־און־דרייסיקסטן לאַנדוועער רעגימענט האָט מען מיך געלערנט גיין, גיין, לויפן, יאָגן, שפּרינגען, קלעטערן, ראַטשקען זיך, קריכן אויף גלייכע ווענט, שיסן, שטעכן, ראַנגלען זיך. איך האָב זיך צו דעם אויסגעטויגט ווי אַן אָקס צו פידל־שפּילן. איך בין קיינמאָל נישט געווען קיין לויפער, און כאָטש איך פלעג אַ סך אַרומגיין בין איך אָפט פאַרמאַטערט געוואָרן און געמוזט זיך אָפּרוען. דורכגעשריבן האָב איך זיך מיט מיין פאָטער און אויך מיט מיין שוואָגער בער הארט, און נאָך פינף חדשים דינען אין דער אינפאַנטעריע האָט מען מיך פלוצים טראַנספערירט צום 43טן פעלדקאַנאָנען רעגימענט אין לייטמעריץ, טשעכיע.

אין דער אַרטילעריע, האָב איך געטראַכט, וועל איך נישט דאַרפן אַזויפיל

מאַרשירן באַלאָדן מיט געווער און טורניסטער, אין הייסע טעג און נעכט, אין רעגנס און בלאָטעס, איבער בערג און וועלדער.

דער געפיל פון זיין אַ סאָלדאַט איז פאַר מיר געווען איבלדיק. איך האָב ניט געקאָנט באַנעמען, אַז מען דאַרף שיסן אויף מענטשן, כדי צו באַשיצן דעם גאַליציאַנער יידישן דלות און דחקות. מיין יינגלישער פּאַטריאָטיזם איז שוין לאַנג אויסגערונען, נאָר איך בין געווען אַריינגעפּלאָנטערט, געשטעקט אין סאַמע מיטן פון דער מלחמה.

די קאָסערן (קאַזאַרמע) איז געווען אַ נייע שולע וואָס די רעגירונג האָט רעקוויזירט. איך בין געוואָרן אַן אַקראָבאַט און געשפּרונגען אַרויף און אַראָפּ פון קאַיסאָנען (קעלניע) מיט צוגעטשעפּעטע קאַנאָנען, געשלעפּט פון מאַסיווע פערד. אין סאַמע גאַלאָפּ האָב איך געמוזט שפּרינגען און מאַנעווערירן די פערד, זיי אויסשפּאַנען און אַוועקשטעלן די קאַנאָנען אין שיס־פּאָזיציעס. צוליב מיין קענען די דייטשע שפּראַך האָט מען מיך אויך אויסגעקליבן צו ווערן אַ טעלעפאָניסט און האָב געדאַרפט לערנען די כללים פון דער טעלעפאָן־טעכניק. אָבער דאָס האָט מיך ניט פּאַרהיטן פון מוזן רייניקן די שטאַל, די פערד און קאַיסאָנען און קאַנאָנען פון די אָנגעזאַמלטע בלאָטעס. איך בין געווען אונטערן רשות פון קאַרפּאָראַל טעדעסקאָ און ער האָט מיר צוגעטיילט דעם כבוד צו זיין זיין צילבערעט פאַר די עקלדיקסטע סאָלדאַטסקע זידלערייען: „הימל־קרויץ, דאָנערוועטער, טראָטל, שווייַנהונט, שמוציקער זאַו־יודע!" נאָך די אַלע מוטשענישן האָב איך אַ סך מאָל געדאַרפט ווערן דער שומר אַ גאַנצע נאַכט פון אַ שטאַל, וואו מען האָט הינטער שלעסער געהאַלטן אַ חזיר, וועמען מען האָט געפּאַשעט פאַר אַ סעודה אין דער הייליקער ווייַנאַכט.

פון אַלע רעקרוטן האָט טעדעסקאָ אויסגעקליבן מיך צו דיסציפּלינירן. געהאַט האָט ער אַ בעסטיאַליש־סאַדיסטישן געניוס פון פּלאָגן מיך. איינמאָל, אין אַ זונטיק, אין וועלכן איך האָב געזאָלט זיין פריי נאָך אַ נאַכט־וואַך פון היטן דעם חזיר, האָט ער מיך צוזאַמען מיט נאָך אַ צוואַנציק אויסגעקליבן צו מאַרשירן צו אַ וועלדל, אַ מייל אַוועק פון דער קאַזאַרמע, כדי דאָרט אָנצו־רייסן צווייגן מיט בלעטער מיט וועלכע מען וועט דאַרפן באַפּוצן, אָדער פאַרשטעלן וועגענער, וואָס וועלן אַריינפירן פאַרוואונדעטע סאָלדאַטן פון אַ באַן־טראַנספּאָרט צום דאָרטיקן שפּיטאָל.

מאַרשירט צום וועלדל האָב איך צוגלייך מיט אַנדערע סאָלדאַטן אונטער דער קאָמאַנדע פון טעדעסקאָ. די זון האָט געשרפּעט און די ריחות פון די רינשטאָקן פון ביידע זייטן שאָסיי האָבן אויך נישט געשטאַרקט מיין חשק צום מאַרש. אין וועלדל האָט יעדער סאָלדאַט אָנגעבראָכן אַ בינטל צווייגן און טעדעסקאָ האָט געמאָסטן און געוואויגן יעדנס משא. מיר האָט ער צוגעלייגט מער ווי צו די אַנדערע.

אויפן מאַרשרוט צוריק, אַ באַלאָדענער מיט די צווייגן בין איך, אַ באַגאַ־סענער מיט שווייס, געבליבן הינטערשטעליק אַ צוואַנציק־דרייסיק שפּאַן פון די אַנדערע. דער קאָפּאָראַל האָט מאַרשירט פאָרויס און קאָמאַנדירט: „איינס, צוויי, דריי, פיר.״ מיטאָמאָל האָט ער זיך אויסגעדרייט און דערזען, אַז איך איינס־צוויי־דריי־און־פיר נישט. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט וואַרטן אויף מיר. די אַנדערע זיינען ווייטער געגאַנגען. אַז איך בין צוגעקומען נאָענט צו אים, האָט ער זיך צערעוועט: „דו דרעק־הונט, דו שווייגען־יודע!״ ער האָט אויפגעהויבן זיין האַנט מיר צו דערלאַנגען. איך בין געוואָרן אַנגעצונדן און נאָך איידער ער האָט מיך אָנגערירט האָב איך אים מיט מיין פרייער האַנט דערלאַנגט אַ זעץ אין מאַרדע. ער איז אַ דערשטוינטער צוריקגעשפּרונגען ביז צום ברעג פון רינשטאָק און זיך געוואָלט אויף מיר אַרויפוואַרפן, נאָר איך האָב זיך פלינק אויסגעדרייט און מיין משא צווייגן האָבן אים אַ כמאַל געטאָן, אַז ער האָט פאַרלוירן זיין גלייכגעוויכט און זיך אַריינגעגליטשט אין רינשטאָק. איך האָב אַוועקגעוואָרפן די צווייגן און גענומען שטעלן פיס. ביים פאַרביילויפן האָט מיך אַ יידישער סאָלדאַט פון זעלבן אָפּטייל געפרעגט: „וואָס לויפסטו?״ ער האָט זיך אויסגעדרייט און דערזען ווי קאָרפּאָראַל טעדעסקאָ ראַטשקעט זיך אָן אויסגעווייקטער פון רינשטאָק, האָט ער געשריגן צו מיר: „לויף, וועלוועל, לויף!״

איך בין אָן אָטעם אַריינגעלאָפן אין דער קאַסערן און זיך תיכף צוגעשטעלט צום קאָמאַנדיר און געמאָלדן די פּאַסירונג.

„זעהר שלים,״ האָט ער געזאָגט, „זי ווערדן צום קריגס־געריכט געשטעלט ווערדן. יעצט מיסן זי אונטער קאַסערן־אַרעסט פערבלייבן.״

פינף טעג שפּעטער האָט מיך אַ סאָלדאַט מיט אַן אָנגעלאָדענער ביקס געפירט צום הויפּטקוואַרטיר אין לייטמעריץ אין אַן אַלטער פעסטונג. דאָרט האָט מען מיך איבערגעגעבן צו אַ צווייטן סאָלדאַט וואָס האָט מיך אַריינגעפירט אין צימער פון אַ הויפּטמאַן, וואָס האָט שוין געהאַט די פּאַפּירן, וואו דער פאַרברעכן וואָס איך בין באַגאַנגען איז געווען פאַרשריבן.

דער צימער איז געווען אַ גרויסער מיט אַ סך שאַפּעס ביכער, קאָדעקסן וועגן יוריספּרודענץ. איך האָב געזאָגט מיין נאָמען און אַז איך בין טעלעפאָניסט פון 43טן פעלד־קאַנאָן רעגימענט.

„האָבן זי איינען בערוף?״ האָט ער געפרעגט און מיך פאַר אַ רגע צעטומלט.

„יאַוואָל,״ האָב איך געענטפערט, „איך בין שאַושפּילער!״

ער האָט מיך פלוצים אָנגעקוקט, געשאָקלט מיטן קאָפּ און אויף זיין פּנים האָט זיך באַוויזן אַ סימן פון אַ שמייכל, „זאָ, איין שאַושפּילער! זיצן זי.״ איך האָב זיך געזעצט און ער האָט אָנגעהויבן אַרומדרייען זיך אין צימער,

אַלעמאָל געוואָרפן אַ בליק אין די פּאַפּירן און זיך זעצנדיק קעגנאיבער מיר ביים טיש געזאָגט: „וואָ האָבן זי געשפּילט?" „איך האָבע געשפּילט אים יידישן טעאַטער אין לעמבערג און אויך אין ווין," האָב איך געזאָגט, און די פאַרבן פון מיין פּנים האָבן זיך געביטן, אָבער איך האָב געמוזט באַקן ליגן.

ער האָט באַדויערט וואָס איך האָב זיך קעגנגעשטעלט דעם קאָרפּאָראַל, ער האָט, האָב איך געפילט, געטראָגן אויף זיך אַ שווערע פליכט און זיין פּנים האָט מיט איינמאָל אויפגעלויכטן. „הערן זי, זי זינד איין בראַווער יונגע, אָבער יעצט איזט קריגסצושטאַנד און וואָס שלים איזט קאָן אָך גוט ווערדן." ער האָט גענומען עפּעס פאַרשרייבן אין די פּאַפּירן, אַרויפגעדריקט אויף זיי אַ שטעמפּל און צו מיר געזאָגט: „זי ווערדן זיך זאָפאָרט אַלס פריייוויליקער צום פראָנט מעלדן. פערשטאַנדן?"

איך האָב זיך אויפגעשטעלט, סאַלוטירט און געזאָגט: „דאַנקע שעהן, הער האַופּטמאַן." ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט צו מיר און צוגעלייגט: „ביטע, איך בין אָך שאַושפּילער און רעזשיסער אין דעם ווינער ‚קאַרל טעאַטער'."

מיט פיר טעג שפּעטער בין איך ווי אַ פריייוויליקער, צוזאַמען מיט פינף אַנדערע, שוין געווען אויפן וועג צום איטאַליענישן פראָנט. מיט באַן און לאַסט־וואָגן און צופוסנס האָב איך דערגרייכט מיין פּאָסטן דעם 11טן דעצעמבער 1916 און בין געוואָרן טעלעפאָניסט פאַר דער באַטעריע פון זעקס הואַוויצערס צעשטעלט אין אַ טאָל, און איבערגעגעבן די באַפעלן וואָס איך האָב טעלעפאָניש דערהאַלטן פון אָבסערוואַציע־פּונקט אויפן שפּיץ באַרג. ערגער ווי דאָס באַשאָסן ווערן פון דער איטאַליענישער אַרטילעריע, וואָס האָט נישט געטראָפן, איז געווען די מגפה פון לייז, וואָס האָבן מיך געפרעסן. עטלעכע מאָל האָב איך זיך אַנטלויזט, דורך באַגראָבן מיינע מלבושים און אונטערוועש אין דער ערד מיט בלויז אין קליינער עפּענונג פאַר די לייז אַרויסצוקריכן. צוליב אַ דריי־טאָגיקער קאַנאָנאַדע פון דער איטאַליענישער זייט, האָט מען נישט געקאָנט צופירן קיין פּראָוויאַנט און ווען מען האָט צום סוף געבראַכט זופּ און קאַווע, האָב איך די פעטע חזיר־זופּ נישט געקאָנט עסן. איך בין קראַנק געוואָרן מיט הויכן פיבער און דעם 11טן יאַנואַר 1917 האָט מען מיך אַוועקגעפירט אין אַ לאַזאַרעט הינטערן פראָנט... מיט מאַניפּולאַציעס אויפן טערמאָמעטער האָט מיין פיבער אָנגעהאַלטן און מען האָט מיך טראַנספּערירט קיין זאַגרעב און פון דאָרט קיין קאַרלסבאַד, וואו מיינע עלטערן, וועלכע זיינען אַ צווייטן מאָל אַנטלאָפן פון גאַליציע, האָבן געוואוינט.

איך האָב אָפּנים גוט געשפּילט מיין ראָל פון אַ חולה און פרילינג 1917 האָט מען מיך געצוואונגען צוריקצוגעבן מיין מיליטערישן מונדיר און ווידער ווערן אַ ציוויליסט. נו, אַז ס'איז באַשערט, וואָס קאָן מען טאָן? איך האָב

אַראָפּגעשלונגען דעם פּסק, אַז איך בין נישט מער אויף קעסט ביים נייעם קיסר, פּו, איך געדענק נישט זיין נאָמען, קערל אָדער קאַרל.

מיין טאַטע־מאַמע און מיין שוועסטער מאַליע, האָבן סטאָאיש אויפגענומען די נייעס, אַז מיין ברוסט־קאַסטן וועט נישט באַהאַנגען ווערן מיט מעדאַלן, און מיר האָבן זיך צוריקגעקערט קיין לעמבערג, וואו מיר האָבן אויסגעפונען דעם אמת וועגן פּסוק, „אין בית אשר אין שם מת." מיין ברודער מרדכי, וואָס איז אין 1912 צוריקגעקומען פון אַמעריקע, איז ווי אַ סאָלדאַט פּאַר עסטרייך אומגעקומען. טעג פון אומרו זיינען געקומען. די וועלט האָט זיך געוואָרפן אין קאָנוואולסיעס. רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. עסטרייך האָט אָנגעהויבן צוזאַמענצוברעכן, און מיר, זעמדעלעך אויף די כוואַליעס פון אויפברויז, זיינען דורכגעווייקט געוואָרן פון בלוט און טרערן. דער יחיד איז פאַרשוואונדן אין שטורעם און דראַנג פון רבים.

דער גרויסער יידיש־נאַציאָנאַלער שטאָלץ און יום־טוב אין לעמבערג צוליב דער באַלפור־דעקלאַראַציע, די שרעק צוליב דער נייער מלחמה צווישן פּאָליאַקן און אוקראַינער אַרום און אין לעמבערג, דער חושכדיקער יאוש נאָך דעם פּאָגראָם, די מאַסן־לויה, ווען יידן פון לעמבערג האָבן באַגלייט די קרבנות צום בית־עולם. הינטער די ארונות פון געשענדטע ספרי־תורות, געטראָגן פון הויכע אָפיצירן פון דער צעקראַכטער עסטרייכישער אַרמיי, טויזנטער און טויזנטער יידן פון וועמענס פּנימער עס האָבן גערונען טרערן פון בושה און צער און אומדערטרעגלעכן ווייטיק. די איכה׳ס אין „טאָגעבלאַט", געשריבן מיט צאָרן אין בלוט און טרערן פון דיכטער אורי צבי גרינבערג, — אַלץ האָט זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון, קיינמאָל נישט אָפּגעמעקט צו ווערן.



מאָנטאַזש פון בילדער אין פאַרשידענע פּיעסן
און פילמען

**אויבן: האָלענדישער ייד** (שבתי צבי), **באָם** (ברויט), **יונגער מאַן** (אויפשטאַנד), **גרשון** שוסטער (60 טויזנט גבורים). **רעכט, צווייטע פיגור, פון אויבן אַראָפּ: געצל גנב** (פישקע דער קרומער), **ייד פון אַלעקסאַנדריע** (שבתי צבי), **דר. פיפטשיק** (לעגענדע פון יידישן קעניג ליר). **לינקס, צווייטע פיגור, פון אויבן אַראָפּ: מאַטראָז** (דער אורטייל), **פויער** (טוביה), **בעל עגלה** (יאָשע קאַלב). **דריי פיגורן אונטן אינמיטן: ר' פתחיה** (יאָשע קאַלב), **צייטונג־רעפּאָר־טער** (אַמעריקאַנער שדכן), **דער שדכן** (פאַמיליע קאַרנאָווסקי).

# אויף מײַן קאַניאָקל

איך רײַט אויף מײַן קאַניאָקל,
אַ פערדל מיט צוויי מאַסקעס.
כ׳בין אַ טעאַטער כניאָקל,
כ׳ווייס וואו און ווען דער טראַסק איז;
איך גאַלאָפּיר און אַנאָנסיר
און שמיר אַ קלאַנגרײַך בילד,
לויפט ייִדן אין טעאַטער
און ווערט דאָרט וואָדעווילד.

צוויי מאַסקעס האָט מײַן פערדל:
איינע לאַכט און איינע כליפּעט.
מיט לאַקריץ טריפט מײַן שווערדל
און טראַגי־קאָמיש סקריפּעט
פאַר די בלאַנדזשענדיקע שטערן
די מאַסקעס שפּילן קלאָר;
איינע לאַכט פון דער דראַמע,
איינע וויינט פון דעם הומאָר.

מען וועט אײַך אונטערהאַלטן
מיט חכמות איבערטריבן.
אַ וויץ פון פּופּציק ווערטער
זאָגט מען אײַך אין זיבן.
איר וועט דאָרט פון דער מוזיק
ניט אַנטשלאָפן ווערן,
עס איז די בינע פול מיט סטאַרס
און זיי וועלן שטערן.

ניט געפינען צישן קינסטלער
וועט איר דאָרט אַ שלעכטן,
ס׳איז יעדער אַ פאַרדינסטלער
וואָס שפּילט הײַנט פּונקט ווי נעכטן.
בײַ די שפּילן וואָס זיי שפּילן,
אויב איר ווילט זיך טאָן אַ קוועטש,
אַפּלאָדירט לויט אײַער ווילן,
און גיט זיי גוטע פּעטש.



עס האָט די יידישע קולטור
דערגרייכט די העכסטע ראַנגען,
דאָס יידיש וואָרט, ליטעראַטור
איז ווייט פאָרויס געגאַנגען.
אויך די בינע איז אַרויס
גלייך געגאַנגען מיט אַ בליק
געשפּאַנט מיט טריט פאָרויס
און נאָכדעם צוויי צוריק.

ביי קאָמפּעטענטע קריטיקער
פאָדער איך אָן מורא,
און קאָמפּעטענט איז יעדער
וואָס געענדיקט תלמוד תורה.
לאָזט אייער ווייסן פליסן,
אַזוי פאַרדרייט, פאַרפלעכט,
אַז קיינער זאָל ניט ווייסן,
צי ס'איז גוט צי שלעכט.

אָפּט געפֿאַלן פֿון מיין פֿערדל,
מיין גורל זיך פֿאַרשאָלטן.
צעבראָכן אָפּט מיין שווערדל
און מיין קאָפּ צעשפּאָלטן.
נאָר מיין שליחות ווייטער כ׳האָב
אויך דורכגעפֿירט אָן מי,
געפּאַטשקעט האָב איך אָן אַ קאָפּ,
געשריבן מיט מיין קני.

עס בלאָנדזשעט מיין קאַניאָקל,
עס איז אַן אַלטע שקאַפּע ;
איך זע אויס ווי אַ יאָקל,
ווייל ענטפֿערס האָב איך קנאַפּע.
ס׳איז מיד און שוואַך מיין פֿערדל.
אָן שבח מיין רוף באַנאַל איז,
אָן טעמפּאָ, — טעמפּ מיין שווערדל,
זאָגט מיר, וואו מיין שטאַל איז.

# "YIDDISH THEATRE IN AMERICA"

אַ יונגערמאַן האָט אַמאָל געבראַכט אַ פאַרענדיקטן כתב־יד צו אַ רב כדי צו קריגן פון אים אַן הסכמה. דער רב האָט גענומען בלעטערן דעם מאַנוסקריפט און אין אַ ווייל אַרום צוריקגעגעבן צום יונגנמאַן מיט דער עצה: „יונגערמאַן, פאַרלירט דאָס ניט, מחמת אַ גוי קען דאָס געפינען און מען וועט נאָך מיינען אַז ער האָט דאָס געשריבן."

פאַרן משך פון די יאָרן וואָס איך בין געווען פאַרבונדן מיטן יידישן קונסט־טעאַטער, האָב איך באַקומען אָנפראַגן פון אוניווערזיטעט־שילער און פון פראָפעסאָרן, אין וועלכע זיי האָבן געבעטן דערקלערונגען וועגן פאַרשיי־דענע פאַזן פון יידישן טעאַטער; וועגן רעפערטואַר, שוישפילער, דראַמאַטורגן, רעזשיסאָרן א"אַנד. אין מיינע שריפטלעכע ענטפערס און אויך אויף באַגע־גענישן מיט די וואָס האָבן זיך אינטערעסירט מיטן יידישן טעאַטער, האָב איך אַלעמען געגעבן מאַטעריאַלן און אינפאָרמאַציע. צווישן זיי איז אויך געווען דייוויד ליפסאָן, וואָס האָט אין יענער צייט געשריבן אַ דיסערטאַציע וועגן יידישן טעאַטער. איך האָב אים געגרן אויסגעבאָרגט טעאַטער־ביכער און זשורנאַלן, און אויך אַ צאָל בילדער פון טעאַטער־סצענעס און פון אַקטיאָרן צו נוצן זיי פאַר זיין בוך.

אין יאָר 1965 איז אויף ענגליש דערשינען דייוויד ליפסאָנ'ס בוך „יידיש טעאַטער אין אַמעריקאַ," אַרויסגעגעבן פון טאָמאַס יאָסעלאָף פאַרלאַג. ליפסאָן האָט אויפן סמך פון אָט דער אַרבעט געקראָגן זיין דאָקטאָראַט, וואָס ער האָט כשר פאַרדינט.

מיט זיין בוך האָט ליפסאָן אויסגעפילט אַ בלויז, וואָס איז ביז אים נישט געווען בנמצא אין דער אַמעריקאַנער טעאַטער־ליטעראַטור. אין יידיש איז פאַראַן אַ רייכע ליטעראַטור וועגן יידישן טעאַטער: געשיכטע, ביאָגראַפיעס, מאָנאָגראַפיעס, קריטיק, עסעאיסטיק, לעקסיקאָנען. אויך אַ גרויסע צאָל זשור־נאַלן, אָבער אין ענגליש איז מערער נישט פאַראַן ווי נאָר אַ קליינע צאָל קריטישע אָפהאַנדלונגען. האָט דעריבער ליפסאָנ'ס בוך אַ ווערט פאַרן ניט־יידיש לייענער, אָבער פאַר יידיש־לייענער איז דאָס בוך פון אַ קנאַפן ווערט. לערנען קען מען פון דעם בוך ווייניק, סיידן מען וויל זיך ערגערן צוליב דער גרויסער צאָל אומפינקטלעכקייטן און טעותים, ווי יעדער פאָרשער אָדער קענער פון יידישן טעאַטער וועט דאָס איינזען.

געשיכטע איז ניט קיין אָביעקטיווע וויסנשאַפט. מ'קען שרייבן וועגן טעאַטער מיט התלהבות און מ'קען אויך שרייבן אין אַ קריטישן טאָן. אָבער

אַ היסטאָריקער טאָר נישט בכשל ווערן צוליב זיין פּאָליטישער אָריענטאַציע. אַ שרייבער פון געשיכטע דאַרף אַריינעמען אַלץ וואָס האָט אַ שייכות מיטן יידישן טעאַטער און עס באַלויכטן אין פּערספּעקטיוו דורך אָוועקשטעלן זיינע אויספירן אויף זייער געהעריקן אָרט. צו זיין אַרבעט איז ליפסאָן צוגעגאַנגען מיט ליבשאַפט און ערנסט, אָבער זיין שוואַכקייט צו דיסקרימינירן האָט אים געהאַלטן אין קלעם. מחמת זיין סימפּאַטיע צום „אַרטעף״ האָט ער פאַרמינערט דעם קולטורעלן ווערט פון יידישן קונסט־טעאַטער און צונישט געמאַכט מאָריס שוואַרצ׳ס ווירקונג פון 1918 ביז 1960.

ר. בן־ארי אין זיין בוך „הבימה״ אָנערקענט בלויז זיין רבי׳ן וואַכטאַנגאָוו און נישט קיין אַנדערע, אָבער אַפילו ער האָט שטאַרק געלויבט שוואַרצ׳ס אויפפירונג פון גאָלדפאַדענ׳ס „דאָס צענטע געבאָט״ און „די כעלעמער חכמים״, אָבער פאַר ליפסאָנען איז דער „אַרטעף״ געווען דער איינציקער טעאַטער וואָס האָט אויפגעלעבט דעם קלאַסיקער גאָלדפאַדען. אַפּנים ליפסאָן ציט פאַר אויפפירונגען מיט, ווי אב. קאַהאַן האָט דאָס אָנגערופן: „פּיעסן מיט קאַסאָקע מעבל,״ פּיעסן אויף וועלכע דער דיכטער אברהם רייזען האָט זיך געחידושט: „פאַרוואָס האָבן די אַקטיאָרן אַזוינע אויסגעשמירטע פּנימער?״

אויב „יידיש טעאַטער אין אַמעריקאַ״ — וואו זיינען די גרויסע קינסטלער וואָס האָבן געווירקט און געשאַפן? פאַרוואָס דאַרף מען זיך בלויז אָנשטויסן, אַז סעמועל גאָלדבערג מיינט סעמיועל גאָלדינבורג? וואו זיינען איזידאָר קעשיר, יודל דובינסקי און אַ צענדליגג אַנדערע? יידיש טעאַטער אין אַמעריקע שליסט אויך איין „די ליטעראַריש דראַמאַטישע געזעלשאַפט״ אין שיקאַגאָ, דעם „פּערהיפּט״ אין מילוואָקי און ענלעכע גרופּעס וואָס האָבן געשאַפן טעאַטער, פּונקט ווי די „פאָלקס־בינע״ אין ניו־יאָרק. אויך דאָס וואָס ער רופט אָן „שונד״ איז אַ וויכטיקער טייל אין דער טעאַטער־געשיכטע. קיין היסטאָריקער פון אַמעריקאַנער טעאַטער וועט נישט מבטל מאַכן אַלץ וואָס איז נישט ליטעראַריש. וויליאַם סיגעל האָט ליפסאָן אינגאַנצן נישט דערמאָנט, אויך הערמאַן יאַבלאָקאָוו איז אויסגעלאָזן געוואָרן פון ווערן פאַרצייכנט, ווען ביידע האָבן געהאַט אַ ווירקונג אויפן יידישן טעאַטער אין אַמעריקע און איבער דער יידישער וועלט. דזשייקאָב דזשייקאָבס האָט זיך באַמיט צו שטעלן קינסטלערישע ווערק פון דער יידישער און ענגלישער ליטעראַטור אין זיין טעאַטער, אויך זיינען אַ צאָל פון זיינע טעאַטער־לידער געזונגען געוואָרן אין אַלע יידישע תפוצות, לידער פון יוסף רומשינסקי, שלום סעקונדאַ און אברהם עלשטיין זיינען פאַרפאָלקסטימלעכט געוואָרן — איז דאָס נישט טעאַטער־שאַפונג? וועט אַן אַמעריקאַנער היסטאָריקער אויסלאָזן ראָדזשערס און האַמערשטיין אָדער דזשאָרדזש מ. קאָהאַן דערפאַר וואָס זיי זיינען נישט קיין הויכע ליטעראַטור? „דעם רבינ׳ס ניגון״ פון גרשון באַדער מיט יוסף רומשינסקי׳ס מוזיק

שטייען אויף דערזעלבער מדרגה. שאַפונג מיינט לעבן און נישט בלויז אַ בלעטל פון אַן אַרכיוו.

מען האָט ערגעץ אַמאָל געמאַכט אַן אויספאַרקויף אויף מבינים. איין מבין האָט געקאָסט צען טויזנט דאָלאַר, אַ צווייטער פינף טויזנט און אַנדערע זיינען פאַרקויפט געוואָרן פאַר ווייניקער, אָבער די גרעסטע צאָל מבינים האָט מען צונויפגעבונדן אין בינטלעך און זיי פאַרקויפט פאַר אַ דאָלאַר אַ בינטל. ליפסאָן האָט געקויפט אַזאַ בינטל. ער האָט געוואוסט געגוי וואו ער האָט געצילט און אויף אָפטאָן אַ שטיקל אומריינע אַרבעט האָט ער באַנוצט אַ מבין.

אַזאַ מבין איז געווען אַ יידענע פון אַ גאַנץ יאָר, וואָס האָט געזאָגט: „מאָריס שוואַרץ איז געווען אַ קאַריערעסט" און ליפסאָן חזרט דאָס איבער אַ צווייטן מאָל מיט דער כוונה עס זאָל טרעפן אין ציל. זיין היסטאָרישע צניעות היט ער אָפּ, נאָר אַ רב׳ס דינסט פסקנט ביי אים שאלות.

סיי דער מחבר דייוויד ליפסאָן און סיי דער פאַרלעגער האָבן דורכגעלאָזן אַ סך אומפּינקטלעכקייטן און גרייזן און עס באַקומט זיך דער איינדרוק, אַז עס איז געטאָן געוואָרן מיט ביטול. למשל: מען ווייסט, אַז דער „פאָרווערטס" הייסט אויף ענגליש ווי עס שטייט אין קעפּל "The Jewish Daily Forward", נאָר ביי ליפסאָנען איז עס כסדר Forwatz. ערגער שניידן אָפּ נעמען פון מחברים און נעמען פון פּיעסן. פון פּשיבישעווסקי ווערט טשאַביטשאָווסקי, פון תשרק ווערט טאַשברוק, קולבאַק ווערט קולבאַך און באַשעוויס ווערט באַשעוויץ. „קידוש השם" ווערט קידיש השם און פון „מיעשטשאַניע" ווערט מישטשאַניאַ. אַ סך זיינען די טעותים וואָס רייסן אויף די אויגן אין דעם בוך, וואָס וואָלט באמת געקענט ווערן אַ כרעסטאָמאַטיע פאַר קומענדיקע ענגליש־אַמעריקאַנער היסטאָריקער. נאָר, אויב זיי וועלן נעמען ערנסט די אַרבעט, וועלן זיי זיך מוזן לערנען יידיש און זיי וועלן זיכער געפינען און זיך באַקענען דורך די יידישע טעאַטער־ביכער מיט שוישפּילער, דראַמאַטורגן, ליריקער, קאָמפּאָזיטאָרן א״אַנד אין יעדן מין פון יידישן טעאַטער. אין זשורנאַלן פון יידישן קונסט־טעאַטער וועט מען זיכער קענען דערגיין, אַז שוואַרץ האָט אין די דרייסיקער יאָרן נישט אויפגעפירט „אוריאל אַקאָסטאַ" און אַז נחום סטוטשקאָוו איז נישט „מיטשים סטטושאָוו" און אַז יעקב מעסטל איז געוויס געווען אַ וויכטיקע פיגור אין יידישן טעאַטער, אָבער נישט די וויכטיקסטע שעפערישע געשטאַלט, מחמת אין פּראָפעסיאָנעלן טעאַטער האָט ער נישט געהאַט קיין איינפלוס.

א. ד. ביאַלין האָט געהאַט אַ סך לויב אין זיין בוך „מאָריס שוואַרץ און דער יידישער קונסט טעאַטער", אָבער ליפסאָן מאַכט אים פאַר אַ פּרעסע־אַגענט פון יידישן קונסט־טעאַטער, וואָס ער איז קיינמאָל ניט געווען.

גוט איז וואָס דער מחבר האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים יאָר 1940. ער

קלאָגט מיט קראָקאָדיל־טרערן אויף דעם וואָס עס זיינען נישטאָ קיין יונגע מענטשן אין יידישן טעאַטער, כאָטש ער כאַפּט אַ שפּרונג ביז 1960 און דער־מאָנט די יונגע ריסאַ שוואַרץ אין דער פּיעסע „די טעגטה מען". אָבער פון 1940 ביז 1965 זיינען צוגעקומען צענדלינגער יונגע אַרטיסטן, וואָס ער האָט געזען און געהערט, ווי לעאָן ליבגאָלד, לילי ליליאַנאַ, בען באָנוס, מינאָ בערן, מאַקס און רייזל באָזשיק און זיי עלטערן זיך ברוך השם מיט אָנערקענונג און דער־פאָלג. אָבער ליפּסאָן וויל אויך ווערן איינער פון די נביאים וואָס זאָגן אָן דעם אונטערגאַנג פון יידישן טעאַטער.

אמת, יידיש טעאַטער אין אַמעריקע איז שוין ניט מער ווי ס'איז געווען אַמאָל, אָבער ליפּסאָנ'ס בוך איז ווי מען זאָגט אין טעאַטער־לשון אַ „בולבע". ער האָט געמיינט זאָגן עפּעס אַנדערש. דער לעגענדאַרישער, באַרימטער טעאַטער־בולבעניק, האָניקמאַן, האָט אַמאָל געדאַרפט אַנאָנסירן צום עולם אין טעאַטער, אַז קומענדיקע וואָך וועט מען שפּילן „דער מאַן מיט זיין פּאַרט־פעל," האָט ער געזאָגט: „קומענדיקע וואָך וועט מען שפּילן 'דער מאַן מיט אַ פּאָר תפילין'."

קדחת איז נישט קיין קרענק, אַ טשעק־בוך איז נישט קיין ליטעראַרישע שאַפונג און אַ בולבע איז נישט קיין געשיכטע.



אַ שד'לעכער לץ, כאָטש אינגאַנצן אָן הערנער,
דערלאַנגט אייך רויזן בלויז צוליב די דערנער.

# דאָס דערמאָנט מיך

טעאַטער־קונסט איז נישט געבונדן צו איין קאָדעקס. עס זיינען נישט פאַראַן קיין געזעצן וואָס מען מוז אָנווענדן צו יעדער פאָרם פון טעאַטער. עס איז נישטאָ קיין חוק ולא יעבור וועגן רעזשי, שוישפּיל, דראַמאַטורגיע. אין איין צייט קענען טעאַטער־עלעמענטן אויסגענוצט ווערן אינגאַנצן אַנדערש ווי אין אַ צווייטער צייט. אַלץ לאָזט זיך בייטן, אַלץ קען געענדערט ווערן. דאָס וואָס איז שכלדיק און לאָגיש היינט, קען ווערן זינלאָז און לעכערלעך מאָרגן; דאָס וואָס איז דורכשניטלעך היינט, קען מאָרגן ווערן אָנגעזען.

אין סעזאָן 1934-5 בין איך געווען באַטייליקט אין דער טרופּע פון פאָלקס־טעאַטער און מיטגעשפּילט אין סאָפיאַ לעוויטינאַ׳ס „דער אורטייל" און אין בנימין רעסלער׳ס „60 טויזנט גבורים". אין חנא גאָטעספעלד׳ס „מחותנים" האָב איך זיך ניט באַטייליקט.

אין אַ פּראַסטיקן שבת, אַרום 11 אַזייגער אין דער פרי, האָט מיך אויפ־געוועקט יעקב מעסטל, וואָס איז דעמאָלט געווען דער געהילף־רעזשיסער פון דער פאָלקס־טעאַטער־טרופּע מיט יוסף בולאָוו בראש.

„טוט זיך אָן," האָט מעסטל געזאָגט, „מיר דאַרפן שוין צוגיין צום טעאַטער. בולאָוו איז קראַנק און איר מוזט אַריין אין זיין ראָלע אין ׳מחותנים׳."

„פאַרוואָס עפּעס איך?" האָב איך געפרעגט, „פאַראַן נאָך אַנדערע אין דער טרופּע, פאַרוואָס זאָל ניט איינער פון די וואָס שפּילן קלענערע ראָלן, שפּילן בולאָוו׳ס און איך וועל שפּילן די קלענערע ראָל"?

„דאָס וועט ניט טויגן," האָט מעסטל געענטפערט, „דאָס וועט בלויז זיין אַ דאָפּלטע אַרבעט, סיי פאַר יענעם און סיי פאַר אייך. עס איז בעסער צו פאַרטיידיקן איין פראָנט ווי צוויי. אַזוי איז באַשטימט געוואָרן פון דוד הערמאַן און איך דאַרף דורכפירן די שליחות. איר וועט מוזן שפּילן. איר קענט די פּיעסע, איר האָט זי סופלירט ביי די פּראָבן, איר קענט יעדע שטעלונג און די גאַנצע רעזשי."

גייענדיק צום טעאַטער, אַ פיר גאַסן פון מיין וואוינונג, האָב איך אויפגע־זוכט אַנדערע לאָגישע תירוצים וואָס זאָלן מיר העלפן ענדערן דעם באַשלוס, אָבער זיי האָבן נישט געהאַט קיין פּעולה. מיר זיינען ביידע אַריין אין טעאַטער, אַרויף אויף דער בינע און כ׳האָב זיך סוף־כל־סוף אונטערגעגעבן. איך האָב באמת נישט געוואָלט שפּילן די ראָלע, אָבער איך בין אָנגערעגט געוואָרן פון אַ מין גלוסט צו באַווייזן אַז איך קען זיין גוט אין דער ראָלע, און איך האָב געזאָגט: „לאָמיר בלויז דורכגיין די סצענעס פון דער גאַנצער פּיעסע און נאָכדעם וועל איך זיך אַלץ איינחזרן פון יעדן אַקט באַזונדער."

„גוט,“ האָט מעסטל געזאָגט, „שאַפט ניט קיין אַנדערן כאַראַקטער, נאָר שפּילט געגוי ווי בולאָוו האָט געשפּילט. איר זאָלט מיר מוחל זיין פאַר דעם וואָרט, 'אימיטירט', עס איז ניט פאַראַן קיין צייט ביז צום אָנהויב.“

נאָכן איבערלייענען יעדע סצענע בין איך אַריין אין בולאָוו'ס גאַרדעראָב־צימער, זיך איבערגעטאָן אין זיינע מלבושים, זיך גרימירט, אָנגעטאָן זיין פּאַרוק, וואָנצעס און קאָזע־בערדל. אין דער זעלביקער צייט האָט מעסטל מיר געהאָלפן מיט רעפּליקן פון מיינע דיאַלאָגן אין דער קאָמעדיע, און איך האָב איינגעחזרט יעדע שורה עטלעכע מאָל.

„מחותנים“, אַ קאָמעדיע אין דריי אַקטן פון חנא גאָטעספעלד, איז רעזשיסירט געוואָרן פון דוד הערמאַן. יעקב מעסטל איז געווען דער געהילף־רעזשיסער. דער שבת איז שוין געווען אין דער פינפטער וואָך פון שפּילן. חנא גאָטעספעלד פלעגט קומען צו יעדער פאָרשטעלונג, כדי צו באַזאָרגן מיט בילעטן די געסט וואָס ער פלעגט איינלאַדן זיי זאָלן זען דאָס שפּילן פון זיין קאָמעדיע. דוד הערמאַן האָט נישט געהאַט אַרויסגעוויזן קיין גאונות מיט זיין רעזשי פון „מחותנים“, די סאַטירע וועגן דער צעשפּאַלטנקייט פון אַן אַמעריקאַנער־יידישער משפחה אין גראַנגל איבער פּאָליטישע חלוקי־דעות און מיט אַ „ראָמעאָ און יוליעט“ קאָמפּליקאַציע, איז נישט געווען זיין „מעטיע“. דער אַמעריקאַנער־יידישער אידיאָם איז פאַר אים געווען אַ פרעמדע טעריטאָריע און ווייט אַוועק פון דער סביבה פון ש. אַנ־סקי'ס „דער דיבוק“, אָדער י. ל. פּרץ'ס „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק“, וואָס זיינען אים געווען אַזוי נאָענט. ער האָט געלאָזט די שוישפּילער אַרומבלאָנדזשען ביז זיי האָבן זיך אַליין אויסגעפורעמט געשטאַלטן. בלויז די אינטואיציע פון די אַקטיאָרן האָט געשאַפן אַ טאָלק אין דעם מישמאַש פון דער האַנדלונג.

שלום אַש האָט נאָך קיינמאָל פריער ניט געהאַט געזען יוסף בולאָוו'ן שפּילן, האָט ער גראָד דעם שבת בייטאָג אויסגעקליבן צו קומען אין טעאַטער. גאָטעספעלד האָט נישט געוואוסט פון דער ענדערונג אויף דער בינע.

מען האָט אינגאַנצן פאַרשוויגן מיין אויפטריט, ווי עס איז געווייגלעך דער מנהג אין טעאַטער. ביים עולם איז געווען אַן איינדרוק, אַז יוסף בולאָוו שפּילט. איך האָב זיך נישט אָפּגעקערט פון זיין שטייגער, וואָרט נאָך וואָרט, סצענע נאָך סצענע, זיינע זשעסטן און באַוועגונגען, זיינע תנועות און גרימאַסן, זיין דרייען מיטן שטעקעלע, און דער עולם האָט מיר אַפּלאָדירט נאָך יעדער סצענע און ביי יעדן אַרויפקומען און אָפּגיין פון דער בינע.

מיין אַרבעט אין טעאַטער האָב איך תמיד גענומען מיט אַ סך ערנסט. איך בין געווען אויסגעהיט פון ציניזם, כאָטש אין געוויסע צייטן בין איך געווען געוואָגט, אָבער איך האָב קיינמאָל נישט גענוצט קיין עלנבויגנס, אָדער חניפה און איך האָב תמיד דערוואַרט פון אַנדערע דיזעלבע באַציאונג. יעקב

מעסטל'ס צוטרוי איז מיר שטאַרק געווען צום האַרצן און איך האָב נאָך דער פאָרשטעלונג אים געדאַנקט פאַר זיין בטחון אין מיר.

אויסגענומען ביים ערשטן אויפטריט, איז געבליבן אַז איך זאָל אויך שפּילן די ראָלע אין אָוונט און אַזוי לאַנג ביז בולאָוו וועט געזונט ווערן. איך בין אַריינגעגאַנגען אין „קאַפע ראַיאַל", וואָס איז געווען קעגנאיבער דעם טעאַטער, עפּעס עסן, מחמת איך האָב נאָך גאָרנישט טועם געווען דעם גאַנצן טאָג. ביים אַריינגאַנג אין קאַפע האָט מיך גאָטעספעלד אָפּגעשטעלט. ער האָט מיר געדאַנקט פאַרן אופן ווי איך האָב געשפּילט בולאָוו'ס ראָלע, און מיך צוגעפירט צום טיש וואו שלום אַש איז געזעסן און מיך פאָרגעשטעלט בזה הלשון: „דאָס איז דער אַקטיאָר וועמען איר האָט געזען אין דער ראָלע וואָס יוסף בולאָוו שפּילט."

שלום אַש האָט מיר געגעבן שלום און געזאָגט: „איך האָב שטאַרק הנאה געהאַט פון אייער שפּילן. איר האָט מיר באַוויזן, אַז אויך בולאָוו איז אַ גאָר פיינער שוישפּילער. איך גראַטוליר אייך."

צום טיש וואו איך האָב זיך געזעצט זיינען צוגעקומען עטלעכע אַקטיאָרן און מיך באַגריסט מיט קאָפּוליער אָנצוהערעניש. ווען איך האָב אויסגעדריקט אַביסל פאַרדרוס, פאַרוואָס מיין נאָמען איז נישט דערמאָנט געוואָרן פאַר דער פאָרשטעלונג, האָט איינער דערציילט אַן אַנעקדאָט: „איינמאָל האָט מען דעם דיכטער אברהם רייזען איבערגעגעבן, אַז אַ געוויסער פּאַטשקון האָט גענומען רייזענ'ס אַ פּאָעמע און זי אָפּגעדרוקט אויף זיין נאָמען.

„רייזען האָט גוטמוטיק געשמייכלט און געענטפערט: 'עס וואָלט נאָך געקאָנט זיין אַ סך ערגער. ער וואָלט דאָך געקאָנט אַליין אָנשרייבן אַ ליד און זי אָפּדרוקן מיט מיין נאָמען'."

דעם קיבעץ האָב איך ווי געהעריק נישט צעקייעט, נאָר אים אַראָפּגע־שלונגען מיטן לעצטן ביסל קאַווע.

פאַר טעאַטער־מענטשן זיינען אַזעלכע געשעענישן נישט קיין נייעס. זיי געשעען נישט בלויז אין יידישן טעאַטער, נאָר אין יעדן טעאַטער אין דער וועלט. ענגלישע טרופּעס וואָס שפּילן בלויז איין פּיעסע שטעלן אָן „סטענד־אינס", במקום'ס, איבערצונעמען ראָלן פון אַנדערע, אָבער אין רעפּערטואַר־טעאַטערס איז עס פּונקט ווי אין יידישן טעאַטער. אין אַ סך פון די אויפפי־רונגען אין יידישן קונסט־טעאַטער, ווי „יאָשע קאַלב", „די ברידער אשכנזי", „קידוש השם" אאַ"וו, האָבן שוישפּילער אַ סך מאָל פאַרטראַטן אַנדערע און האָבן אַזוי אַרום געשפּילט מער ראָלן. ווען שוואַרץ איז קראַנק געוואָרן און אַ דאָקטאָר האָט אים פאַרבאָטן שפּילן, איז אַנאַטאָל ווינאָגראַדאָוו אַריין אין דער ראָל פון שאַילאָק, פון „שאַילאָק און זיין טאָכטער". ווען מאָריס שוואַרץ האָט איינמאָל נישט געקאָנט פאַרענדיקן זיין שפּילן פון ניעשעווער רבין אין „יאָשע

קאַלב״, האָט משה שטראַסבערג איבערגענומען די ראָל און אים אַזוי טרעפלעך קאָפּירט, אַז בלויז געציילטע אויף דער בינע האָבן דערכאַפּט די ענדערונג. אַזעלכע געוואַגטקייטן ברענגען חשיבות צו דער קאַריערע פון אַקטיאָרן אין יעדן טעאַטער, און אַפילו אויב זיי זיינען נישט קיין גרויסע קינסטלער ווערן זיי געהאַלטן אין דער טרופּע פאַר זייער נוצלעכקייט און ווערן געשאַצט פון קאָלעגן.

.2

אין יאָר 1949, האָט מען געשפּילט „יאָשע קאַלב״ מיט בלויז איין פּראָבע. מיר איז צוגעטיילט געוואָרן די ראָל פון ראש בית־דין, דער קראָקעווער צדיק, אין דער גרויסער משפּט־סצענע. איך ווייס נישט ווי גוט איך האָב געשפּילט, אָבער איך בין געווען גאָר שטאַרק דערהויבן ווען מאָריס שוואַרץ פון איין זייט און איזידאָר קעשיר פון דער צווייטער האָבן מיך געשטעלט אין סאַמע מיטן פון דער בינע, ווען מיר האָבן זיך פאַרנויגט פאַרן עולם. נישט דאָס אַפּלאָדירן



פון עולם, נאָר די חשיבות צו שטיין נעבן די קינסטלער ביים פאַרנויגן זיך האָט מיך בפירוש עקזאַלטירט. איך בין דעמאָלט נישט געווען קיין מיטגליד פון דער טרופּע, נאָר אין דער פאַרוואַלטונג פון יידישן קונסט־טעאַטער. סוף וואָך האָב איך צו מיין געהאַלט געקראָגן אַ צוגאָב פון עטלעכע צענדלינג דאָלאַר און ווידעראַמאָל בין איך געוואָרן איבערצייגט, אַז די לעגענדע וועגן שוואַרצ׳ס אויסנוצן מענטשן איז אַן אומריינע פיקציע.

עס איז מענטשלעך צו וועלן זיין ווינטיק, אָבער עס איז אַ סך ווינטיקער צו זיין מענטשלעך. שוואַרצ׳ס מעלה איז געווען דאָס וואָס ער האָט קיינמאָל ניט פאַרלוירן זיין חוש פאַר הומאָר, סיי ווען ער האָט געהאַט אַ דערפאָלג אָדער אַ דורכפאַל פון אַן אויפפירונג. ווי אין און אַרום דעם טעאַטער איז ער אויך געווען אין זיין פּריוואַטן לעבן, געזעלשאַפטלעך אָדער מיט זיין משפחה, מיט זיינע פריינט און מיט אַקטיאָרן.

פינאַנציעל איז דער יידישער קונסט־טעאַטער זעלטן ווען געווען אַ דערפאָלג, זיבן מאָגערע סעזאָנען האָבן תמיד איינגעשלונגען איין פעטן סעזאָן.

אין סעזאָן 1928־1929 איז אין סיטי־טעאַטער אויף 14טער גאַס אויפגעפירט געוואָרן „קידוש השם״, „סטעמפּעניו״, „גאָט, מענטש און טייוול״, „מאַיאָר נח״, „דער וואָס קריגט פּעטש״ און „אָטעלאָ״. אַלע אויפפירונגען פון קאָלאָסאַלער פּראָפּאָרציע, וואָס האָבן אָפּגעקאָסט אַן אוצר. די גוטע הכנסות פון די ערשטע פיר פּיעסן זיינען אַריינגעבראָכט געוואָרן אין דער לעצטער אויפפירונג. ווען מען איז, צום סוף פון סעזאָן, אַרויסגעפאָרן אויף דער פּראָווינץ ביז קיין לאָס־אַנדזשעלעס, האָבן אַ סך פון די טעג וואָס מ׳האָט ניט געשפּילט בשעת דער נסיעה איינגעשלונגען די קנאַפּע הכנסות. אויך די גרויסע הוצאות פון פאָרן מיט דער גאַנצער טרופּע, וואַגאָנען מיט דעקאָראַציעס און בינע־אַרבעטער איבער אַמעריקע און קאַנאַדע; אויך די באַזונדערע הוצאות פאַר יעדן אַקטיאָר, אַחוץ זיין געהאַלט, האָבן כמעט שטענדיק געשטעלט דעם קונסט־טעאַטער אין אַ פאַרלעגנהייט.

די סעזאָנען אין די צוואַנציקער יאָרן זיינען געווען לאַנגע און געדויערט איבער פערציק וואָכן. די הכנסות אין לאָס־אַנדזשעלעס זיינען געווען שוואַכע און שוין אין דער צווייטער וואָך פון שפּילן דאָרט, האָבן די אַקטיאָרן ניט געקראָגן זייער געהאַלט, האָבן זיי דעריבער באַשלאָסן זיך באַקלאָגן פאַר דעם לעיבאָר־קאָמישאָנער. שוואַרץ און זיין פרוי האָבן זיך געבעטן ביי די אַקטיאָרן צו וואַרטן, ביז זיי וועלן קריגן געלט צוגעשיקט פון ניו־יאָרק, אָבער די אַקטיאָרן האָבן נישט געוואָלט וואַרטן. בערטאַ גערסטין, וואָס איז מיטגעגאַנגען מיט אַלעמען צום קאָמישאָנער, איז אָבער פאַר איר אַוועקגיין צוגעפאָרן צום האָטעל וואו די שוואַרצעס זיינען איינגעשטאַנען, און האָט צו פרוי שוואַרץ איבערגעגעבן אַ קאָנווערט מיט פינף הונדערט דאָלאַר. פרוי גערסטין האָט

זיך סאָלידאַריזירט מיט אירע קאָלעגן, אָבער ווי אַ פריינט פון די שוואַרצעס האָט זי געטאָן איר חוב, כדי צו זיין גערעכט צוביידע צדדים.

אין יאָר 1924 האָט מאָריס שוואַרץ צום ערשטן מאָל געפירט דעם יידישן קונסט־טעאַטער קיין איראָפּע און מיטגענומען די גאַנצע טרופּע, דריי בינע־אַרבעטער, טעכניקער און אַנדערע אָנגעשטעלטע, אויך דעקאָראַציע, קאָס־טיומען, עלעקטרישע דינאַמאָס און איינריכטונגען; הכלל, אַ גאַנצע שיף מיט מטלטלים צו שפּילן אומעטום צוועלף פּיעסן פּונקט ווי אין ניו־יאָרק. זאָלן איראָפּעאישע יידן זעען דעם יידישן קונסט־טעאַטער מיט דעם גאַנצן פּאַרנעם. דער טעאַטער און די טרופּע זיינען אויפגענומען געוואָרן מיט דעם גרעסטן כבוד אין לאָנדאָן, אָבער צו דעם גרויסן דערפאָלג מוז אויך צוגעשריבן ווערן דער קאָלאָסאַלער דלות פון אַלעמען, ווען די טרופּע איז מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער אָנגעקומען קיין פּאַריז. פּערזענלעכע אויסגאַבן, דאָס שיקן געלט צוריק קיין אַמעריקע צו משפּחות, די געלט־וואַלוטעס פון איין לאַנד אין אַ צווייטן, האָבן דערפירט אַז קיינער האָט ניט פאַרמאָגט גענוג געלט פאַר אַ לייטישן מאָלצייט.

בילעטן צו דער ערשטער פאָרשטעלונג פון „טוביה דער מילכיקער" אין פּאַריז זיינען געווען אינגאַנצן אויספאַרקויפט, נאָר די קעשענעס פון די שויּ־שפּילער זיינען געווען אינגאַנצן אויסגעליידיקט. שוואַרץ, באַגלייט פון דער טרופּע און פּערסאָנאַל, איז צוגעגאַנגען צו דער טעאַטער־קאַסע כדי צו באַ־קומען געלט. אַזוי ווי ער האָט ניט געקאָנט קיין פראַנצויזיש און דער קאַסירער האָט ניט געקאָנט קיין יידיש אָדער ענגליש, האָט ער נישט געוואוסט וואָס שוואַרץ וויל.

שוואַרץ האָט אים געוויזן די אַפּישן און בילדער אין דער לאָבי און דער קאַסירער האָט געשמייכלט. אָבער שוואַרץ האָט ניט געוואָלט קיין אָנערקענונג נאָר געלט און גענומען באַווייזן מיט זשעסטן וואָס ער וויל, נאָר עס האָט גאָר־נישט געהאָלפן. די גאַנצע טרופּע האָט זיך צעזעצט אויף די טרעפּן פון דער לאָבי און געלאַכט מיט יאַשטשערקעס. יאָסל קאָטלער, דער מאָלער און דיכ־טער ווערלכער איז געווען אין דער טרופּע, האָט אָנגענומען די פּאָזע פון אַ קעלנער און געפרעגט ביי יעדן וואָס ער וויל עסן. אין שפּאַס האָט יעדער באַשטעלט דאָס טעלערל פון הימל: ווער קאַטשקע ,ווער אינדיק און ווער הון, אַנדערע האָבן געוואָלט סטעיק אָדער פיש. קאָטלער האָט אַלץ כלומרשט פאַר־שריבן און עס האָט אים ניט לאַנג גענומען און יעדן געבראַכט אויפגעמאָלן דאָס וואָס מען האָט געוואָלט. אַפילו אויפגעמאָלענע פלעשער וויין האָט ער געבראַכט, אָבער קיינער איז פון די מאכלים און משקאות ניט באַפרידיקט געוואָרן. אַ מיטליאַריקער מאַן איז פּלוצים אַריין אין דער לאָבי, דערזען די טרופּע און דערקאָנט שוואַרצן און זיך פאַר אים פאַרגעשטעלט, אַז ער איז

אַנטואַן דער קריטיקער פון דעם ליטעראַרישן וואָכן־זשורנאַל „ל׳ענטראַנסי־זשען״. שוואַרץ האָט געזאָגט אויף פראַנצויזיש „אַנשאַנטע״ און נאָכדעם אויף יידיש דערקלערט די סיטואַציע. אַנטואַן האָט גערעדט אַן אויסגעצייכנטן יידיש און אָפטמאָל געשריבן וועגן דער יידישער ליטעראַטור.

אויך מיט אַנטואַנ׳ס אַריינמישן זיך האָט מען גאָרנישט געפועלט ביים קאַסירער, דערפאַר וויל קאַסירערס אין פראַנצויזישע טעאַטערס זיינען רעגי־רונגס־קאָנטראָלאָרן, און זיינען פאַראַנטוואָרטלעך צום שטייער־אַמט און פאַר טאַנטיעמען, אָבער די דעקלאַראַציע האָט קיינעם ניט גוזעטיקט. צום מזל איז אָנגעקומען מאָריס אייזמאַן, דער הויפט פון „מעטראָפּאָליטאַן ביוס״ אין ניו־יאָרק און פריינט פון אַלע אַקטיאָרן — און עס איז געוואָרן אַ שמחה. אַלע זיינען אַריין אין טעקסיס און די מאַטאָרקאַדע איז צוגעפאָרן צו יאָזעפ׳ס רעסטאָראַן און געפּראַוועט אויף אייזמאַנ׳ס חשבון אַ כשרן באַנקעט. שפּעטער איז צוגע־קומען מאַרק שאַגאַל, און נאָכן עסן איז מען אַוועק אין טעאַטער צו דער פּרעמיערע פון „טוביה״ אין פּאַריז. דער עולם האָט געקוואָלן פון קינסטלערישן נחת און דערהויבונג. אַזאַ שטייגער שפּילן יידיש טעאַטער האָט נאָך פּאַריז ניט געזען.

אין שוואַרצ׳ס גאַרדעראָב־צימער, הינטער דער בינע, האָט מאַרק שאַגאַל געדריקט שוואַרצ׳ס האַנט און געזאָגט: „וואָס פאַר אַ ווערט האָבן אַלע מיינע בילדער אין פאַרגלייך מיט אייער ׳טוביה׳! אייער שאַפונג שטייגט העכער ווי אַלע מיינע באַפליגלטע פידל־שפּילנדיקע יידן.״

3.

וויפיל אַקטיאָרן עס זיינען פאַראַן, אַזויפיל טעאָריעס זיינען דאָ וועגן שוישפּיל־קונסט. איינער האָט אַמאָל געזאָגט: „אַקטיאָרן און אידיאָטן ווערן נישט געמאַכט, נאָר געבוירן.״ צי ער איז געווען דער ערשטער אָדער צווייטער, איז שווער צו באַשטימען.

צו זיין אַן אַקטיאָר איז נויטיק אַ סך מזל (אויב דאָס איז מזל) און צו האָבן אַן אייגנאַרטיקן פּערזענלעכן מאַגנעטיזם איז אַן איינגעבוירענע אייגנשאַפט. שטודיע, טעכנישע איבונגען און די בעסטע טעאָריעס און מעטאָדן האָבן ניט דיזעלבע פעולה ווי עס האָט דער אייגענער שטייגער וואָס מען פאַרמאָגט, צוזאַמען מיט דער געהעריקער מאָס איינבילדונג און געוואַגטקייט.

דער דראַמאַטורג דזשיימס מעטיו בערי האָט געזאָגט: „מאַגנעטיזם וואָס געוויסע אַקטיאָרן פאַרמאָגן איז דאָסזעלבע ווי אַ פרויס חן. אויב זי פאַרמאָגט חן דאַרף זי נישט עפּעס אַנדערש און אויב נישט, מיינען אַלע אַנדערע זאַכן גאָר ווייניק.״

אין תוך גענומען, איז יעדע פאָרם פון שוישפּיל־קונסט אַ מין אימיטאַציע. צי מען קאָפּירט איינעם אָדער מען שאַפט אַ קאָמפּאָזיציע פון אַ סך, איז דאָס נישט מער ווי אימיטאַציע, אָבער אַ גוטע קאָמפּאָזיציע ווערט שוין אַריינגע־נומען אין דער בחינה פון קונסט.

דער אמת איז, אַז די גרעסטע צאָל אַקטיאָרן אין יידישן טעאַטער האָבן ניט דורכגעמאַכט קיין אָפיציעלע דראַמאַטישע אַקאַדעמיע, אָבער יעדער האָט געגנוג שטודירט צו ווערן אַ פּראָפעסיאָנאַל. קיינער קען נישט ווערן אַן אַקטיאָר דערפאַר וואָס ער וויל אַזוי, פּונקט ווי קיינער קען נישט ווערן קיין מאָלער, סקולפּטאָר, אָדער מוזיקער, מיטן בלויזן ווילן.



וואָלף מערקור אין גאַרדעראָב־צימער בשעת מאָריס שוואַרץ גרימירט זיך פאַר „שײַלאָק" אין „שײַלאָק און זיין טאָכטער".

אַ סך ערשט־קלאַסיקע שוישפּילער זיינען אַרויס פון דער אַקאַדעמיע אין וועלכער מען האָט נישט געלערנט קיין טעאָריע, היסטאָריע אָדער אַנדערע לימודים, נאָר האָבן אויף דער בינע געלערנט רוטין און די בויטיקע עלעמענטן צו ווערן אַן אַקטיאָר. זייער צאָל קען אויספילן אַ גאַנצע ביבליאָטעק.

איך וועל בלויז דערמאָנען דעם שוישפּילער מיכל ראָזענבערג. ער איז אין יידישן קונסט־טעאַטער געווען אַ סטאַטיסט און זיך באַטייליקט אין מאַסן־סצענעס פון אַ סך אויפפירונגען, און ערשט מיט אַ פיר יאָר שפּעטער, האָט מען אים צוגעטיילט אַ וויכטיקע ראָל, „משה חסיד" אין „יאָשע קאַלב". זיין שפּילן האָט פאַר אים געשאַפן אַן אַנגעזועען אָרט ווי אַן אַקטיאָר.

דער אַקטיאָר, פּונקט ווי יעדער מענטש, איז אויסגעזעצט צו ניט פאָרויס־געזעענע כחות: אַט גייט ער אויף אַ גלייכן וועג און גליטשט זיך אויס; אַמאָל טרעפט, אַז זיין צונג פאַרפּלאָנטערט זיך, ער זאָגט עפּעס און ער שאַפט מיט דעם אַ סיטואַציע פון וועלכער עס קומט אים אָן שווער זיך אַרויסצודרייען. אַן אַקטיאָר אויף דער בינע איז צוגעגליכן צו אַ מענטש, ווי געאיבט אָדער רוטינירט ער זאָל נישט זיין, איז ער קיינמאָל ניט זיכער ווי עס וועט זיין זיין האַנדלונג. ער קען זיין ראָל ווי אַ מזמור, ער ווייסט זיינע מיזאַנסן ווי אַ באַלעט־טענצער... און, פּלוצים, עפּעס אַ זשעסט פון אַן אַנדער אַקטיאָר ביים שפּילן איז קאַפּויער און ער צעלאַכט זיך. ווען דאָס טרעפט זיך, דרייט זיך דער שוישפּילער וואָס לאַכט אָוועק פון עולם, ביז ער געווינט צוריק זיין קאָנטראָל, כדי ווייטער אָנצוגיין מיט שפּילן זיין ראָל.

אויף דער זעקסטער וואָך פון שפּילן „יאָשע קאַלב" האָט געטראָפן, אַז אַקטיאָרן אויף דער בינע זיינען אַריינגעפאַלן אין אַזאַ געלעכטער, אַז עס איז געוואָרן כמעט אוממעגלעך ווייטער אָנצוגיין מיטן שפּילן.

דאָס כסדרדיקע שפּילן איין פּיעסע יעדע נאַכט פון דער וואָך און צוויי אָדער דריי בייטאָגיקע פאָרשטעלונגען ווערט אַ סך מאָל מאָנאָטאָן. ס'ווערט אַ מין רוטין ווי יעדע אַרבעט, אָן שום פערזענלעכער פרייד, אָן שום אינספּיראַציע. אַקטיאָרן ברענגען פרייד און געלעכטער דעם עולם אין טעאַטער, אָבער זיי האָבן ניט קיין געלעגנהייט צו לאַכן פון סצענעס ווי עס טוען די צושויער, אָבער ווען עס טרעפט זיך אַ קאָמישע סיטואַציע, קענען זיי זיך ניט באַהערשן און רעאַגירן אויף דעמזעלבן שטייגער ווי די צושויער אין טעאַטער.

אין אַ סצענע אין „יאָשע קאַלב" אין חסידים־שטיבל פון ניעשעוווער רבין ר' מלך (מאָריס שוואַרץ) זיצן און שטייען חסידים, גבאים, שמשים און געסט און הערן זיך צו צו דרשות. ר' נחומ'טשע, דער יונגער חתן־בחור (לאַזאַר פריד) האָט אַלעמען אָנגעצונדן מיט זיין דרשה פול מיט קבלה־רמזים וועגן דער געטלעכער יצירה פון מענטשן. נעבן אים, אויף זיין כסא־הרבנות, זיצט דער ניעשעוווער צדיק ר' מלך, וואָס נעמט באַווייזן זיין בקיאות וועגן דער וויכטיקייט פון רביים... אַז זיי זיינען געגליכן צו מלכים און דעריבער דאַרף מען זיי געבן היופּנס מיט כבוד און געלט... אין דער דרשה ווענדט זיך שוואַרץ פריער צו איינעם און נאָכדעם צו אַלע אויף אַ האַלב־מגידישן אופן, אַ מין רעטשיטאַטיוו אָן נאָטן... ביי דער פאָרשטעלונג אָבער האָט ר' מלך זיך געווענדט בלויז צו מעכעלע הינעווער (נח נאַכבוש) און מגידעוועט מיט משונה־דיקע, שלשלת'דיקע טענער און פאַנטאַסטישע תנועות, נאָכמאַכנדיק דעם מגידישן שטייגער פון נאַכבושעס שפּילן. די אַרומיקע שוישפּילער איז באַפאַלן אַ היסטעריש געלעכטער. עס איז זיי געווען אַזוי מעגלעך זיך צו באַהערשן און אָפּשטעלן דעם געלעכטער, פּונקט ווי ס'איז מעגלעך אָפּצושטעלן אַ רעגן.

צום גליק זיינען כמעט אַלע געווען אויסגעדרייט מיט די פּלייצעס צום עולם. ר׳ מלך האָט פאַרענדיקט זיין דרשה און דער גבאי ישראל אביגדור (משה זילבערקאַסטן) האָט געדאַרפט אָנהויבן ריידן... אָבער צוליבן לאַכן האָט ער ניט געקענט אַרויסריידן אַ וואָרט. סעקונדן זיינען אַריבער, און אַ סעקונדע אויף דער בינע דויערט אַן אייביקייט... קיינער האָט ניט געקענט ריידן... אָבער מיכל ראָזענבערג האָט געראַטעוועט די לאַגע מיט נעמען ריידן זילבער־קאַסטנ׳ס ווערטער. ער האָט אויסגעשריגן: „איצט, רבותי, לאָמיר אַלע מיט געזאַנג פירן דעם חתן צו דער חופּה, אין כאלוקינו, אין כאדוננו״ אאַ״וו. זיין געוואַגטקייט האָט שטאַרק באַווירקט די שוישפּילער, און די פּיעסע איז ווייטער נאָרמאַל אָנגעגאַנגען. אָבער דער עולם אין טעאַטער האָט ניט געהאַט קיין שום באַגריף פון דעם וואָס איז געשען אויף דער בינע.

קאָמישע עפּיזאָדן געשעען אַ סך מאָל אומגעריכט. ווי איטשע ראָט, אַ שוישפּילער פון טאָראָנטאָ, גיט איבער, איז אין דער דאָרטיקער יידישער קונסט־טרופּע, אין יאָר 1931־32, געווען אַ מנהג צו שפּילן יעדע וואָך אַ נייע פּיעסע. דער רעזשיסער און הויפּט־אַקטיאָר איז געווען יעקב בן־עמי און זיין געהילף — יעקב מעסטל.

ביים שלוס פון יעדער פאָרשטעלונג פלעגט יעקב מעסטל אַרויסקומען אַנאָנסירן די פּיעסע פאַר דער קומענדיקער וואָך. איינמאָל, נאָך דער פאָרשטעלונג פון טאָלסטאָי׳ס „דער לעבעדיקער מת״, איז מעסטל אַרויס פאַר דעם עולם און געזאָגט: „ווי איך הער און זע איז דער היגער אינטע־ליגענטער עולם צופרידן מיט אונדזער קינסטלערישן רעפּערטואַר, מיט די ווערק געשריבן פון די מייסטער פון דער ליטעראַטור: גאָרקי, טאָלסטאָי, אַנדרעיעוו. דעריבער האָט דער קינסטלער בן־עמי און די פאַרוואַלטונג פון טעאַטער באַשלאָסן, אַז די קומענדיקע וואָך וועלן מיר שפּילן דאָסטאָיעווסקי, אין דער איבערזעצונג פון אונדזער שוישפּילער ווינאָגראַדאָוו, ׳דער אידיאָט׳.״

אַפילו אין האַלב־פּראָפעסיאָנעלן טעאַטער טרעפט אַז מען שטיפט אַביסל און מען דערלויבט זיך צו לאַכן. אין דער אויפפירונג פון דער „פאָלקס־בינע״ פון אליהו גילנערס „בעקלעין סענטער״ שפּילט הערש רובין די טראַגישע ראָל פון אַ פאָטער וועמענס טאָכטער גרייט זיך חתונה צו האָבן מיט אַ דייטש. זי שיקט אים אַ בריוו מיט דער טרויעריקער בשורה און ער ברעכט צוזאַמען פון גרויס צער. אויף איין פאָרשטעלונג האָט ער געעפנט דעם בריוו און אַרויס־גענומען אַ לצ׳וואָטע בילד. ער האָט געוואָלט לאַכן, אָבער ווי אַן אַקטיאָר האָט ער געשאַפן אַ טראַגי־קאָמישע סיטואַציע און פאַרענדיקט מיט אַ היסטערישן געלעכטער.

געווען איז עס אין יאַנואַר 1920, אין צווייטן סעזאָן פון יידישן קונסט־טעאַטער, ווען מען האָט געשפּילט „די ווייסע בלום״ פון וואָלפען לעראַי, איז

געשען אַז אַקטיאָרן האָבן אָנגעהויבן לאַכן און זיך נישט געקאָנט באַהערשן.

שפּילנדיק רעפּערטואַר, זיינען אין דער טרופּע געווען אָנגעשטעלט אַקטיאָרן וואָס האָבן זיך נישט באַטייליקט אין יעדן טעאַטער־שפּיל. אין דער פּיעסע „די ווייסע בלום" האָט דער אַקטיאָר מאַרק שווייד זיך נישט באַטייליקט. אברהם טייטעלבוים איז אָבער פּלוצים קראַנק געוואָרן און מאָריס שוואַרץ האָט אין דער לעצטער שעה פאַר דער פאָרשטעלונג, אָן שום פּראָבן, איבערגעגעבן די ראָל צו שווידן.

די האַנדלונג אויף דער בינע האָט זיך אָנגעהויבן מיט די שוישפּילער מוני וויזענפריינד, מאָריס שוואַרץ און אליהו טענענהאָלץ. טענענהאָלץ האָט ניט געוואוסט, אַז מען האָט געביטן די ראָל און ער האָט געוואַרט אויף טייטעלבוים׳ס אויפטריט. שווייד איז אַרויף אויף דער סצענע און אויף זיין פּאַלצעטאָקול געזאָגט: „גוט אָוונט." טענענהאָלץ איז געוואָרן פאַרגאַפּט און האָט זיך צעלאַכט. זיין געלעכטער האָט אָנגעשטעקט מונין און שוואַרצן... מוני האָט זיך ניט געקאָנט באַהערשן און איז אַרונטער פון דער בינע. אין טעאַטער האָט מען גענומען מורמלען און שוואַרץ האָט געוואונקען צום בינע־פאַרוואַלטער, ער זאָל אַראָפּלאָזן דעם פאָרהאַנג.

אין עטלעכע סעקונדן שפּעטער איז שוואַרץ אַרויס פאַר דעם עולם און נאָך לאַכנדיק געזאָגט: „חשובער עולם, אויב עס געפינט זיך צווישן אייך אַ דאָקטאָר, וואָלט איך אים געבעטן צו קומען הינטער דער בינע, דערפאַר וואָס אַן אַקטיאָר איז פּלוצים קראַנק געוואָרן מיט היסטערישן געלעכטער. אָבער זייט רואיק, געלעכטער איז נישט קיין חולאת. ׳לאַכן איז געזונט׳ האָט אונדזער שלום־עליכם געשריבן. אָבער לאַכן איז עפּעס אַ מאָדנע מגפה וואָס שטעקט אָן. עס איז מאָדנע, אַז אין יידישן קונסט־טעאַטער זאָל פאָרקומען אַזאַ געשיכטע, אָבער אַקטיאָרן זיינען ניט קיין מלאכים, ניט קיין ווייסע בלומען, ניט קיין מאַשינען, נאָר מענטשן, און ווי מענטשן רעאַגירן זיי אויף פּאַסירונגען וואָס קומען אומגעריכט. איר זעט דאָ אויף דער בינע אַ בודקע פאַר דעם סופלער. דאָס איז בלויז אַ סימבאָל. דאָ ווערט די בודקע ניט גענוצט. אַלע קינסטלער קענען זייערע ראָלן אויסנווייניק. אָבער אַ מענטש דאַרף דאָרט זיצן, אַזוי פאַרלאַנגט די יוניאָן. געוויינלעך זיצט ער דאָרט און דרימלט, אָבער היינט האָט עפּעס געטראָפן וואָס האָט יעדן אַקטיאָר אויף דער בינע געמאַכט קאָנוואולסירן מיט געלעכטער. ווען טענענהאָלץ האָט פּלוצים אַ קוק געטאָן צום סופלער־קאַסטן האָט ער דאָרט דערזען אַ ווייסע קאַץ זיצט איבער דער פּיעסע און בלעטערט די זייטן. נו, שטעלט זיך פאָר, ווען איר וואָלט געווען אויף דער בינע, ווי אַזוי וואָלט איר געהאַנדלט?" דעם עולם איז די מעשה געפעלן און גענומען לאַכן און אים אַפּלאָדירן. דער פאָרהאַנג איז אַרויפגעצויגן געוואָרן און דער גאַנצער אַקט האָט זיך אָנגעהויבן אויפסניי.

ווי אין דער געשעעניש איז שוואַרץ געווען איינפּאַלעריש. וואָס שייך זיין צוגאַנג צום טעאַטער איז ער תמיד געווען זייער ערנסט און אים געפּירט מיט דער געהעריקער דיסציפּלין, נאָר ער איז יעדע צייט גרייט געווען צו געפּינען געלעגנהייטן פאַר שפּאַס, און צו לאַכן מיט אַנדערע... נישט לאַכן פון אַנדערע, נאָר מיט זיי.

אין די מער ווי צוויי טויזנט פאָרשטעלונגען פון „יאָשע קאַלב" איבער דער וועלט זיינען געשען עפּיזאָדן הינטער די קוליסן און אויף דער בינע, וואָס האָבן אַרויסגערופן געלעכטער. אין דעטראָיט האָט דער פּרעסע־אַגענט, וואָס איז תמיד געפּאָרן פאַרויס צו מאַכן אַלע צוגרייטונגען פאַר דער טרופּע, איינגעאָרדנט מיט אַ מושב־זקנים צוצושטעלן פופצן יידן מיט בערד, פאַר די מאַסן־סצענעס פון „יאָשע קאַלב".

פאַר דער ערשטער פאָרשטעלונג דאָרט, ווי אומעטום, האָט שוואַרץ אַליין באַקוקט די גרימען פון אַלע סטאַטיסטן און זיי אַ סך מאָל אויסגעבעסערט. ער פלעגט ענדערן, אויסגלייכן, פאַרגלעטן. ער האָט נישט געוואוסט וועגן די יידן פון מושב־זקנים. פּלוצים האָט ער דערזען אַ ייד מיט אַ קאַלטענעוואַטער באָרד. ער האָט אים צוגערופן און געזאָגט: „וויי, ווער האָט אייך גרימירט מיט אַזאַ באָרד?" ער האָט גענומען רייסן אַ זשמעניע האָר און דער ייד האָט אָנגעהויבן שרייען: „געוואַלד! רוצח, וואָס טוט איר, וואָס רייסט איר מיין באָרד!?" שוואַרץ איז געוואָרן נשתומם און איינגעזען זיין טעות און זיך גענומען אַנטשולדיקן: „זייט מיר מוחל, איך בעט אייך, אָבער ווי דערלויבט זיך אַ מענטש צו האָבן אַזאַ מין באָרד?"

סטאַטיסטן זיינען אַ סך מאָל געווען אַ פּראָבלעם. אַ צאָל פלעגן נעלם ווערן, און מיט אַ סך מי האָט מען געמוזט אויפזוכן אַנדערע. פאַר איין פאָר־שטעלונג האָט מען גענומען אַ ליליפּוט. צווישן זיבעציק יידן מיט בערד, האָט דער בינע־פאַרוואַלטער געטראַכט, וועט איין איבערגעטאָנענער נידעריקער ייד זיך ניט אָנזען. אָבער אין דער לעצטער סצענע, ביים גרויסן משפט, האָבן אַקטיאָרן דעם קליינעם ייד אַוועקגעזעצט באַלד ביים ערשטן טיש, קעגנאיבער שוואַרצן, ביי דער משפט־סצענע פון „יאָשע קאַלב".

זיצנדיק מיט אַ הויכן ספּאָדיק אויפן קאָפּ האָט דער ליליפּוט אויסגעזען ווי די אַנדערע רבנים. אָבער ביים סאַמע סוף פון דער דראַמאַטישער סצענע שטאַרבט דער ניעשעווער רבי. ער איז די גאַנצע צייט געזעסן קעגנאיבער די רבנים איינגעהילט אין זיין גרויסן טלית. אַלע רבנים ציטערן פּלוצים אויף און שטעלן זיך אויף מיט גרויס דרך ארץ און יראת הכבוד.

דער ליליפּוט האָט זיך אויך אויפגעשטעלט און ער איז שטייענדיק געווען אַ סך נידעריקער ווי ווען ער איז געזעסן. שוואַרץ, ליגנדיק ווי אַ טויטער, האָט דאָס באַמערקט און געשושקעט: שטעלט זיך אויף, זיצט ניט. דער ליליפּוט

האָט זיך אויסגעצויגן אויף די שפּיץ פינגער, אָבער עס האָט ניט געהאָלפן. אַלע רבנים האָבן שטיל אַרויסגעשעפּטשעט: „ברוך דין האמת“ און דער פאַרהאַנג איז געפאַלן.

ערשט נאָכן סוף פון שפּילן, האָט שוואַרץ גענומען זוכן דעם יידן און געלאַכט מיט אַלע אַקטיאָרן פון דעם שפּאַס וואָס מען האָט אים אָפּגעשפּילט. „אַפילו מיט סטאַטיסטן,“ האָט ער באַדויערט, „זיינען פאַראַן שוועריקייטן. איך ווייס נישט פאַרוואָס, אָבער אַלץ קומט אָן אַזוי געמוטשעט שווער. אַמאָל פלעגט אַלץ צוגיין גלאַטיק, פּיין, אַ מחיה!“

„ווען,“ האָט איזידאָר קעשיר אים געפרעגט, „ווען איז דאָס געווען?“

„ווען?“ האָט שוואַרץ איבערגעפרעגט, „וואָס הייסט ווען? קיינמאָל נישט!“

.4

דער חוש צו פילן איז אַ נאַטור־געשאַנק און איז נישט דער פּועל־יוצא פון שכל. מען דאַרף נישט דורכגיין קיין אוניווערסיטעטן צו קריגן אַן אַטעס־טאַט אויף אינסטינקט, אויף געפיל, אויף אַ חוש צו וויסן וואָס איז שיין און וואָס נישט. פונקט ווי מען קען נישט אויסלערנען אַ קאָליר־בלינדן מענטשן דעם באַגריף פון פאַרבן, אַזוי קען מען נישט אַנטוויקלען דעם חוש פאַר שיינקייט און עכטקייט אַפילו מיט דער העכסטער בילדונג — און פאַרקערט. חוש, געפיל און אינסטינקט, מיט זיי ווערט מען געבוירן.

מאָריס שוואַרץ האָט פאַרמאָגט אָט־דעם חוש נאָך פאַרן דורכמאַכן די אַקאַדעמיע פון זיין יידישן קונסט־טעאַטער. אינסטינקטיוו האָט ער דערפילט, אַז דער טעאַטער אין וועלכן ער האָט אַרומגעבלאָנדזשעט אין אָנהויב פון זיין קאַריערע ביז צום יאָר 1918, איז נישט וואָס ער האָט באמת געוואָלט. מען קען זיך אויסצייכענען אַפילו אין שאַבלאָנע ראָלן פון די באַרישסטע מעלאָ־דראַמעס אָדער אָפּערעטעס, מען קען זיך אָנזעטיקן מיט אַפּלאָדיסמענטן און שבחים פון עולם וואָס ווייסט נישט בעסער, אָבער אַן אַקטיאָר דאַרף האָבן העכערע פאַרלאַנגען, גייסטיקע כוונות. דער טעאַטער דאַרף ווערן דער אידעאַל. דער טעמפּל פון וואָרט, דאַרף ברענגען צום אויסדרוק די שאַפונגען פון דראַ־מאַטורגן און קאָמפּאָזיטאָרן, דאַרף פאַראייניקן די קונסט פון מאָלעריי, טאַנץ, ליכט, גרים, מוזיק און וואָרט; דאַרף אַרויסברענגען די פּאָעזיע און דעם אמת פון לעבן, די טיפקייטן פון טראַגישע און קאָמישע עלעמענטן געשאַפן פון דיכטער און שריפטשטעלער, און זיי דאַרפן באַשטראַלט ווערן פון אַלע אַנדערע קונסטן. זיי דאַרפן געבן דעם שוישפּילער אַ מעגלעכקייט זיך איינצולעבן, זיך אויסלעבן אויף דער בינע און אַזוי אַרום באַשאַפן די קינסטלערישע אייניקייט, טעאַטער.

מאָריס שוואַרץ איז שוין געהאַט געווען אָנגעזען נאָך איידער ער האָט זיך אונטערגענומען צו שאַפן אַן אייגענעם טעאַטער. יעדע ראָל וואָס ער האָט געשפּילט, אַפילו די כמעט שטומע ראָל אין „יעדערמאַן”, האָט אָפּגעהילכט מיט אַן עכאָ אין דער יידישער גאַס, אין דער יידישער פּרעסע. אין יענער צייט פון געטער און דעמי־געטער פון דער יידישער בינע, קעסלער און אַדלער, מאָשקאָוויץ און מאָריסאָן, קאַליש און ליפּצין, האָט מאָריס שוואַרצ׳ס נאָמען אָפט זיך באַוויזן אין יידישע צייטונגען און זשורנאַלן און דאָס האָט גורם געווען אַז דער עולם האָט אים אָנערקענט נאָך פריער ווי די פּראָפעסיע, וואָס האָט אים באַטראַכט ווי אַ קאָנקורענט, ווען מען דאַרף אונטערשטעלן אַ פיסל. כמעט דורך זיין גאַנצער שאַפונג־פּעריאָדע איז דער קאַפּריז־מאַקיאַוועלישער מיטל געניצט געוואָרן קעגן אים. ווי מיט דער שאלה וועגן וואָס איז געקומען צום ערשט „דאָס איי אָדער די הון?” ווער איז געווען דער ערשטער צו שאַפן דעם יידישן קונסט־טעאַטער? וויכטיקער איז דער פאַקט, ווער האָט אים אָנגע־האַלטן כמעט פופציק יאָר אונטער פאַרשידענע אומשטענדן?

ווי דער געבונדענער פּראָמעטעאוס האָט ער געקעמפט קעגן די שונד־און שאַנד־פּרינציפּן, קעגן טשעפּוכאַ, קעגן שאַבלאָן, קעגן איינגעבירגערטע טראַדיציעס, קעגן אַפּאַטיע און גלייכגילט פון אַן אומדערצויגענעם עולם, קעגן די וועמענס טאַלאַנט האָט בלויז געהאַט אַ גלייכן אין זייער געשמאַק אוןביידע אויף אַ זייער שפּלדיקער מדרגה.

אין יאָר 1922, ביי דער אויפפירונג פון שלום אַש׳ס „דער טויטער מענטש”, אין סאַמע מיטן פון ערשטן אַקט, האָט ער דערהערט אַ גערויש פון עולם אין טעאַטער און דערזען אין דער ערשטער ריי אַ פּאָר־פאָלק וואָס האָבן אַרויסגענומען פון פּאַפּירענע זעקעלעך סענדוויטשעס און זיי געגעסן מיט אַפּעטיט. שוואַרץ האָט אָפּגעשטעלט דאָס שפּילן און זיך געווענדט צו די עסערס מיט אָט־דער בקשה: „איר וועט מיר אַנטשולדיקן, וואָס איך שלאָג אייך איבער דאָס עסן, דאָ איז אַ טעאַטער און איר דאַרפט זיין אין אַ רעסטאָראַן. איר האָט זיכער געמאַכט אַ טעות און פאַרבלאָנדזשעט אַהער. זייט אַזוי גוט און גייט צו צו דער קאַסע און פאַרלאַנגט אייער געלט צוריק און מיר וועלן איינער דעם אַנדערן מער נישט שטערן.” פאַרשטייט זיך, אַז דאָס פּאָר־פאָלק איז אַוועק און די פּיעסע איז ווייטער געשפּילט געוואָרן. נאָך דער פאָרשטעלונג האָט שוואַרץ געשפּאַסט וועגן דעם אינצידענט און געזאָגט: „אפשר וואָלט איך זיי געוועזן געדאַרפט אָנבאָטן זאַלץ און פעפער און ווינטשן זיי אַ גוטן אַפּעטיט!”

צו נעמען אַ משל פון צוויי ניט־געהובליעוועטע יידן וואָלט געווען אַ גרויסע עוולה קעגן עולם פון טעאַטער־באַזוכער. אינטעליגענטע אָרגאַניזאַציעס וואָס האָבן איינגעאָרדנט בענעפיט־אונטערנעמונגען אין יידישן קונסט־טעאַ־טער, האָבן נישט תמיד פאַרמאָגט טעאַטער־גייער מיט דערזעלבער מאָס

אינטעליגענץ. אויף אַ בענעפיט־פאָרשטעלונג פון „שבתי צבי״, אין צווייטן אַקט, ביי דער פּאַטעטיש־ראָמאַנטישער סצענע צווישן שבתי־צבי (מאָריס שוואַרץ) און זיין באַשערטע שרה (בערטאַ גערסטין), אַ סצענע פון ליידנשאַפט און קדושה, האָט שבתי־צבי אַ געראַנגל מיט זיין זינדיקן גוף. ער וויל נישט אומקומען ווי אַ פּראָסטער בשר־ודם, דערפאַר וואָס ער איז משיח. ער פּייניקט מיט ריטער זיין לייב, ער בעט גאָט ער זאָל אים פּאַרהיטן פון נכשל ווערן... פּונקט דעמאָלט האָבן זיך פיר יונגע ציניקער צעלאַכט. דער עולם אין טעאַטער האָט געשושקעט זיי זאָלן שווייגן. דער אומרו פון עולם האָט שוואַרצן אַרויס־געבראַכט סיי פון געדולד און סיי פון זיין כאַראַקטער.

ער איז צוגעגאַנגען צום פּראָנט פון דער בינע און געזאָגט: „איך בעט דעם עולם מיר אַנטשולדיקן וואָס איך מוז איצט אַרויס פון מיין ראָל, אָבער איך גלויב אַז ס׳איז נויטיק, כדי אָפּצושטעלן די וואַנדאַלן וואָס שטערן אייך און מיר. אפשר פאַרמאָגן זיי נישט די אינטעליגענץ, האָבן נישט דעם היסטאָ־



מאָריס שוואַרץ און וואָלף מערקור

רישן באַגריף פון דער האַנדלונג. זייער אומגעלומפּערטער ציניקער געלעכ־טער באַווייזט, אַז זיי געפינען זיך ניט אין זייער מין טעאַטער. דאָ איז נישט קיין בורלעסק. איך בעט דעריבער, אַז זיי זאָלן פאַרלאָזן דעם טעאַטער און צוריקקריגן זייער געלט. מיר ווילן נישט אַזעלכע באַשעפענישן אין יידישן קונסט־טעאַטער.״ פאַרשעמטע האָבן זיך די פיר ציניקער אַרויסגערוקט פון טעאַטער. דער עולם האָט מיט אַן אַפּלאָדיז באַשטעטיקט אַז זיי זיינען מסכים מיט שוואַרצן.

.5

אַ סך מאָל האָב איך מיט שוואַרצן געשמועסט וועגן טעאַטער, רעזשי, שוישפּילער, און איך האָב זיינע געדאַנקען פאַרצייכנט:

„אַ היפּשע צאָל אַקטיאָרן באַדויערן וואָס זיי דאַרפן שפּילן יעדן טאָג. נאָכט נאָך נאָכט דעמזעלבן שפּיל ווי בעכטן אָדער אייערנעכטן, ווי לעצטע וואָך; דיזעלבע פּראָזע, דיזעלבע לידער, דיזעלבע טענץ, ווי בייטאָג ווי אין לעצטן חודש; אַז דער אופן איז נישט קיין אָנרעג פאַר דעם שוישפּילער צו שאַפן. מיר העלפט דאָס אויך נישט צו שאַפן אַ האַרמאָניע אין מיין דרייפאַכער עובדא פון אַקטיאָר־רעזשיסער און דירעקטאָר. זיי זיינען גאָר אַ סך מאָל קידער־ווידער מיט זייערע באַזונדערע אַמביציעס. דער דירעקטאָר ווייסט די פינאַנ־ציעלע לאַגע און מוז באַקעמפן דעם באַגער פון רעזשיסער צו דערגרייכן די שטערן פון הימל און זיך גאָרנישט רעכענען מיט די הוצאות. ער וויל נישט וויסן וויפיל עס קאָסט — די שכירות, דעקאָראַציעס, טאַנטיעמען, מוזיק, גאַר־דעראָב אאַ״וו. ער וויל אַרויסברענגען פּערפעקציע און שפּאָרט נישט קיין געלט, מי, צייט. די גענעראַל־פּראָבע פון ׳יאָשע קאַלב׳ האָט געדויערט אומאונטער־בראָכן 48 שעה; די לעצטע גענעראַל־פּראָבע פון ׳די כעלעמער חכמים׳ האָט געדויערט 72 שעה.

„אַ דירעקטאָר וויל, אַז די פּיעסע זאָל געשפּילט ווערן אַ גאַנצן סעזאָן. דאָס איז אַ ברכה פאַר דעם טעאַטער, נאָר אַ קללה פאַר דעם אַקטיאָר. כאָטש ער געניסט אויך פון דערפאָלג. אין אַזוינע פלעגמאַטישע אומשטענדן טרעפט אַז מען פאַרגעסט זיך און טאַקע דערפאַר וואָס מען פאַרמאָגט אַ חוש פאַר הומאָר, ווערט מען אַמאָל נכשל מיט אַלע שוואַכקייטן ווי יעדער בשר־ודם, מען כאַפּט אַ לאַך. ס׳טרעפט מען ווערט אַנטוישט אין עולם וואָס לאַכט ווען מען דאַרף ניט, אָדער פון אַן עולם וואָס זיצט ׳אויף די הענט׳ און אַפּלאָדירט ניט, אָדער אַפּלאָדירט אין סאַמע מיטן און שלאָגט איבער דאָס שפּילן. מיט יאָרן צוריק האָט מען אין משך פון יעדן סעזאָן געשפּילט פון צען ביז צוואַנציק פּיעסן. היינט איז דאָס בכלל נישט מעגלעך צוליב די גרויסע הוצאות. אַ רעפּערטואַר־טעאַטער איז אין דער היינטיקער צייט כמעט אוממעגלעך. דאָס

כסדרדיקע שפּילן און כסדרדיקע פּראָבן, די דעקאָראַציעס וואָס מוזן געענ־דערט ווערן — דער פאַרמעגן פון אַ מולטי־מיליאָנער אַפּילו איז צו קליין דאָס אַלץ צו דעקן. אונטער אַזעלכע אומשטענדן פאַרדינען בינע־אַרבעטער פינף מאָל מער ווי די בעסטע אַקטיאָרן. אַקטיאָרן קריגן בלויז זייער געהאַלט און גאָרנישט מער, אָבער מוזיקער דאַרף מען באַצאָלן פאַר יעדער פּראָבע און בינע־אַרבעטער פאַר יעדער שעה באַזונדער. הכלל, עס איז נישט גוט פאַר דעם קינסטלער און נאָך ערגער פאַר דעם טעאַטער.

„ווי אַ רעזשיסער בין איך תמיד אויף דער וואַך צו זען די אַקטיאָרן זאָלן ניט אַריינפאַלן אין אַ גלייכגילט, אַז דאָס שפּילן זאָל אַנגיין מיט דעמזעלבן ברען ווי עס איז געווען אין אָנהויב און נישט אַרונטערפאַלן, זיי צוריק אַריינצופירן אין אַן התלהבות׳דיקער שטימונג. אַ דאָקטאָר טאָר נישט פרעגן דעם חולה פאַר אַ רפואה; אַ רעזשיסער איז דער דאָקטאָר און ער מוז כסדר מאַכן דעם דיאַגנאָז. ער מוז קענען זיינע שוישפּילער און זייער פּאַטענץ. ווי אַ גוטער שאַך־שפּילער זוכט תמיד גוטע מיטשפּילער, אַזוי האָב איך תמיד צוגעצויגן די בעסטע קינסטלערישע כחות און ציניקער האָב איך אויסגעמיטן. מחמת קינסטלער וואָס זיינען מבטל זייער קונסט זיינען זיך אַליין מבטל. כאָטש איך פלעג וויכן פון אַזעלכע וואָס האָבן געהאַט פליי אין דער נאָז, סנאָבס, האָב איך ווי אַ רעזשיסער משיג געווען, אַז אַ קינסטלער מעג פאַרמאָגן אין זיך צוואָנציק פּראָצענט מער שטאָלץ איידער פינף פּראָצענט וויניקער.“

שוואַרצ׳ס רעזשיסאָרישער באַנעם איז אין תוך מערסטנס געווען אַן אינטואיטיווער. ער האָט דעם שטייגער ניט געלערנט אין אַקאַדעמישע קורסן; אין זיין משפּחה זיינען ניט געווען שוישפּילער. זיין טעאַטער־חדר איז געווען די גאַליאָרקע פון יידישע טעאַטערס.

מיט אַלע רמ״ח אברים האָט ער איינגעזאַפּט אַלץ וואָס ער האָט געזען און געהערט און געפילט. ער איז אויפגעקומען אין אַ צייט ווען יעקב גאָרדין איז געווען הויכע ליטעראַטור, כאָטש מען האָט אויך אַריינגעבראַכט קלאַסיקער פון טעאַטער. גאָרדין איז זיכער געווען הויכע ליטעראַטור אין אַ סביבה וואָס האָט מעלאָדראַמאַטעוועט, געהאַפּקעט אומעסטעטיש און געזונגען באַנאַלע ליד־לעך אָדער מוסר־לידער מיט מאָראַלישע פאַטשעווקעס; ווען דער קאָמישער אינטערלוד אין די פּיעסן איז געווען נאַאיוו און אינפאַנטיל, ביט אַ סך העכער ווי דער אינהאַלט פון די פּיעסן, צוגעשניטן און פאַסטריגעוועט פון שונד־און שאַנד־פּאַטשקונעס.

שוין אין יענער צייט האָט ער געוואָלט זיך ראַטעווען פון דער קאַלוזשע. צו זיינע ערן־אָוונטן האָט ער אויסגעקליבן ווערק פון דער דראַמאַטישער ליטעראַטור. אין יאָר 1916 האָט ער, אונטער דער רעזשי פון מאָריס מאָריסאָן, געשפּילט אָסוואַלד, אין ה. איבסענ׳ס „די גייסטער“. אין 1917 איז ער אויפ־

געטראָטן אין פּשיבישעווסקי׳ס „דער טאַנץ פון ליבע און טויט״ און אין מערץ, 1918, ווי מעפיסטאָ אין געטהע׳ס „פאַוסט״.

אויב זיינע ערשטע שריט אין 1918 זיינען ניט געווען קיין זיכערע, האָט ער אָבער געוואוסט אויף וועלכן דרך ער וויל גיין. דאָס קלויבן פון פּיעסן צו זיינע ערן־אָוונטן איז ניט געווען גלאַט אַ קאַפּריז, נאָר אַ באַגער זיך צו באַווייזן אין ראָלן צו וועלכע אַ שוישפּילער דאַרף צוטראָגן זיין אייגענע אויפפאַסונג, זיינע אויסטייטשונגען.

נאָך אין אַנדערע טעאַטערס האָט ער געהאַט די געלעגנהייט צו רעזשיסירן. דאָס האָט געמיינט איינברעכן אַ כינעזישע וואַנט, זיך ראַנגלען מיט טראַדיציעס. פאַר זיין אייגן געלט האָט ער געקויפט עטלעכע פּראָיעקטאָרן, ניט כדי צו באַלויכטן דעם „סטאַר״, נאָר כדי אַרויסצוברענגען שטימונגען; ניט כדי אָנצוצייכענען די צייט פון דער האַנדלונג, נאָר דורך ליכט אונטערצושטרייכן דעם פּולס פון מענטשלעכע עמאָציעס.

ער האָט אָפּגעשאַפט די קאַלטענעוואַטע בערד, פּאַרטיקע בערד וואָס אַקטיאָרן פלעגן נוצן און פאַרלאַנגט אַז זיי זאָלן זיך קלעפּן בערד צוגעפּאַסט צו זייערע ראָלן, וואָס זאָלן אויסקוקן ווי מענטשלעכע טיילן און ניט ווי פלעקער מיט צוגעטשעפּעטע בעזימס.

ווי אַ רעזשיסער האָט ער באַקעמפט דעם מנהג פון אַקטיאָרן צו ריידן מיטן פּנים געווענדט צום עולם, נאָר אַז זיי זאָלן דורכפירן זייערע סצענעס אויף דער בינע און זיך אַפילו ניט אומקוקן צום עולם, אַפילו אויך נישט ווען זיי ווערן אין מיטן אַ סצענע אַפּלאָדירט. דער אויפגעהויבענער פאָרהאַנג איז די פערטע וואַנט, וואָס שאַפט אַ מחיצה. די וואַנט פאַרשווינדט בלויז ביים לעצטן פאָרהאַנג. אין זיין רעזשי האָט ער נישט גלאַט בלויז איינגעפירט אַ סדר, אַז אַקטיאָרן זאָלן זיך נישט צוזאַמענשטויסן, נאָר אַז אַלץ זאָל האָבן אַ קינסטלערישן ריטם און אַ שכל.

ערשט אין יידישן קונסט־טעאַטער האָט ער אָנגעהויבן אַרויסצורופן אויפמערקזאַמקייט צו די פּרטים אין יעדער אויפפירונג. ער האָט אונטערגענומען צו מאַכן עקספּערימענטן און יעדע נייע אויפפירונג איז געוואָרן פאַר אים אַ נייער אויסדרוק, אַ נייע אַנטפּלעקונג.

זיין טיפע אינטואיטיווע פאַרשטענדעניש האָט מען שוין געקאָנט זען אין זיין רעזשי פון ש. אַנ־סקי׳ס „דער דיבוק״. זיין אויפפירונג איז געווען אַ רעאַליסטישע מיט אַ מיסטישן הינטערגרונד. דער איינציקער סימבאָל איז געווען דער משולח — די מיסטישע געשטאַלט וואָס דער מחבר האָט אַריינגעוועבט אין דער פאָלקלאָריסטישער לעגענדע. אָבער אויך ער האָט גערעדט רעאַליסטיש, מיט בלויז אַ טראַדיציאָנעלער טאָנאַציע אין די משלים. שוואַרץ האָט פאַראייניקט אַלע עלעמענטן פון טעאַטער: דראַמע, מוזיק, קאָליר, ליכט,

קאָסטום און אַלע נויטיקע באַשטאַנדטיילן פון יעדער סביבה ביז צו די קלענסטע פּרטים און שטריכן.

אינגאַנצן אַנדערש ווי וואַכטאַנגאָוו'ס מאַרקסיסטישע סימבאָלן און רמזים פון באַליידיקטע און דערנידעריקטע, אַנדערש ווי די זינגענדיקע שאָטנס פון יידן ווי אין דוד הערמאַנ'ס פאַנטאַסטישער פאַרהערלעכונג, נאָר רעאַלע מענטשן ווי ער האָט זיי געזען אין זיינע דמיונות און ווי ער האָט זיי געזען אין זיין יוגנט, אין סעדילקאָוו, אַ קליין שטעטל אין אוקראַינע.

סיי וואַכטאַנגאָוו'ס און סיי הערמאַנ'ס אויפפירונגען זיינען געווען קינסט־לערישע שאַפונגען; אייגנאַרטיקע אויפפאַסונגען אין די ראַמען פון זייערע גייסטיקע און פּאָליטישע באַגריפן; ביידע טיף־פאַרטראַכטע בינע־קרעאַציעס און זיי דאַרפן בלויז געשאַצט ווערן אין זייערע אייגענע פאָרמען און נישט אַנטקעגנגעשטעלט ווערן ווי פּאַראַלעלן, ווי אַ מאָס.

שוואַרץ איז אויסן געווען אַרויסצוברענגען דאָס אַלט־טראַדיציאָנעלע און געמאָלן אַלץ רעאַליסטיש סיי דעקאָראַטיוו און סיי אין סטיל פון שפּיל. זיין טעאַטער, פון אָנהויב אָן, איז געבויט געוואָרן אויף דיסציפּלין צו וועלכער ער אַליין האָט זיך אונטערגעוואָרפן. ווען פּראָבן זיינען באַשטימט געוואָרן אויף צען אַזייגער אין דער פרי, איז ער שוין געווען אין טעאַטער צען מינוט פאַר צען. קיינער האָט נישט קיין רעכט צו גורם זיין אַז אַלע זאָלן אויף אים וואַרטן און מיט דעם שטערן דעם פּלאַן פון דער רעזשי. אַלץ האָט ער מוחל געווען, אָבער נישט אומפּינקטלעכקייט.

.6

אַ יידישער רעזשיסער איז באמת אַ ר'ש"י־סער, דער וואָס פאַרטייטשט, קאָמענטירט איבער יעדער שורה און אַנטפּלעקט וואָס צווישן די שורות, די נשמה פון דער פּיעסע. שויןביים פאַרלייענען די פּיעסע, האָט ער אָפּגעשפּילט און פאַרגעשטעלט אַלע כאַראַקטערן און מיט דעם געגעבן אַן אָנווייז צו די אַקטיאָרן וואָס ער צילט אַרויסצוברענגען. שוואַרץ איז ניט געווען איינגע'־עקשנ'ט, אַז אַלץ מוז זיין ווי ער פּאַסט אויף. ער האָט דעם שוישפּילער געגעבן די פרייהייט פאַר אַן אייגענעם צוגאַנג און שאַפן זיין אייגענעם באַגריף אין דער ראָל.

יעדער מענטש כמעט, האָט ער געגלויבט, קאָן שפּילן טעאַטער, אָבער עס זיינען אויך פאַראַן אַזעלכע, דווקא פּראָפעסיאָנאַלן ,וואָס זיינען נישט בויגזאַם. זיי קאָנען זיך נישט איבערפורעמען, וויפיל מען זאָל זיך ניט מיען. איינמאָל נאָך אויסבראַקירן דריי מענטשן פון אַ גרופּע, מיט וועלכע ער האָט איינשטו־דירט אַ סצענע, האָט ער דערציילט: „פאַראַן אַזעלכע וואָס ווערן ממש פאַר־פרוירן, ווען זיי קומען אַרויף אויף דער בינע. מיר איז איינמאָל אויסגעקומען

מאַכן פּראָבע מיט אַן אַקטיאָר וואָס האָט געוואָלט שפּילן די ראָל פון ׳ברוך משה׳ אין ׳דעם שמידס טעכטער׳. איך האָב געפּרואווט פאַרשידענע איינפאַלן עפּעס אַרויסצוברענגען, אָבער עס האָט זיך מיר נישט איינגעגעבן. ער איז געווען אַזוי שטייף ווי אַ שטיק האָלץ, ביז ס׳איז מיר איינגעפאַלן אַ וואָרף טאָן צו זיינע פיס אַ האַלבן דאָלאַר.

„ער האָט זיך איינגעבויגן און אויפגעהויבן די מטבע און געפרעגט: ׳מר. שוואַרץ, דאָס באַצאָלט איר מיר פאַר מיין שפּילן?׳

„׳ניין,׳ האָב איך געענטפערט, ׳ס׳האָט נישט די ווערט אַזויפיל. איך האָב בלויז געוואָלט זען צי איר קענט זיך איינבויגן. גיט אַ דענק!׳“

דער קונסט־טעאַטער האָט נישט געהאַט אַזעלכע אומעלאַסטישע אַקטיאָרן דורך אַלע יאָרן פון זיין עקזיסטענץ. שוואַרץ האָט תמיד פאַרגעצויגן אַקטיאָרן מיט וועלכע ער האָט גאָרנישט געהאַט קיין מי אין זיין צוגרייטן אַ פּיעסע. ער האָט נישט געהאַט קיין סך איינזעעניש פאַר מיטלמעסיקייטן אָדער אַפילו טאַלאַנטירטע פלעגמאַטישע שוישפּילער, ווענעמס תירוצים ביי די רעפּעטיציעס זיינען געווען: „ביים שפּילן וועל איך שוין באַווייזן.“

„באַווייזט איצט,“ האָט שוואַרץ געפאָדערט, „איך וויל נישט האַלטן קיין לעקציעס וועגן טעאַטער־שפּיל. איר זענט אַן אַקטיאָר צו וועלכן מען דאַרף אַרויפקוקן, אָבער אַז איר זענט אַזוי פאַרעוועו און פלעגמאַטיש, וואָס קען מען שוין דערוואַרטן פון יינגערע, פון אָנפאַנגער?“

אַ טרופּע אין יענער צייט האָט געמוזט באַשטיין פון אַ באַשטימטער צאָל אַקטיאָרן, און ווען די טרופּע איז נאָך נישט געווען פאַרפולט, האָט די יוניאָן אַריינגעשיקט די איבעריקע פון די איבעריקסטע. אָדער, אויב דער טעאַטער האָט צו דער טרופּע צוגעצויגן יונגע שוישפּילער, וואָס זיינען נישט געווען מיטגלידער אין דער יוניאָן, האָט די יוניאָן זיך גענומען דאָס רעכט צוצושטעלן פונקט אַזאַ צאָל אַקטיאָרן. פאַר אַ יוניאָן איז דאָס לאָגיש, אָבער פאַר דעם קונסט־טעאַטער איז דאָס געווען אַ שווערע משא. אָבער אויך צווישן די „סי־אַ־די׳ס“ האָט שוואַרץ זיך גענומען די מי צו קלויבן וועטעראַנען, מחמת אַפילו אין די מאַסן־סצענעס דאַרף מען אַזוינע וואָס זיינען געאיבטע שוי־שפּילער.

שוואַרץ פלעגט תמיד אונטערזוכן צו זען אַז אַלץ זאָל גיין ווי געהעריק — די קליידער, דעם גרים, די ליכט, ניט נאָר אין אָנהויב פון אַ נייער אויפפירונג, נאָר כסדר צו יעדער פאָרשטעלונג. ער איז תמיד געשטאַנען אויף דער וואַך, כאָטש ער אַליין האָט זיך געדאַרפט צוגרייטן פאַר זיין אייגענער ראָל אין דער שפּיל.

אפשר איז דאָס ניט די עובדא פון אַ רעזשיסער, נאָר טאַקע פון געהילפן און טעכניקער, אַז אַלץ זאָל זיין ווי אויסגעאַרבעט אין דער רעזשי, אָבער

שוואַרץ האָט קיינמאָל ניט אויפגעהערט צו רעזשיסירן. אַ דיריגענט וואָס האָט איינשטודירט מיט זיין אָרקעסטער אַ מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציע, מוז תמיד דיריגירן; אַ רעזשיסער, אַפילו ווען ער שפּילט אַן אינסטרומענט אין זיין אָרקעסטער, איז אין דערזעלבער בחינה ווי דער דיריגענט.

אין דעם זין איז ער געווען אַנדערש ווי די גרויסע רעזשיסערן ביי די אומות העולם. ער איז קיינמאָל ניט געווען צופרידן ווען די קריטיק האָט אים פאַרגליכן צו אַנדערע, דערפאַר וואָס ער איז דורכויס ניט געווען ווי זיי. יענע זיינען געווען פריי פון דער בינע אַזוי שנעל ווי זיי האָבן דורכגעפירט זייער קינסטלערישע אַרבעט. בכלל זיינען פאַרגלייכענישן פאַלש. „יעדער רעזשיסער איז אַנדערש און דאַרף אַנאַליזירט ווערן לויט זיינע פאַרדינסטן און אויפטוען. פּונקט ווי יעדער שרייבער און יעדער מאָלער איז אַנדערש און פאַרגלייכנ־דיק איינעם צו אַ צווייטן איז דער פאַרגליכענער דערנידעריקט. אַז ער האָט נישט קיין אָריגינאַליטעט, אַז ער איז אַן אימיטאַטאָר. איך האָב ניט גערן צו ווערן פאַרגליכן. דאָס איז נישט אַזאַ דערהויבענע מדרגה, ווי ווען אַנדערע ווערן פאַרגליכן צו מיר.“ צוליב זיין מיטשפּילן אין זיינע אויפפירונגען איז אָבער זיין חשיבות קיינמאָל ניט געמינערט געוואָרן, כאָטש עס איז נישט געשאַפן געוואָרן די בויטיקע מחיצה ווי צווישן פעריפאַטעטיקער און זייער פירער .עס איז קיינמאָל נישט געווען קיין דערנידערונג דערפאַר, וואָס אַלע האָבן אים געשטעלט אויף אַ פּעדעסטאַל, אויף דערזעלבער הויך ווי אַ ריינ־האַרד, סטאַניסלאַווסקי, וואַכטאַנגאָוו און אַנדערע.

מיט יעדער נייער אויפפירונג איז שוואַרץ געשטיגן אין פאַרנעם און באַנעם. די דרייפאַכע פּאָזיציע וואָס ער האָט אָנגעהאַלטן האָט אים תמיד אינספּירירט און געשטאַרקט זיך קיינמאָל ניט צו רעכענען מיט הכנסות, כאָטש עס איז געווען קלאָר אַז די הוצאות וועלן זיין אַ סך גרעסער. ווי אַ פּיאַיקער אָרגאַניזאַטאָר האָט ער גוט געוואוסט, אַז די בעסטע חשבונות ווערן צעשוואומען, מחמת קיינער קען קיינמאָל ניט גאַראַנטירן מיט מאַטעמאַטישער פּינקטלעכקייט דעם דערפאָלג פון אַ פּיעסע. ביים אָנהויב פון יידישן קונסט־טעאַטער איז געווען אַ מנהג צו שפּילן פון צען ביז צוואַנציק פּיעסן אין איין סעזאָן, אָבער בלויז זעלטן האָט עס געטראָפן, אַז אַ נייע אויפפירונג האָט געדעקט די פאַרלוסטן פון די פריערדיקע.

טאַקע מיט דעם כח פון אַלע דריי פּאָזיציעס האָט ער תמיד פאַרלאַנגט דאָס בעסטע אין יעדן פּרט: דעקאָראַציעס, קאָסטומען, אויסשטאַטונג, פּראָיעק־טאָרן, עלעקטרישע פּאַרמינערער, דריי־בינעס.

ער האָט תמיד געהאַט די כוונה, אַז די פּיעסן וועלן פאַרבלייבן אין רעפּערטואַר. קיין פּיעסע טאָר ניט באַרויבט ווערן פון די עלעמענטן וואָס זיינען אַזוי בויטיק פאַר איר ווי לופט פאַר אַ באַשעפעניש.

„שבתי צבי“ פון יעזשי זשולאַווסקי, אין דער איבערזעצונג און אַדאַפּטי־רונג פון משה קאַץ און יואל ענטין, האָט אַדאַנק שוואַרצ׳ס רעזשי אַרויסגע־שיינט מיט אַ מאַיעסטעטישער פּראַכט, מיט קינסטלערישן עקסטאַז.

די טייערסטע קאָסטומען זיינען געניית געוואָרן, מאַסיווע דעקאָראַציעס, צוויי „דימערס“, אַ דריי צענדלינג רעפלעקטאָרן צוזאַמען מיט אַן אויסשטאַטונג פון טייערע אָריענטאַלישע מטלטלים; די אינספּירירנדיקע מוזיק געשריבן פון אַלעקסאַנדער אָלשאַנעצקי און די דערהויבענע היסטריאָנישקייט פון די אַרטיסטן און אַפילו די מאַסן־ראַליסטן — האָבן געשאַפן אַ קינסטלערישע איינהייט וואָס האָט דעם עולם אַריינגעפירט אין אַ פאַנטאַסטישער וועלט, וואָס ער האָט געזען אין זיינע דמיונות, אָבער קיינמאָל ניט פריער אין וועלכן ניט איז יידישן טעאַטער.

מער פון אַלץ איז באַוואונדערט געוואָרן די גראַנדיעזע פאַנטאַזיעס פון רעזשיסער, וועמענס סובטעלע קינסטלערישקייט איז געווען אָנמערקבאַר אין יעדער שירה און שורה, אין יעדן וואָרט און אָרט, אין יעדן שריט און טריט, אין יעדער פיגור און שטאַטור, אין יעדן קאָסטום און אומעטום אין דער טיף, ברייט און הויך פון יעדער סביבה. אַ פיר־דימענסיאָנעלע אויפפירונג. דער עולם איז מיטגעריסן געוואָרן. ער האָט זיך געזען אין זיין היסטאָרישן בעכטן ווי אַ ייד, און מיט אומגעצאַמטער התלהבות אַפּלאַדירט די הויכע קינסטלערישע דערגרייכונג. קיינער האָט ניט געפרעגט: „וואו האָט ער דאָס אַלץ געלערנט?“ שוואַרצ׳ס געשטאַלט פון „שבתי צבי“ איז געשטאַנען הויך איבער אַלץ און אַלע־מען. ער איז געווען דערווירטואָז פון זיין אָרקעסטער וואָס ער האָט דיריגירט, וואָס ער האָט רעזשיסירט. ער האָט יעדן דערהויבן צו זיך, צו זיין קינסטלער־רישן ניוואָ. פאַלעמיקער אין דער פרעסע און אין זשורנאַל „טעאַליס“ האָבן געהאַט טענות, אַז די אויפפאַסונג איז נישט יידיש, אַז זיי וואָלטן אַנדערש רעזשיסירט, אָבער ביים עולם איז „שבתי צבי“ געבליבן אַן אוצר פון יידישן קונסט־טעאַטער, פון יידישער טעאַטער־קונסט.

דאָס איז געווען אין סאַמע אָנהויב, נאָר מיט יעדער אויפפירונג איז די רעפּוטאַציע פון יידישן קונסט־טעאַטער געוואַקסן צוזאַמען מיט דעם נאָמען פון גרינדער, רעזשיסער און שוישפּילער. ער איז געשטיגן אויף דעם לייטער פון סעזאָנען.

כאָטש שוואַרץ האָט צוגעצויגן גאַנצע גרופּעס פון אַמאַטאָרן אָנטייל צו נעמען אין די אויפפירונגען, וואָס זיינען אין תוך געווען אַ שולע און קלאַסן פאַר זיי, האָט ער אָבער תמיד אָנגעשטעלט די בעסטע כחות וואָס דער יידישער טעאַטער האָט פאַרמאָגט. עס איז געווען זיין ציל און אַמביציע זיך אַרומצו־רינגלען מיט די פּיאַיקסטע אַרטיסטן און זיי צוזאַמענגיסן מיט די אידעאַליס־

טישע אַמאַטאָרן, צווישן וועלכע ער האָט געפונען אַזוינע פון וועלכע מען קען באַשאַפן נייע שוישפּילער.

.7

אַנדערש ווי וועלכער ניט אַנדערער קונסט־טעאַטער אין דער וועלט, איז דער יידישער קונסט־טעאַטער געווען אַ פּריוואַטע אונטערנעמונג פון אַ יחיד. שוואַרץ האָט טאַקע נישט געלייגט דעם טראָפּ אויף וואָס מען רופט אַן קאַסע, איז אָבער דער טעאַטער געווען אָנגעוויזן אויף אַזוינע באַדינגונגען, וואָס די טעאַטערס געשטיצט פון מעצענאַטן אָדער רעגירונגען, זיינען געווען אויסגע־היט. פאַר דער צוגעצויגענער יוגנט און פון גרופּעס איז די בינע פון יידישן קונסט־טעאַטער געווען די אַקאַדעמיע, און די לערער, די פּראָפעסאָרן זיינען געווען די אַקטיאָרן פון דער טרופּע און די קינסטלערישע געהילפן, די באַלעט־מייסטער, די כאָרעאָגראַפן, וואָס האָבן געלערנט פלאַסטיק און באַוועגונג; די קאָמפּאָזיטאָרן, וואָס האָבן איינשטודירט די געזאַנגען פון זייערע קאָמפּאָזיצעס; די גריממייסטער, וואָס האָבן יעדן געוויזן וואָס און ווי אַזוי זיך צו גרימירן.

עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז שוואַרץ האָט אַ צאָל אַקטיאָרן וואָס זיינען שוין געווען לאַנג אין דער פּראָפעסיע איבערגעשאַפן אַזוי, אַז זיי האָבן זיך אַליין מער ניט דערקענט. זיי זיינען, ווי דאָס טעאַטער־ווערטל זאָגט: „געוואָרן סטאַרס איבערנאַכט,“ זיי זיינען נאָך יאָרן און יאָרן אין דער פּראָפעסיע אַנט־פּלעקט געוואָרן פאַר זיך אַליין און פאַר דעם ברייטן יידישן עולם.

ער האָט פון יעדן אין טעאַטער געפאָדערט צו געבן פולן אויסדרוק צו זיין טאַלאַנט און ער האָט דאָס אויך אַרויסגעקראָגן. ער האָט די פּלוצים־אַנטדעקטע אַקטיאָרן ניט געשאַפן, נאָר זיי געהאָלפן אַרויסברענגען דאָס וואָס ער האָט אין זיין געזען, דאָס וואָס ער האָט פון דערפאַרונג געוואוסט, און וואָס ער האָט אינטואיטיוו געפילט אַז זיי פאַרמאָגן און דעריבער האָט ער זיי צוגעצויגן צו זיין טעאַטער. אַקטיאָרן האָבן געהאַלטן פאַר אַ כבוד צו זיין אין דער טרופּע פון יידישן קונסט־טעאַטער. זייער צאָל איז געווען אַ גרויסע. פון איזידאָר קעשיר ביז אָלאַ שליוקאַ, פון מיכל ראָזענבערג ביז לעאָ פוקס, און אַ צענדליגג אַנדערע. ווער האָט געוואוסט פון שאַרלאָט גאָלדשטיין ביז זי האָט זיך אַנטפּלעקט אין דער ראָל פון „מלכה׳לע“ אין „יאָשע קאַלב“. יידישע טעאַטער־גייער האָבן געקאָנט דעם אָפּערעטישן קאָמיקער לעאָ פוקס, אָבער ער איז ערשט אָנגענומען געוואָרן ווי אַ דראַמאַטישער קינסטלער נאָך זיין אויפטריט אין „דער תהילים־ייד“. מאַרק שווייד איז געווען אָנערקענט ווי אַ דיכטער, אָבער זיין קינסטלערישקייט ווי אַ שוישפּילער האָט אויפגעשיינט אין „שבתי צבי“ און אין „שמאַטעס“. קעשיר האָט יאָרן־לאַנג אַרומגעבלאָנקעט אין מעלאָדראַמעס אין „לעבענסשטיקע“, ווי אַ בינע־פאַרוואַלטער, אָבער אונ־

טער מאָריס שוואַרצן איז ער דערהויבן געוואָרן צו אַן ערשטקלאַסיקן קינסטלער אין „וועלף“, אין „יאָשע קאַלב“ און אין „די פאַמיליע קאַרנאָווסקי“. אומפאַר־געסלעך זיינען די געשטאַלטן וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן פון לאַזאַר פריד (דער מקובל אין „ייד זיס“, אָדער נחום׳טשע אין „יאָשע קאַלב“). אַ סך וואָלט געקאָנט געשריבן ווערן וועגן יודל דובינסקי, יחיאל גאָלדשמיט, גרשון רובין, בערטאַ גערסטין, חנה אַפּעל, יהודית אַבאַרבאַנעל, ציליע אַדלער, ראָזעטאַ ביאַליס, מרים קרעסין, העלען זשעלינסקאַ, משה שטראַסבערג, רבקה וויינטרויב, צבי סקולער, שעפּטל זאַק, מוני סערעבראָוו, גוסטאַוו בערגער, מרים ריסעל, פּנחס שערמאַן, און הונדערטער אַנדערע פון יידישן טעאַטער אין אַמעריקע, אַרגענטינע, פּוילן און ישראל. דער באַגריף „אַ שוואַרץ־קינסטלער“ איז געוואָרן אַ בכבודיקער טיטל.

שוואַרץ האָט תמיד געוואָלט זיין אַרומגערינגלט פון די בעסטע כוחות פון יידישן טעאַטער און ער האָט צוגעצויגן צום קונסט־טעאַטער סעמיועל גאָלדינבורג, בינה אַבראַמאָוויטש, יעקב בן־עמי, לאה ראָזען, בן צבי באַראַטאָוו, לודוויג זאַץ, גערטאַ ראָזען, געניאַ שליט דינה האַלפּערין, העלען בעווערלי, קורט קאַטש, נחום ברינד, יוסף בולאָוו. ער האָט אַפילו עטלעכע פון זיי געבראַכט פון אייראָפּע.

דערפאַר וואָס טעאַטער איז אַ שותפות׳דיקע קונסט, וואָס שליסט איין דראַמאַטורגיע, שוישפּיל, רעזשי, מאַלעריי, מוזיק, טאַנץ, ליכט און קאָסטום, האָט זיך שוואַרץ אַרומגערינגלט מיט די פּראָמינענטסטע שאַפער אין יעדן בראַנזש. מאָלער און טעכניקער זיינען געווען: א. טשערטאָוו, באָריס אַראָנסאָן, ראָבערט וואַן־ראָזען, שמואל אָסטראָווסקי, ד. זאַלצמאַן, שמואל ליעוו, י. פּאַשקאָ, מאַרק לאָווסאָן, זוני מאָוד, יאָסל קאָטלער, דזשיימס ר. האָטשקיס, שאול ראַסקין, ח. ד. קאַנדעל.

קאָמפּאָזיטאָרן: יוסף אהרון, אַלעקסאַנדער אָלשאַנעצקי, שלום סעקונדאַ, לעאָ קוצין, יוסף רומשינסקי, אַרנאָלד פּערלמוטער, פּרץ סאַנדלער, לאַזאַר וויינער, יוסף טשערניאַווסקי.

טענצער און כאָרעאָגראַפער: ליליען שאַפּיראָ, טשאַרלס אַדלער, מישעל פאָקין, בעל דידזשאַ, דייוויד ליסאַן.

ער האָט געגעבן אַנדערע רעזשיסאָרן אַ מעגלעכקייט אויפצופירן בינע־שאַפונגען: ב. גלאַגאָלין „דעם גערטנערס הונט“ פון לאָפּע דע וועגאַ און „אָטעלאָ“ פון וויליאַם שעקספּיר; ריטשאַרד באָלעסלאַווסקי „דער רעוויזאָר“ פון נ. גאָגאָל און „פּעטער דער גרויסער“ פון ד. ס. מערעזשקאָווסקי; לעאָניד סניעגאָוו „די זיבן געהאַנגענע“ פון לעאָניד אַנדרעיעוו און פון דעמזעלבן מחבר האָט אברהם מאָרעווסקי רעזשיסירט „דער וואָס קריגט פּעטש“. יוסף בולאָוו האָט געשטעלט אָסיפּ דימאָו׳ס „דער זינגער פון זיין טרויער“; דוד

ליכט, „דאָס געזאַנג פון דניעפּער" פון זלמן שניאור. יעקב ראָטבוים האָט אויפגעפירט שלום־עליכמ׳ס „סענדער בלאַנק"; יצחק א. סאַמבערג, „מאָטקע גנב" פון שלום אַש. א. ווינאַגראַדאָוו האָט רעזשיסירט א. מ. פאַיקאָ׳ס „דער מאַן מיט זיין פּאַרטפעל". אויך מאַרק שווייד און אברהם טייטעלבוים האָבן דעבוטירט ווי רעזשיסאָרן אין סעזאָנען ווען זיי האָבן געשפילט אין יידישן קונסט־טעאַטער. עס דאַרף דאָ פאַרצייכנט ווערן, אַז דייוויד אַלעקסאַנדער, דער האָליוואודער און טעלעוויזיע־רעזשיסאָר, האָט זיינע ערשטע טריט געמאַכט ווען שוואַרץ האָט אים געשיקט אויף דער פּראָווינץ איינצושטודירן מיט סטאַטיסטן סצענעס פאַר די פּיעסן פון קונסט־טעאַטער.

מיט דער הסכמה פון שריפטשטעלער אָדער זייערע פאַרטרעטער, האָט שוואַרץ דראַמאַטיזירט אַ גרויסע צאָל באַוועלן אָדער דערציילונגען פון שלום־עליכם, שלום אַש, י. י. זינגער, ארי איבן זהב און אַ סך אַנדערע. אַ צאָל פון זיי זיינען געווען זייער דערפאָלגרייך. שוואַרץ האָט איבערגעשאַפן די ווערק פון יידישע טעאַטער־קלאַסיקער, ווי אברהם גאָלדפאַדען („די צוויי קוני־לעמעל", „דאָס צעגטע געבאָט") און יעקב גאָרדין („גאָט, מענטש און טייוול") און ער האָט דערמוטיקט צו שעפערישקייט נייע דראַמאַטורגן: משה נאַדיר, יונה ראָזענפעלד, חנא גאָטעספעלד, ה. לייוויק, הערי סעקלער, בנימין רעסלער, לעאָן טרייסטער און אַ סך אַנדערע, ווי אויך אַרויסגעבראַכט די שאַפונגען פון פּרץ הירשביין, דוד פּינסקי, פּ. בימקאָ, לעאָן קאָברין און יידישע דראַמאַטורגן פון דער ניט־יידישער בינע, ווי ערנסט טאָלער, לעאָן פויכטוואַנגער.

די קריטיק איז מיט זעלטענע אויסנאַמען צוגעגאַנגען מיט אַלטרואיסטישן יושר צו די מיט גרעסטער מי און מיט שווערע קאָסטן געשטעלטע אויפפירונגען. עס איז אמת, אַז ווען אַ טעאַטער ציט אַרויף דעם פאַרהאַנג ביי אַ נייער אויפפירונג ווערן קומען קריטיקער און קאָלומניסטן און שרייבן. קיין דירעקטאָר, רעזשיסאָר אָדער שוישפילער איז נישט גלייכגילטיק צו דעם. מען דערוואַרט תמיד דאָס בעסטע. אָבער מען שלינגט אַראָפּ אַ סך וואָס מען האָט ניט דערוואַרט. שוואַרץ האָט תמיד געהאַט מער אַראָפּצושלינגען ווי ער האָט געקאָנט פאַרטראָגן.

צו זיין דרייפאַכער טעטיקייט איז אויך שטאַרק אונטערגעשטראָכן געוואָרן זיינע דראַמאַטיזאַציעס. אַלץ צוזאַמען איז שאַרף קריטיקירט געוואָרן. ווי אַזוי קען איין מענטש טאָן אַלץ? ביי די אומות העולם ווערן אַזעלכע געניעס דערהויבן, אָבער אין אַ יידישן קונסט־טעאַטער טאָר אַזאַ מין פילזייטיקער טאַלאַנט ניט געדייען. און ווען דער שוישפילער איז געלויבט געוואָרן, זיינען די אַנדערע מעלות דעגראַדירט געוואָרן, און פאַרקערט. איינער אָדער צוויי פון די דריי האָט שלעכט אָפּגעשניטן. אָבער עס איז אַן אַקסיאָם, אַז גוטע קריטיק מיינט נישט דווקא גוטער דערפאָלג, און נישט תמיד ווירקט שלעכטע קריטיק

אָפּצושטעלן דעם עולם וועמען אַן אויפפירונג געפעלט. קיין אויפפירונג איז אַזוי נישט געלויבט געוואָרן ווי „די כעלעמער חכמים״ פון אהרן צייטלין, אָבער די פילאָזאָפישע סאַטירע וועגן מלאך המות אויף וואַקאַציע, אין שטעטל כעלעם, איז נישט געוואָרן אַזוי פּאָלקסטימלעך און פּאָפּולער ווי „יאָשע קאַלב״ וואָס האָט באַקומען אַ סך וויניקער לויב פון דער קריטיק. דאָס ווערטל: „אַ סך קוכער פאַרדאַרבן דעם מאכל״, איז פּונקט אַזוי פאַלש ווי אַז אַ ווערסאַ־טילער טאַלאַנט איז נישט פיאיק צו זיין דערפאָלגרייך אויף אַ סך געביטן.

ניט גרינג איז צו שרייבן וועגן אַ קינסטלער וואָס איז אויך אַ פריינט. די פריינטשאַפט און נאָענטקייט קאָן פאַרפירן און פאַרבלענדן.

ווי אַ כלל האָבן מענטשן גערן לויב, אויך אַפילו די וואָס זאָגן אַז זיי האָבן דאָס ניט ליב. אָבער חניפה? אַז מ׳זאָגט עמעצן אין פּנים עפּעס וואָס מ׳וואָלט ניט געזאָגט הינטער די אויגן, איז מיאוס. ער האָט פיינט געהאַט חניפה. איינמאָל, בשעת די פּראָבן פון אַ טאַנץ אין ד״ר י. ב. ציפּור׳ס „אויפשטאַנד״, האָט אַן אַקטיאָר מיט אַ פּאָר לינקע פיס שטאַרק אונטערגעהונקען. ער איז געווען אַזוי אומגעלומפּערט אויף טאַנצן אַ פּאָלקאַ, אַז שוואַרץ האָט זיך גענומען אים באַווייזן ווי לייכט ס׳איז מאַכן טריט צום ריטם פון דער מוזיק. קיין געוואַלטיקער טענצער איז שוואַרץ ניט געווען, אָבער ער האָט פאַרמאָגט אין זיך גענוג ריטם צו קענען דורכפירן דעם טאַנץ. ווען שוואַרץ האָט פאַרענדיקט דאָס טאַנצן איז איין אַקטריסע אַריינגעפאַלן אין התפעלות און אָנגעהויבן אַפּלאָדירן. שוואַרץ איז געבליבן שטיין ווי אַן אָפּגעשמיסענער. ער האָט געוואוסט אַז ער איז ניט קיין ניזשינסקי און ער האָט זיך געפילט פאַרשעמט פון דער חניפה. ער האָט די שוישפּילערין אָנגעקוקט מיט פאַרוואונדעטע אויגן און זי האָט געפילט ווי איינגעזונקען צו ווערן.

איך בין ניט אויסן צו קאַטאַלאָגירן די אינצידענטן און אויך זיי ניט אָוועקשטעלן אין כראָנאָלאָגישן סדר. איך וויל נאָר פאַרצייכענען געשעענישן אין וועלכע איך דערמאָן זיך, עפּיזאָדן וואָס האָבן אַ שייכות מיט מאָריס שוואַרצן און מיט דעם יידישן קונסט־טעאַטער, וואָס איז סינאָנים מיט זיין נאָמען.

ביים אַרויספאָרן פון ניו־יאָרק אויף דער פּראָווינץ ביים סוף פון יעדן סעזאָן, פלעג איך מאַכן אַלע הכנות אין פאַרשיידענע שטעט. פון בודזשעט פאַר אַנאָנסן ביז באַזאָרגן מיט סטאַטיסטן, ווען נויטיק; אַראַנזשירן די פרייזן פון בילעטן און אַ סך אַנדערע עסקים. דער יידישער קונסט־טעאַטער האָט תמיד מיטגעפירט אַלע מעבל פאַר דער בינע, אַחוץ ווען די פּיעסע איז געווען פון מאָדערנע צייטן. דעמאָלט האָב איך אויך געדאַרפט אויסזוכן אין אַ מעבל־געשעפט וואָס מען דאַרף האָבן.

איינמאָל בין איך אַריינגעפאָרן קיין ניו־היווען צום „שובערט”־טעאַטער און דאָרט געטראָפן אַ יידישע טרופּע פון ניו־יאָרק שפּילן אַ מוזיקאַלישע מעלאָדראַמע.

אין אָפּיס פון דאָרטיקן טעאַטער בין איך געוואָרן דערשטוינט ווען איך האָב געזען ווי ער איז אויסגעליידיקט פון מעבל, וואָס איך האָב אין פריערדיקע סעזאָנען געפונען. אַפילו אין לאָונזש פון טעאַטער איז ניט געווען קיין שום מעבל. ווען איך האָב געפרעגט וועגן דעם דעם אָרטיקן מענעדזשער, האָט ער געשמייכלט און מיך אַריינגעפירט אין טעאַטער און אָנגעוויזן אויף דער בינע: „דאָרט איז די מעבל.”



אַ גרופּע פריינט און דעלעגאַטן פון דער „היברו עקטאָרס יוניאָן” באַגריסן שוואַרצן ביי זיין צוריקקומען פון אַרגענטינע (פון רעכטס צו לינקס): יעקב מעסטל שאַרלאָט גאָלדשטיין, לעאָן ליבגאָלד, יוסף רומשינסקי, טשאַרלס קאָהען, מאָריס שוואַרץ, שלום פּערלמוטער, ראָזעטאַ ביאַליס, עדווין א. רעלקין, יודל דובינסקי, מאַקס טענענבוים און וואָלף מערקור.

בן־צבי באַראַטאָוו, וואָס האָט אַ סך יאָרן געוואוינט אין לאָס־אַנדזשעלעס און זיך באַטייליקט אין פילמען, האָט איינמאָל צוליב קינסטלערישער באַפרידיקונג זיך אונטערגענומען דורכצופירן אַ יידישע פאָרשטעלונג. ער האָט זיך אָנגעשטויסן אויף פאַרשיידענע שוועריקייטן און איינמאָל, בשעת אַ פּראָבע, אויסגעשריגן: „איך בויג מיין קאָפּ פאַר מאָריס שוואַרצן. איך דאַרף בלויז אויפפירן איין שפּיל קומט עס מיר אָן מיט דער גרינער גאַל, אָבער שוואַרץ שפּילט, רעזשיסירט, דירעקטירט, דראַמאַטיזירט שוין יאָרן־לאַנג צענדליקער

פּיעסן, פּירט געשעפטן. ער איז אַ געניע און איך דערמאָן מיט רעספּעקט זיינע פאַרדינסטן.״

אַקטיאָרן און טעאַטראַלן האָבן שוואַרצן פאַרשטאַנען.

**8.**

יידישע און ניט־יידישע אַקטיאָרן אין ניו־יאָרק פלעגן עולה־רגל זיין צום יידישן קונסט־טעאַטער. זיי האָבן געזוכט גייסטיקן נחת און דאָס באַקומען אין דער פּולסטער מאָס. ווען דער מאָסקווער קונסט־טעאַטער איז געווען אויף אַ באַזוך אין אַמעריקע, איז די גאַנצע טרופּע געגאַנגען זען מאָריס שוואַרצ׳ס יידישן קונסט־טעאַטער. סטאַניסלאַווסקי, מאָסקווין און קאַטשאַלאָוו האָבן אויך מיטגעבראַכט אַ קאָלעגע, דעם באַרימטן אָפּעראַ־באַס פעאָדאָר שאַליאַפּין. אין לאָנדאָן, פּאַריז און אין ווין זיינען די דאָרטיקע שוישפּילער געקומען מאַסנווייז. אין לאָנדאָן, ווי עס איז איבערגעגעבן געוואָרן פון וואָלף גאָלדפאַדען, איינער פון דער קונסט־טעאַטער טרופּע, האָט איין קריטיקער געשריבן: „איר, ענגלי־שע אַקטיאָרן, גייט זיך לערנען ביי די יידן ווי מען דאַרף שפּילן טעאַטער.״

דער באַרימטער אַמעריקאַנער שוישפּילער דייוויד וואָרפיעלד האָט געשריבן צו שוואַרצן: „איך מוז אייך קאָמפּלימענטירן פאַר אייער דערהויבענעם און מייסטערהאַפטן שפּילן, אויך אייער טרופּע פון אויסערגעוויינלעכע שפּילער. די פּיעסע און אייער רעזשי איז פּונקט אַזוי פיין און אָנרעגנד ווי די אויפ־פירונגען פון מאָסקווער קונסט־טעאַטער.״

אין לאָס־אַנדזשעלעס זיינען די וויכטיקסטע פילם־קינסטלער געקומען צו די פאָרשטעלונגען. טשאַרלי טשאַפּלין האָט זיך געפילט שטאָלץ צו ווערן פאָטאָגראַפירט צוזאַמען מיט שוישפּילער פון קונסט־טעאַטער און דזשאָן גאַר־פיעלד איז געקומען כמעט צו יעדער פאָרשטעלונג.

רעזשיסאָרן, שוישפּילער, דירעקטאָרן, שריפטשטעלער, וויסנשאַפטלער, ראַבאַיס, די וויכטיקסטע פערזענלעכקייטן פון דער צייט, פאַרשטייער פון נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס האָבן גייסטיק און מאַטעריעל געשטיצט דעם יידישן קונסט־טעאַטער. אָבער פון סעזאָן צו סעזאָן איז דער אויפהאַלט פון קונסט־טעאַטער געוואָרן שווערער. שוואַרץ האָט זיך אָפטמאָל אַרויסגעלאָזן קיין דרום־אַמעריקע און זיינע פאַרדינסטן אַריינגעבראַכט אין ניו־יאָרקער טעאַטער.

אַ סך מאָל האָב איך פאַרבראַכט אין מאָריס שוואַרצ׳ס היים מיט זיין משפּחה. איך געדענק די פרייטיק־צו־נאַכטן וואָס האָבן אויפגעוועקט ביי מיר נאָסטאַלגישע מחשבות פון מיין היים. די ליכט וואָס מאַדאַם שוואַרץ האָט געבענטשט האָבן באַלויכטן דעם שבת געדעקטן טיש. די מענער מיט יאַרמול־קעס אויף די קעפּ האָבן זיך צוגעהערט צום קידוש וואָס שוואַרץ, אָדער זיין

זון מנחם, האָט געמאַכט ; דאָס קבלת־שבת־געזאַנג און זמירות פון זיין טאָכ־טער פייגעלע ; דאָס מיטזינגען פון אַלע אַרום טיש ; די פיינע שבתדיקע מאכלים צוגעגרייט פון פרוי שוואַרץ. קיין שום טעאַטראַלישקייט, קיין גע־קינצלטקייט, נאָר אמתער עונג שבת אין אַ מאָדערנער יידישער באַלעבאַטיש־קייט. אַ סך מאָל טאַקע איז ביי מיר אויפגעקומען אַ געדאַנק, איז דאָס דוד שאַפּיראָ פון „שווער צו זיין אַ ייד״, אָדער טוביה ביים מאַכן הבדלה אין „טוביה דער מילכיקער״ ? ניין, דאָס איז געווען מאָריס שוואַרץ אין זיין אייגענער סביבה, באַלויכטן מיט טראַדיציאָנעלער יידישקייט, מיט יידישער מענטש־לעכקייט. דער עונג שבת פלעגט אָנהאַלטן ביז שפּעט אין אָוונט. פייגעלע האָט געזונגען לידער און ניגונים פון יידישן קונסט־טעאַטער־רעפּערטואַר און פאַרענדיקט האָט מען מיטן געזאַנג „שבת״ פון י. ל. פּרצ׳ס „די גאָלדענע קייט״.



איך האָב געטראַכט וועגן דער דינאַמישער געשטאַלט מאָריס שוואַרץ, זיין כסדרדיקע סמבטיון׳דיקייט און די שבתדיקע מנוחה אין זיין אייגענער היים, וואו ער איז אַרויס פון זיין שטענדיקער ברויזנדיקער ענערגיע. אין אַנדערע טעג, אין זיין היים אָדער אין און אַרום דעם טעאַטער, איז ער געווען ווי אַ וואולקאַן. די בינע, די געשעפטן, דראַמאַטיזירן, זיין קאָרעספּאָנדענץ, זיינע צייטונגס־אַרטיקלען, זיין ביאָגראַפיע וואָס ער האָט געשריבן פאַרן „פאָרווערטס״, זיינע לעקציעס אין טעמפּלען אָדער אין צענטערס, אין יידיש אָדער ענגליש ; זיינע ענטפערס צו שריפטשטעלער וואָס האָבן אים צוגעשיקט זייערע ביכער, וועלכע ער האָט געענטפערט און תמיד צוגעלייגט אַ טשעק.

פון די פילמען אין וועלכע ער האָט געשפּילט האָט ער די פאַרדינטע גרויסע סומעס געלט אַריינגעוואָרפן אין זיינע אויפפירונגען פון יידישן קונסט־טעאַטער. סעזאָנען פון זיין טעאַטער זיינען דערמעגלעכט געוואָרן אַ דאַנק די פילמען „סאַלאָמע", „בוירד אָוו פּאַראַדאַיז", „שקלאַפן פון בבל".

אין יאָר 1938 האָט ער געמאַכט אַ פילם, וואָס איז פאַררעכנט געוואָרן ווי דער בעסטער יידישער פילם, „טוביה". ער האָט געהאָפט, אַז מיט די פאַרדינסטן פון דעם פילם וועט דער קונסט־טעאַטער באַפרייט ווערן פון פינאַנציעלע זאָרגן, אָבער די מלחמה אין 1939, האָט דעם חלום צעשטערט. דער גאַנצער אייראָפּעאישער מאַרק איז חרוב געוואָרן און מען האָט נאָך דערלייגט אַ סך געלט צום פילם.



ער האָט שטאַרק אָפּגעהיט דעם נאָמען פון יידישן קונסט־טעאַטער. ווען דער סעקאָנד עוועניו טעאַטער האָט אים אָנגעבאָטן אַ סומע פון צוועלף הונדערט מיט פופציק דאָלאַר אַ וואָך צו שפּילן אַכט אָדער צען וואָכן און דערביי אויך האָבן די רעכט צוצוציען אויך אַנדערע שוישפּילער צו דער טרופּע פון טעאַטער, האָט ער דעם קאָנטראַקט ניט אָנגענומען. דער פּראָמינענטער „קאָנקאָרד"־האָטעל אין קעטסקילס, האָט אים אָנגעבאָטן טויזנט דאָלאַר צו פּראַווען דאָרט דעם ערשטן סדר, האָט ער דעם אָנבאָט צוריקגעוויזן און ווען ער האָט נאָך אַן אויפטריט אין קליוולאַנד פאַר דעם טעמפּל, אָנגעפירט פון ראַבאַי אבא הלל סילווער, דערהאַלטן אַ טשעק אויף פינף הונדערט דאָלאַר, האָט ער דעם טשעק אונטערגעשריבן און צוריקגעשיקט ווי אַביישטייער פאַר דעם טעמפּל.

דער באַגריף „בעסער טעאַטער" האָט ביי שוואַרצן נישט געמיינט בלויז זיין טעאַטער. ער האָט מאָראַליש און מאַטעריעל געשטיצט די „פאָלקסבינע" און אַפילו דעם „אַרטעף". מחמת ווי אַ נאַציאָנאַלער ייד האָט ער ניט אָנגענומען די פאַרשיידענע מינים פּראָפּאַגאַנדע, כאָטש ער האָט געהאַלטן אַז יעדע פּיעסע פאַרמאָגט טענדענצן, עס שטעלט זיך בלויז די קשיא: פאַרוואָס און פאַר וועמען. „איך דאַרף מיט זיי ניט איינשטימען, אָבער זייער באַגער צו שפּילן גוט טעאַטער דאַרף געשטיצט ווערן. אַ סך פון מיינע אויפפירונגען זיינען געווען פול מיט קלאַסנקאַמף, בין איך דעריבער אַ מאַרקסיסט?" ווען די „פאָלקסבינע" איז אַריבער אין איר אייגענעם טעאַטער איז ער אויפגעטראָטן אויף אַ קאָנצערט און געהאָלפן שאַפן דריי טויזנט דאָלאַר, און אַליין אויך מנדב געווען אַ היפּשע סומע.

יעדער שטענדיקער טעאַטער האָט פּראָבלעמען מיט קריגן נייע פּיעסן. ווען פילמען האָבן אָנגעהויבן קאָנקורירן מיטן טעאַטער האָט דער טעאַטער זיך געזוכט צו ראַטעווען דורך ספּעקטאַקלען פון דראַמאַטיזירטע ראָמאַנען פון דער יידישער ליטעראַטור; און ווען דאָס האָט אויך אָנגעהויבן אויסצופעלן, און די פּרעסע האָט כסדר פאַרלאַנגט אָריגינעלע דראַמאַטישע שאַפונגען פון יידישע שרייבער און דאָס האָט אויך אויסגעפעלט, האָט שוואַרץ אַראַנזשירט מיט דעם פאַרשטייער פון י. ל. פּרץ שרייבער־פאַראיין, ד״ר ל. הענדין, אַ קאָנטעסט פאַר דראַמאַטישע שאַפונגען און טאַקע איינגעלייגט טויזנט דאָלאַר ווי אַן ערשטער פּרייז פאַר דעם אויסגעקליבענעם ווערק. האָט דאָס אויפגעברויזט אַ שטורעם ביי געוויסע שרייבער, מען האָט פּראָטעסטירט אַזוי שאַרף אַז דער טשעק איז צוריקגעשיקט געוואָרן און דער קאָנטעסט איז געוואָרן אויפגעלייזט. חנא גאָטעספעלד איז געווען איינער פון די פאַרביסנסטע פּראָטעסטאַנטן, און ווען ער האָט מיט עטלעכע יאָר שפּעטער כמעט אַליין אָנגעפירט מיט אַ טעאַטער, האָט ער בלויז אויפגעפירט זיינע איבערגעשאַפענע קאָמעדיעס. דער עולם איז געקומען, אַן אינטעליגענטער עולם. זיי האָבן זיך מיט די הענט פאַרשטעלט די מיילער ביים גענעצן.

9.

אין סעזאָן 1956־55 איז אָרגאַניזירט געוואָרן דער געזעלשאַפטלעכער יידישער קונסט־טעאַטער. אַ קאָמיטעט באַשטייענדיק פון מעצענאַטן און פערזענלעכקייטן, פאַרשטייער פון נאַציאָנאַלע און קולטורעלע יידישע אָרגאַניזאַציעס און פון לאַנדסמאַנשאַפטן איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן און פון זיי איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ ליטעראַרישע קאָמיסיע, וואָס האָט געהאַט די דעה צו באַשטימען וואָס עס זאָל געשפּילט ווערן. עס איז אויסגעקליבן געוואָרן לעאָן

טרייסטער׳ס „דער פּאַסטעך־קעניג״. די בעסטע שוישפּילער זיינען צוגעצויגן געוואָרן. ענדלעך איז פון שוואַרצן אַראָפּגענומען געוואָרן די פינאַנציעלע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. ער האָט בלויז געדאַרפט רעזשיסירן און שפּילן.

עס איז אָנגענומען אין דער טעאַטער־פּראַפעסיע, אַז קיינער קען ניט פאָרויסזען קיין דערפאָלג אָדער דורכפאַל. עס איז פאַרשטענדלעך, אַז דער דירעקטאָר, מענעדזשער, רעזשיסאָר אָדער אַקטיאָר איז ניט אויסן דערפירן צו אַ דורכפאַל אין דער אויפפירונג. אָבער אַז עס איז באַשערט אַ טראַגעדיע, קומט זי ווי אַ פּלוצימדיקער מבול. „דער פּאַסטעך־קעניג״, אַ טראַגעדיע, איז געוואָרן אַ טראַגעדיע פאַרן קונסט־טעאַטער. קיינער האָט זיך ניט געריכט אויף אַזאַ פיאַסקאָ. אויך ניט די ליטעראַרישע עקזעקוטיווע, וואָס איז באַשטאַנען פון יעקב פּאַט, ד״ר ש. מאַרגאָשעס, לואיס סיגאַל און ב. כאַנין. אָבער די קריטיק און קאָלומניסטן אין דער פּרעסע האָבן זיך אַ נעם געטאָן צו אַטאַקירן שוואַרצן. אַלע פיילן זיינען געצילט געוואָרן קעגן אים. אָן שום איינזעעניש, אָן שום פאַרשטענדעניש זיינען די אָנגריפן געמאַכט געוואָרן, אַפילו נאָכדעם ווי די פּיעסע איז מערער ניט געשפּילט געוואָרן. שוואַרץ האָט דעמאָלט, כדי צו ראַטעווען דעם סעזאָן, אויפגעפירט אַ באַנייטע ווערסיע פון י. י. זינגער׳ס „די ברידער אַשכנזי״ און ווי אין דער ערשטער אויפפירונג אין יאָר 1937 איז די פּיעסע געווען דערפאָלגרייך און געגעבן דעם קונסט־טעאַטער אַ מעגלעכקייט אַרויסצופאָרן אויף דער פּראָווינץ.

אויך אין מאָנטרעאָל האָט דער דערפאָלג אָנגעהאַלטן, אָבער די פאַרביטערטקייט פון די דערפאַרונגען אין ניו־יאָרק האָט אויך אָנגעהאַלטן. אַפנים, עס איז אמת דאָס ווערטל: „אַ פּאַטש פאַרגייט, אַ וואָרט באַשטייט.״ און אויך, „דאָרט וואו עס איז פאַראַן ווייטיק איז אויך פאַראַן האָפענונג״ און אַז מען זוכט רפואות, ווערט מען עפּעס געפינען. אַזאַ רפואה איז געווען געלעכטער.

מרים קרעסין, וואָס האָט געשפּילט די ראָל פון דינה, שמחה מאיר אַשכנזי׳ס פרוי, האָט לויט אַ פריערדיקן אָפּמאַך געדאַרפט אויפטרעטן אין אַ דינסטיק נאָכמיטאָג אין אַ טעלעוויזיע־פּראָגראַם אין ניו־יאָרק. מאָנטיק נאָך דער פאָרשטעלונג איז זי אַריינגעפלויגן קיין ניו־יאָרק און האָט געזאָלט צוריקקומען דינסטיק אָוונט. פּלוצים איז פאַרשפּרייט געוואָרן אַ קלאַנג, אַז מרים האָט ביים אויסשטייגן פון עראָפּלאַן זיך אויסגעגליטשט, צעבראָכן אַ פוס און איז אַוועקגענומען געוואָרן אין אַ שפּיטאָל. שעפּטל זאַק, ווי דער דעלעגאַט פון דער טרופּע, האָט זיך דורכגעשמועסט מיט שוואַרצן און באַלד נאָכדעם מיט משה שטראַסבערגן, דעם טעכנישן בינע־דירעקטאָר, און מען האָט פון פאַרשיידענע האָטעלן צוזאַמענגערופן די טרופּע, כדי מען זאָל מאַכן פּראָבע און ענדערן די ראָלן. שרה גינגאָלד האָט געשפּילט אַ קליינע ראָל אין די

ערשטע סצענעס, און איז געווען כמעט דיזעלבע הויך ווי מרים, האָט זי דעריבער געקענט איבערנעמען די ראָל, וואָס קומט אויף אין וויטערדיקע סצענעס. אין שוואַרצ׳ס וואוינונג, אין האָטעל „מאָונט ראָיאַל״, איז די טרופּע זיך צוזאַמענגעקומען. בשעת די פּראָבן האָט דער טעלעפאָן ניט אויפגעהערט קלינגען, אָט פון דער יוניאָן אין ניו־יאָרק, און אָט פון שפּיטאָל. ביסלעכווייז האָבן די אַקטיאָרן פאַרשטאַנען, אַז אַלץ איז ניט מער ווי אַן אָנשטעל. לואיס שאַכאַט, דער אַרטיקער אימפּרעסאַריאָ, איז געקומען צולויפן און האָט זיך געבראָכן די הענט. אָבער מען האָט אים באַרויִקט, אַז די פאָרשטעלונג וועט אָנגיין. שרה גינגאָלד האָט ערנסט שטודירט די ראָל און זיך געגרייט צו דעם אויפטריט. די שריפטשטעלערין און אַקטריסע ראָוז שושנה האָט איר געהאָלפן אָנמעסטן די קליידער, נאָר מען האָט גאָרניט געדאַרפט ענדערן. די פאָרשטעלונג האָט זיך אָנגעהויבן, שרה האָט געשפּילט צוערשט איר קליינע ראָל און ווען זי איז אַריינגעלאָפן אין גאַרדעראָב־צימער זיך איבערצוטאָן, איז שוין דאָרטן געזעסן מרים קרעסין אַן איבערגעטאָנענע. ערשט דעמאָלט האָט זיך שרה גינגאָלד געכאַפּט, אַז מען האָט זי גענאַרט. „אַי, אַי, אַי, אַ חכמה!״ האָט זי געזאָגט און מיטגעלאַכט מיט אַלע פון דעם שפּאַס.

ענלעכע עפּיזאָדן פון שטיפעריי זיינען אָפּגעשפּילט געוואָרן אין פאַרשיידענע שטעט און אין פאַרשיידענע צייטן. כדי צו פאַרטרייבן די פוסטקייט און מאָנאָטאָן אין פרעמדע שטעט, נאָכן זען אין שטאָט אַלץ וואָס בויטיק, פלעגט מען איינאָרדענען „באַנקעטן״ פאַר איינעם פון דער טרופּע. דאָס זיינען געווען אַזוינע באַנקעטן ווי למשל דער באַנקעט פאַרן „פּאָעט־אימפּעראַטאָר״ פון קאָלעגן אין ניו־יאָרק, צו וועלכן מען האָט געדרוקט אין די צייטונגען זיין בילד מיטן קאָפּ אַראָפּ. אין פילאַדעלפיע האָבן די אַקטיאָרן זיך איבער־געוואונקען און יעדער האָט כלומרשט אַריינגעוואָרפן זיין אייגענעם נאָמען אין אַ הוט, פון וועלכן מען האָט אַרויסגעצויגן איין נאָמען און ער איז געווען דער זוכה בגורל. אַלע אַקטיאָרן האָבן דעמאָלט פאַרשריבן דעם נאָמען שלמה קרויזע און זיין נאָמען איז אַרויסגעצויגן געוואָרן. ער האָט באַקומען דעם אויבן־אָן אין רעסטאָראַן און יעדער אין דער טרופּע האָט גערעדט וועגן אים. שבחים, לויב־געזאַנגען, סופּערלאַטיוון, פאַרגלייכענישן צו די גרעסטע פון זיין מין. גוזמאות, ניט געשטויגן און ניט געפלויגן, וועגן די מעלות און אייגנשאַפטן וואָס דער בעל־היובל האָט קיינמאָל ניט געוואוסט אַז ער פאַרמאָגט. מען האָט אים צוגעגליכן צו קינסטלער וועמענס נעמען ער האָט קיינמאָל ניט געהערט און וואָס האָבן קיינמאָל ניט עקזיסטירט. די אַלע דרשות זיינען געהאַלטן געוואָרן מיט ערנסט און חשיבות. צום סוף האָט דער בעל־היובל געקראָגן דאָס וואָרט.

קרויזע האָט זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט: „זייער חשובע קאָלעגנער,

אַנטשולדיקט, איך מיין קאָלעגן. ראשית דאַנק איך אייך פאַר די פּעטש, איך מיין דעם אַפּלאָוז און אויך פאַר אייערע טיפּזיניקע דרשות און אָפּשאַצונגען וועגן מיר. אמת, איך האָב דעם באַנקעט כשר פאַרדינט. יעדעס וואָרט וואָס איר האָט געזאָגט איז אמת. נאָר עס וואָלט מיר געווען נאָך מער אָנגעלייגט, ווען איך וואָלט באמת מער פאַרדינט. אַפּנים איר האָט וועגן מיר געזאָגט דאָס וואָס איר ווינטשט זיך אַליין. אָבער עס איז אמת אַז איך האָב געשפּילט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, נאָר מיין סולטאַן איז געווען דער סולטאַן אין ׳שבתי צבי׳; איך האָב געשפּילט פאַר קעניגע, דער קעניג פון ׳אסתר־קע׳. נאָר ווי זאָגט דאָס ווערטל: ׳פון זאָגן קען מען ניט טראָגן.׳ איך דאַנק אייך פאַר דעם גרויסן כבוד. עס איז פאַראַן אַ טעאַטער־עפּיגראַם וואָס גייט אַזוי: איך בין וואָס איך בין / און בין ניט וואָס איך בין / וואָלט איך געווען וואָס איך בין / וואָלט איך ניט געווען וואָס איך בין. פאַרטייטשט מיינט עס: איך בין אַן אַקטיאָר און שפּיל די ראָל פון אַ גביר. וואָלט איך געווען אַ גביר, וואָלט איך ניט געווען קיין אַקטיאָר. אָבער היינט בין איך רייכער ווי דער גרעסטער גביר און הלוואי אויף ווייטער, ביי אייערע באַנקעטן ניט ערגער. איך ענדיק און האָף, אַז יעדער וועט קריגן מער ווי ער פאַרדינט, אָבער ניט קיין באַנקעט.״

.10

שוואַרץ האָט זייער ליב געהאַט פאַרברענגען מיט אַקטיאָרן און ער האָט תמיד געפונען מאַטעריאַל אויף צו שאַפן געלעכטער. אַפילו אין טראַגישע סיטואַציעס אויף דער בינע האָט ער געפונען הומאָר. למשל, אין דער סצענע פון „די דריי מתנות״, ווען יואל קלעזמער שטאַרבט, זיינען אַרום זיין בעט פאַרזאַמלט זיינע זין. יואל (שוואַרץ) גוססט, און מיט די לעצטע כוחות בעט ער די זין, אַלע קלעזמאָרים, זיי זאָלן פאַר אים שפּילן צום לעצטן מאָל. אַלע נעמען די אינסטרומענטן אין די הענט און הויבן אָן שפּילן אַ טרויעריקן ניגון, נאָר איין זון נעמט פלוצים אַ פאַלשן טאָן, כאַפּט זיך דער גוסס׳דיקער יואל אויף און זאָגט: „ווי אַזוי קען איך שטאַרבן אַז ער איז אַזאַ קאַליקע!״ דער עולם אין טעאַטער צעלאַכט זיך און אַזוי פאַלט דער פאָרהאַנג ביי דער טראַגישער סצענע.

אָדער ווי אַ ביישפּיל די שטאַרק דראַמאַטישע סצענע אין „יאָשע קאַלב״: נחום׳טשע דער איידעם פון ניעשעווער רבין האָט פּופּצן יאָר אָפּגעריכט גלות, זיך געפּלאָגט און געוואַנדערט און ער קערט זיך צום סוף צוריק צו זיין ווייב. ר׳ מלך, דער ניעשעוועער רבי, הייסט חוקר ודורש זיין, זיין גבאי ישראל־אַביגדור געפינט סימנים אַז דער פרעמדער איז נחום׳טשע. „יאָ, טאַקע?״ פרעגט ר׳ מלך, „אויב אַזוי, הייס איינהייצן די מקווה.״ אָט די אומשולדיקע פראַזע רופט אַרויס אַ שטורעמדיקן געלעכטער.

מאָריס שוואַרץ איז געווען אַ פּראַקטיקער אויסטייטשער פון כאַראַקטערן, וואָס זיינען לגמרי ניט געווען הומאָריסטיש. מיט אַ קוועטש פון אַן אַקסל, מיט אַ דריי מיט דער האַנט, מיט אַ תנועה, מיט אַ זשעסט, מיט אַן אינטאָנאַציע אָדער מיט אַ מאַנאָטאָן; מיט פאַרבינדן שורות אָדער ווערטער ביי וועלכע עס האָט זיך געגויטיקט אַ הפסקה; מיט גלאַט אַ פּאָזע אָן ווערטער — האָט ער געמאַכט דעם עולם אין טעאַטער צו לאַכן. ווי אין „סענדער בלאַנק", ווען ער ליגט אַ חולה מסוכן אין בעט און ער וויל זיך צוהערן וואָס דער דאָקטאָר זאָגט צו סענדערס משפּחה. סענדער שטעלט זיך פּאַמעלעך אויף, ער איז אָנגעטאָן אין אַ נאַכט־העמד, דאָס בעט שאָקלט זיך און ער בויגט זיך אַריבער צו הערן וואָס מען שושקעט זיך. דער עולם קייכט פון געלעכטער פון דער קאָמישער סיטואַציע.

פופציק יאָר פון מיין לעבן האָב איך זיך פאַרנומען מיט דעם יידישן טעאַטער. איך האָב דעם דיבוק פון טעאַטער אין מיר ניט געוואָלט פאַרטרייבן. איך האָב אים קיינמאָל ניט געוואָלט מחרים זיין. איך האָב דורך די אַלע יאָרן ניט אויפגעהערט צו שטודירן דעם טעאַטער און געהאַט עקסטאַטישע מאָמענטן וואָס האָבן מכפּר געווען אַלע שעה'ן פון ספיקות און אָפּקומעניש.

איך האָב מיינע יאָרן ניט געפּטרט. די סביבה פון טעאַטער איז מיר געווען ליב און טייער און מיר דערמעגלעכט זיך צו באַקענען מיט אַרטיסטן, שריפט־שטעלער, קאָמפּאָזיטאָרן, שוישפּילער, כאָרעאָגראַפן, טעאַטער־טעכניקער, רעזשיסאָרן, קריטיקער פון יידישע און ענגלישע צייטונגען און זשורנאַלן און איך בין פון אַלעמען אָנגערעגט און אינספּירירט געוואָרן מיט אַ באַגער דאָס צו פאַרצייכענען ווי באַטיצן אָדער סקיצן פון מיינע דערפאַרונגען אין און אַרום דעם טעאַטער, אין און אַרום דעם יידישן קונסט־טעאַטער און פון דער הערלעכסטער פיגור, דעם ווערסאַטילן, גרויסן קינסטלער מאָריס שוואַרץ.



פאַרוואָס קריכן מענטשן אויף הויכע בערג,
אויף אייז־גליטשיקע הויכן און שפּיצן?
צו ווייזן זיי זיינען דאָס העכסטע געווערק
און זיכערע טריט באַזיצן.